## נחמיה צוקער

# שיף „אַטלאַנטאַ"




## ראָמאַן

פון יידישן אימיגראַנטן-לעבן אין אַרגענטינע

אין פיר טיילן

# שיף אטלאַנטאַ

## ראָמאַן

פון יידישן אימיגראַנטן-לעבן אין אַרגענטינע

אין

פ י ר   ט י י ל ן

פון

## נחמיה צוקער



ב אַ נ ד   א י י נ ס

אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
פריינט פון מחבר

ב ו ע נ אָ ס   א י י ר ע ס
1952

# VAPOR ATLANTA

(SCHIF ATLANTA)

*Novela*

DE LA VIDA JUDIA EN LA ARGENTINA

EN DOS TOMOS

POR

**NECHEMIAS ZUCKER**

שער-בלאַט געצייכנט פֿון יעקב וואָלבערג



BUENOS AIRES

1952



# דער שווימענדיקער „אינטערנאַציאָנאַל"

דאָס איז געווען דעם 30-טן מאַי 1923.

די איטאַליענישע שיף „אַטלאַנטאַ" פון דער קאָסוליטש-געזעלשאַפט, איז שוין דעם 13-טן טאָג געשוואומען אויפן וואַסער אָן אָפּשטעל און כאָטש לויט דעם פאַר-פּלאַן האָט זי שוין צומאָרגנס באַדאַרפט אַנקערן נעבן די ברעגן פון לאַס פּאַלמאַס, האָט קיינער פון די עמיגראַנטן, וואָס האָבן אויסגעפילט די גרויסע קעלערן פון דער שיף, נישט געגלויבט, אַז די „אַטלאַנטאַ" וועט טאַקע שוין מאָרגן זיך דערנענטערן צו אַ ברעג, ווייל צו טיף איז די שיף געזעסן אין וואַסער צוליב דער שווערער משא וואָס זי האָט געפירט אויף זיך און צו פּאַמעלעך האָט זי זיך גערוקט פאָראויס אויף דעם אומענדלעך ווייטן און ברייטן אַטלאַנטישן ים.

ארויסגעפאָרן איז די „אַטלאַנטאַ" פון טריעסט דעם 14-טן מאַי, נאָכ-דעם ווי זי האָט אויף זיך אַרויפגענומען אַריבער ניין הונדערט עמיגראַנטן פון די עטלעכע טויזנט, וואָס האָבן דערווייל געוואוינט אין דעם גרויסן עמיגראַנטן האָטעל פון דער קאָסוליטש-געזעלשאַפט און געוואַרט אָפּצו-פאָרן אין די ווייטע, אומבאַקאַנטע לענדער.

צווישן די אַריבער ניין הונדערט עמיגראַנטן האָבן זיך געפונען בלויז עטלעכע פאַליאַקן פון מזרח און מערב גאַליציע און די איבעריקע עמי-גראַנטן-מאַסע איז באַשטאַנען פון בלויז יידן.

די ערשטע סטאַציע וואָס די שיף האָט געמאַכט, איז געווען נעאַפּאָל. דאָרט האָט די שיף אויפגענומען נאָך אַ צוויי הונדערט עמיגראַנטן און אויך פון די ניי-אַרויפגעקומענע אויף דער שיף, זיינען די מערסטע געווען יידן.

פון די צוויי הונדערט וואָס זיינען אַרויף אויף דער שיף אין נעאַפּאָל, זיינען בלויז אַ טייל געווען פון פוילן און גאַליציע, אָבער צווישן די אַנדע-רע האָבן זיך געפונען ספרדישע יידן פון איטאַליע גופא און פון יוגאָס-לאַוויע און אפילו עטלעכע יידן פון טריפּאָלים, וועלכע האָבן געטראָגן

אנשטאט די אייראָפּעאישע קליידונג — לאַנגע טוניקעס און טורבאַנען אויף זייערע קעפּ.

אַ גאַנצן מעת-לעת האָט זיך די „אַטלאַנטאַ" אויפגעהאַלטן אין פּאָרט פון נעאַפּאָל און דעם גאַנצן מעת-לעת, ביי טאָג ווי ביינאַכט, האָט מען נישט אויפגעהערט אַרויפלאָדענען אויף דער שיף פאַרשידענע קאַסטנס, זעק, מאַשינען אַרומגעקלאַפּטע מיט געהילץ און לויט וויפיל מען האָט אַלץ אַרויפגעבראַכט אויף דער שיף און אַראָפּגעלאָזן אין אירע טיפע אינגעווייַדן, האָט עס אויסגעזען ווי די שיף וואָלט געוועזן אָן אַ דנאָ.

און פונקט אַזוי ווי מען האָט די פאַרשידענע משא'ס אַראָפּגעלאָזן אין די טיפענישן פון דער שיף, אַזוי האָט מען אויך די עמיגראַנטן אַריינ-געפּאַקט אין די טיפע געמיינזאַמע קעלער-קאַיוטן וואָס זיינען געווען איינ-געאָרדנט מיט צוויי-שטאָקיקע שמאָלע געלעגערלעך צוגעפּעסטיקט אויף אייזערנע לייטערלעך און פונקט אַזוי ווי די משא-זעק אין ענלעכע קעלער-אָפּטיילונגען, אַזוי האָט מען דאָ אַריינגעלאָדעוועט די עמיגראַנטן הארט איינער נעבן אַנדערן און איינער איבער דעם אַנדערן און כאָטש די שיף איז שוין בעתן אָפּפאָרן פון טריעסט געווען פול-געפּאַקט, האָט מען אין נעאַפּאָל אַרויפגעבראַכט נייע צוויי הונדערט מענטשנקינדער און זיי אַריינגעפּאַקט אין די טיפע קעלערן פון דעם גרויסן שווימענדיקן קאַסטן וואָס האָט זיך גערופן שיף „אַטלאַנטאַ".

די „אַטלאַנטאַ" האָט אויך געהאַט אַ צווייטע קלאַס מיט אַ קאַפּאַ-ציטעט פאַר עטלעכע זעכציק פּערזאָן, צו צוויי און צו דריי אין אַ קאַ-מעראַטע און זי האָט אויך געהאַט עטלעכע קאַמעראַטעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אימפּראָוויזירטע, אויף שנעל צונויפגעשטעלטע אין צווישן-דעק פאַר קלענערע עמיגראַנטן-גרופּעס פון דריטן קלאַס, וועלכע האָבן געקאָנט צוצאָלן דעם באַטרעף פון צען דאָלער פאַר אַ קאָפּ, כדי נישט צו דאַרפן ליגן אין דער טיפעניש און אין געדראַנג צווישן דריי הונדערט און מער עמיגראַנטן אין איין קעלער-קאַמער.

באַרעכענענדיק, אַז די גאַנצע שיף-קאַרטע, אַריינגערעכנט די רייזע-קאָסטן מיט דער באַן פון די אַלטע היימען אין פּוילן, גאַליציע אָדער אַנ-דערשוואו, צו פאָרן איבער טשעכיען, ווין, ביז טריעסט און דאָרט וואַרטן אין אימיגראַנטן-האָטעל, האָט געקאָסט נישט מער ווי צוויי און פערציק דאָלער, האָבן אַזעלכע צען דאָלער געשפּילט אַ היפּשע ראָל און ווען די שיף איז אַרוים פון טריעסט, זיינען נאָך עטלעכע אַזעלכע צווישן-דעק קאַמעראַטעס געווען ליידיק, נאָר בלויז נאָכן איבערשלאָפן איין נאַכט אין די טיפע געמיינזאַמע קאַמערן, האָבן זיך עמיגראַנטן באַלד אינדער-פרי אָנגעהויבן שטויסן צו דער שיף-אַדמיניסטראַציע, עס איז געקומען צו

געשלעגן, ווייל יעדער האָט געוואָלט צוקומען פריער, כדי צו פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ און מען האָט געמוזט מאָביליזירן מאַטראָזן וועלכע האָבן איינגע-שטעלט אָרדענונג און וויניק זיינען געווען די גליקלעכע וואָס האָבן באַ-קומען פּלעצער אין די צווישן-דעק-קאַמעראָטן, ווייל באַלד האָט מען דער-קלערט, אַז מער איז קיין פּלאַץ אין זיי נישט פאַראַן.

די קנאַפּע דרייסיק קאַיוטן פון צווייטן קלאַס זיינען געווען פאַרנומען פון עטלעכע זעכציק פּערזאָן. די עטלעכע זעכציק אויסגעוויילטע האָט מען גערופן „פּאַסאַזשירן" און די טויזנט פון אונטן, אין די קעלערן פון שיף — עמיגראַנטן.

געווען אויף דער שיף נאָך עטלעכע פּאַסאַזשירן, פּראָטעקטירטע פון דער איטאַליענישער רעגירונג אָדער פון דער קאַטוליש-געזעלשאַפט, זיי האָבן געהאַט ספּעציעלע קאַמעראָטן אין דער הויך, נעבן די קאַמע-ראַטן פון קאַפּיטאַן און זיינע נאָענטסטע געהילפן.

צווישן די פּראָטעקטירטע איז געווען אַ קאָמיסאַר פון דער רעגירונג, וועלכער איז מיטגעפאָרן אַלס באַאָבאַכטער און אַכטונג-געבער, אַז די עמיגראַנטן זאָלן גוט באַהאַנדלט ווערן, און אַ פּאָליאַק, וועלכער איז דע-לעגירט געוואָרן אַלס וויכטיקער באַאָבאַכטער אין פּוילישן קאָנסולאַט אין בראַזיליען, און דריי זשורנאַליסטן, איינער אַן איטאַליענישער, דער צווייטער אַ דייטשער, פון ווין, און אַ פּוילישער; אגב זיינען אַלע דריי זשורנאַליסטן געווען יידן.

קיין ערשטע קלאַס האָט די שיף נישט פאַרמאָגט.

גרוים איז געווען די פרייד פון די עמיגראַנטן, ווען די שיף האָט ענד-לעך פאַרלאָזן דעם פּאָרט פון טריעסט.

די מאַסע פון קנאַפּע טויזנט עמיגראַנטן, איז באַשטאַנען פון ניינ-ציק פּראָצענט יונגע מענטשן, וועלכע האָבן אין זייערע אַלטע היימען פאַר-לוירן דעם באָדן אונטער זייערע פיס. דאָס זיינען געווען יונגע מענטשן מיט אַ סך אָנגעזאַמלטער ענערגיע, וועלכע האָט נישט געקאָנט קומען צום אויסדרוק אין זייערע אַלטע היימען און די ענערגיע האָט זיי גע-שטויסן צו זוכן אַ נייע היים, וואו זי זאָל קענען אויסגענוצט ווערן פאַר אַרבעט און שאַפונג.

אַרויספאָרנדיק פון טריעסט, האָט די יוגנטלעכע מאַסע געפילט, אַז די קייטן וואָס האָבן זיי געהאַלטן צוגעשמידט צו זייערע אַלטע היימען אין משך פון דורות, ווערן לויזער און אַז די שווערע משא וואָס די רע-גירונגען און די טשינאָווניקעס פון זייערע אַלטע היים-לענדער האָבן אויף זיי אַרויפגעוואָרפן, הויבט אָן אַראָפּפאַלן פון זייערע דערדריקטע גופים און אָט פאָרט מען אין אַ ווייט לאַנד, אַ ניי לאַנד, דאָס לאַנד פאָדערט אַר-

בעטס-כוחות אויף אַלע געביטן און די יונגע עמיגראַנטן פילן אין זיך די כוחות און זיי ווערן באַהערשט פון פרייד, און מיט גרויסן שיקן זיי פאָראויס זייער ברכה צו דעם ווייטן לאַנד וואָס גרייט זיך איצט זיי אויפ-צונעמען מיט אָפענע אָרעמס און וואו זיי האָפן צו געפינען די צוויי וויכ-טיקסטע עלעמענטן וואָס זיינען נויטיק פאַרן לעבן — אַרבעט און ברויט.

אין נעאַפּאָל האָט די שיף באַדאַרפט שטיין אַ גאַנצן מעת-לעת און די יונגע עמיגראַנטן האָבן אויסגעפּויעלט פאַר זיך דערלויבענישן צו באַ-זוכן די שטאָט און האָבנדיק שוין געכאַפּט אַ ביסל ווערטער אין איטאַ-ליעניש, האָבן אַ סך פון זיי באַוויזן איינצוהאַנדלען פאַרשידענע „מציאות״ אין דער געגנט פון פּאָרט; אַנדערע האָבן זיך געלאָזן באַקוקן די שטאָט און געווען אויך יחידים, וואָס האָבן דווקא געוואָלט מאַכן אַ שפּאַציר צום רויכערנדיקן „וועזופ״, וועלכער האָט אַמאָל אין די אַלטע צייטן מיט זיין פייער-שפּייענדיקער לאַווע חרוב געמאַכט די שיינע, אָבער זינדיקע שטאָט פּאָמפּיי און זי באַגראָבן אונטער אַ דיקן שיכט אַש...

אַנדערש איז אָבער געוואָרן די רייזע נאָך דעם אַרויספאָרן פון נעאַ-פּאָל.

אַ סך פון די אַרויפגעקומענע עמיגראַנטן האָבן פאַרכאַפּט געלעגערס פון פריערדיקע עמיגראַנטן וואָס האָבן געמאַכט דעם שפּאַציר איבער דער שטאָט און עס איז געקומען צו געשלעגן און מאַטראַזן האָבן געמוזט איינשטעלן די אָרדענונג אויף כוח און עס האָט געדויערט גוטע צוויי טעג, ביז די עמיגראַנטן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער סיטואַציע און זיי האָבן זיך געזוכט איינצואָרדענען ביי די שווערע באַדינגונגען אויף אַ וואָס-בעסערן אופן און שליסן שלום מיט די שכנים.

נאָך דער פרייד בעתן אָפּפאָר פון טריעסט און נאָך דעם קאַמף פאַר דער איינאָרדענונג אין די געמיינזאַמע קעלער-קאַסטנס, איז געקומען די בענקשאַפט וואָס האָט זיי באַהערשט און אויסגעשפּרייט אויף זייערע פּנימער אַן אומעט און אָט האָט זיך אַ יונגער בחור אוועקגעזעצט נעבן באַריער פון שיף און קוקנדיק אויף צוריק אין דער ווייטקייט וואו עס ליגט זיין אַלטע היים, האָט ער פאַרצויגן אַן אומעטיקן ניגון אויף זיין גאַרמאָשקע און באַלד איז צו אים צוגעקומען אַ צווייטער בחור, געזעצט זיך נעבן אים און מיטגעזונגען די מעלאָדיע און אַ מיידל איז צוגעקומען, געפרעגט צי מען מעג און זיך אויך אוועקגעזעצט און אַזוי האָבן זיך געשאַפן גרופּעס צונויפגעשטעלטע, פון נעכטן-ערשט אומבאַקאַנטע מענטשן און היינט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן פילן ווי שוועסטער און ברי-דער פון איין שיף, וואָס פירט זיי אַלע מיט די זעלבע חלומות און שטרע-

בינגען צו דעם ווייטן לאַנד, אָבער אויך צו פאַרשידענע גורלות וואָס עס דערוואַרטן זיי דאָרט...

מיט יעדן טאָג מער אויף דעם גרויסן ים, איז די פאַמיליאַ-ריטעט צווישן די עמיגראַנטן פון פאַרשידענע שטעט און לענדער געוואָרן קענטיקער און אָפטער האָט מען געהערט די ווערטער „שיף-ברידער" און „שיף-שוועסטער"; די פאַרוואָגלטע מענטשן וואָס האָבן זיך אויסגע-זאָרצלט פון זייערע אַלטע היימען האָבן זיך געפילט ווי זיי האַלטן ערשט אין ווערן ווי אויפסניי געבוירן אין אַ פרעמדן ווייטן לאַנד, די שיף וועט זיי דאָרט אַרויסגעבן פון אירע איינגעווייידן צו אַ נייעם לעבן און אין דעם בויך פון דער שיף ווערן זיי פאַראייניקט ווי ברידער און שוועסטער אויף אייביק.

געוועזן אויך אויף דער שיף אַ צאָל עלטערע מענער און פרויען, מענער מיט שוואַרצע, האַלב-גרויע און גאַנץ גרויע בערד, מאַנכע פון זיי אויך מיט פאות, זיי האָבן זיך גרופּירט באַזונדער, דריי מאָל אין טאָג האָבן זיי פאַרמירט אַ מנין און מען האָט געדאַוונט און געהערט זאָגן „קדושא" און „ברכו", צום מנין האָבן זיך אָפּט צוגעשאַרט אויך יונגע בחורים, אַריינצוכאַפּן אַ קדיש נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם פאָטער אָדער מוטער און עס האָט אויך געטראָפן, אַז יוגנטלעכע יאַטן האָבן זיך צעקריגט און צע-שלאָגן און עלטערע פרומע יידן האָבן אינטערוועניִרט און איינגעשטילט זיי מיט דער בלויזער דערמאָנונג, אַז עס איז אַ חילול השם אַז יידן זאָלן זיך שלאָגן צווישן זיך, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין גענוג געשלאָגן געוואָרן פון אַנדערע...

נאָך עטלעכע טעג רייזע, איז שוין געווען איינגעשטעלט אַ געוויסע האַרמאָניע אין דעם צוזאַמענלעבן פון די אַריבער טויזנט יידישע מענטשן-קינדער. פריינטשאַפט און ברידערלעכקייט איז געשלאָסן געוואָרן און יעדן פרימאָרגן, ווי נאָר עס האָט זיך איינגעשטילט דער האַראַמידער בעת דעם אַרומוואַשן זיך ביי די געמיינזאַמע קראַנען איינס נעבן אַנ-דערן און נאָכן האָבן פאַרלאָזן די ריי מיט דעם באַקומענעם פרישטיק און קאַפע, האָבן זיך גרעסערע און קלענערע גרופּעס שיף-ברידער און שוועסטער אויסגעזעצט אויף דער ערד אויפן שיף-דעק און אָנגעהויבן דערציילן עפּיזאָדן און איבערלעבענישן און מערסטנס האָבן זיך אַזעלכע דערציילונגען פאַרענדיקט מיט פאַרציען אַ ניגון, מיט אַ ליד, אָדער מיט אַ כאָראַלן געזאַנג.

און אַ וואונדערלעכע זאַך: די יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך צונויפגרו-פּירט זיינען נישט אַלעמאָל געווען קינדער פון דיזעלבע געגנטן, מיט דעמזעלבן לעבנס-שטייגער, נאָר דווקא פון פאַרשידענע געגנטן און אַפילו

לענדער. געווען גרופּעס צו צען און פופצן יונגע מענטשן צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען פּוילישע, גאַליציאַנער, ליטוואַקעס פון ביאַליסטאָק און טיפּע ליטוואַקעס פון קאָוונע, וועמענס יידישער דיאַלעקט איז אַזוי דיפערענט פון דעם גאַליציאַנער יידיש, אַז איינער דעם צווייטן האָט שווערלעך פאַרשטאַנען, און דאָך האָט עס זיי דוקא געצויגן איינס צום צווייטן און עס איז געווען אַזוי, אַז ליטווישע בחורים האָבן זיך זייער גערן געחבר׳ט מיט גאַליציאַנער מיידלעך און פאַרקערט, גאַליציאַנער מיידלעך מיט ליטווישע בחורים.

אויך די עלטערע עמיגראַנטן האָבן זיך גרופּירט צווישן זיך און פאַרבראַכט צוזאַמען מיט דערציילן זיך און אַראָפּריידן זיך פון האַרצן פאַרוואָס מען האָט זיך געלאָזן אויף אַזאַ ווייטן וועג און אויסהערנדיק די התנצלותן, האָט מען אויפסניי איבערגעפילט די רדיפות און נגישות וואָס מען האָט געהאַט אויסצושטיין פון דעם אַנטיסעמיטיזם אין די אַלטע היימען און ווען עלטערע יידן, איבערהויפּט יידן פון גאַליציע האָבן גענומען דערציילן ווי אַזוי עס האָט זיך אַמאָל געלעבט אונטער דעם קייסער פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, האָבן די שילדערונגען געקלונגען ווי אַן אַלט פאַרגאַנגענער חלום.

געווען אויף דער שיף אַ היפּשע גרופּע פון וואַרשעווער וואוילע יונגען, טרעגער, פורמאַנעס פון פּראַגע, יונגע און מיטעלעריקע האַרע-פּאַשניקעס, זיי האָבן זיך געהאַט זייערע שפּילן פון „מאַצאַוואַניעס" און „פּאַטשן זיך אויף די הינטנס" און נאָך אַזעלכע ענלעכע שפּילן ביי וועלכע זיי האָבן געקאָנט באַפרידיקן זייערע טעמפּעראַמענטן, באַווייזנדיק זייער פיזישע גבורה און כאָטש זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ ביטול-באַציאונג צו דער גרופּע פרומע יידן, וואָס האָבן זיך גרופּירט באַזונדער און פאַרבראַכט זייער צייט מיט זאָגן תהילים, איז אָבער געווען אַז אָך און אַז ווייי צו דעם גויעץ, וואָס האָט זיך געוואַגט צו פאַרטשעפּען מיט אַזאַ יידן, ווייל די וואַרשעווער יאַטן האָבן שוין אַזאַ איינעם צוערשט געלערנט דרך-ארץ אויף זייער אופן און דערנאָך האָבן זיי אים ביי יעדער געלעגנהייט געהאַט אויפן אויג און דער רשע האָט עטלעכע טעג נישט געוואַגט זיך צו ווייזן פאַר זייערע אויגן.

צווישן דער גרויסער מאַסע יידישע עמיגראַנטן האָבן זיך אויך געפונען אַ סך אינטעליגענטע יונגעלייט וואָס אַ חוץ בילדונג, האָבן זיי אויך געהאַט אַ געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטייאישע דערציאונג און פאַרשטייט זיך, אַז אויך זיי האָבן זיך גרופּירט באַזונדער און אַזוי ווי צווישן זיי האָבן זיך געפונען בונדיסטן, ציוניסטן, פּועלי-ציוניסטן רעכטע און לינקע און אויך קאָמוניסטיש געשטימטע, האָבן זיי פאַרבראַכט די טעג

מיט דיסקוסיעס און אידעאָלאָגישע קאַמפן און פונקט ווי די וואַרשעווער וואוילע יונגען האָבן אָנגעצויגן פעסטער זייערע מוסקולן און אָנגע־שטרענגט זייער פיזישע גבורה צו קענען לייגן איינער דעם אַנדערן אויף די לאָפּאַטקעס, אַזוי האָבן דאָ די אינטעליגענטע אידעאָלאָגן אָנגע־שטרענגט זייערע מוחות כדי אַרויסצוברענגען זייערע אַרגומענטאַציעס וואָס זאָלן צונישט מאַכן די אַרגומענטאַציעס פון קעגנערישן צד.

אויפן זעקסטן טאָג נאָך דעם אַרויספאָרן פון נעאַפּאָל, האָט זיך אויפן ים אויפגעהויבן אַ שטורעם; די שיף האָט זיך צוערשט אָנגעהויבן פּאַ־מעלעך וויגן און וואָס ווייטער האָט זי זיך צעוויגט שטאַרקער און שטאַר־קער, ביז זי האָט זיך אָנגעהובן בייגן אויף אַראָפּ צו דער רעכטער זייט און דאַן צו דער לינקער און אַזוי טיף, אַז עס האָט אויסגעזען, אַז אָט אָט און זי קערט זיך איבער און אַ ביסל שפּעטער האָט זיך דער שטורעם ווי אַרונטערבאַקומען אונטער דעם וואַסער און ער האָט אונטן אָנגע־הויבן בושעווען, אויפהויבנדיק הויכע כוואַליעס, וואָס האָבן אַרויפגע־כאַפּט די שיף אויף זייערע רוקנס און זי אויפגעהויבן אַמאָל פון פאָרנט און אַמאָל פון הינטן און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער ים־קראַנקייט און די יונגטלעכע יאַטן, כאָטש אַליין ווייסע ווי קאַלך מיט טויזנט איבלענישן אין האַרצן, האָבן זיי געהאָלפן דעם שוואַכן מין אי־בערקומען די שווערע צייט פון דער ים־קרענק און ווען עס האָט אויפ־געלויכטן אַ נייער טאָג און דער ים איז שוין ווידער געווען רואיק און די „אַטלאַנטאַ” האָט זיך ווידער פּאַמעלעך, נאָר רואיק, געשלעפּט אויפן וואַסער, זיינען די גרופּעס ווידער דערשינען אויפן דעק און די פריינט־שאַפט און פאַמיליאַריטעט איז נאָך דעם איבערקומען די ים־קרענק גע־וואָרן פיל פיל שטאַרקער.

די וואַרשעווער יאַטן האָבן זיך ווידער גענומען צו זייערע וואַלקעס און זיי האָבן זיך געפילט שטאָלץ, וואָס נישט נאָר אַ סך מיידלעך און יונגע ווייבלעך פון דריטן קלאַס, זייערע שיף־שוועסטער, האָבן באַ־וואונדערט זייער קראַפט און עלאַסטישקייט, נאָר וואָס אפילו די פיין־פּאַרפּוצטע פרויען פון צווייטן קלאַס זיינען געשטאַנען אַריבערגעלענט אויפן באַריער און פונדערהויך אַראָפּגעקוקט אויף זיי און אַפּלאָדירט יעדן געלונגענעם אָנגריף.

אויך די יונגטלעכע אינטעליגענטן האָבן זיך ווידער גרופּירט און פאַרגעזעצט מיט זייערע דיסקוסיעס, ביז פּלוצלינג האָט איינער, אַ בלאָ־סער קאָוונער בחור מיט ברילן, געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל דאָ פּרואוון אויף דער שיף דורכפירן אַן אַנקעטע פון וואָס פאַר אַ מענטשן־מאַטעריאַל עס באַשטייט דאָ די גרויסע עמיגראַנטן־מאַסע.

בעת עלטערע האָבן ליב איבערטראַכטן וועגן זאַכן, האָבן יונגע אַ טרייב-קראַפט צו שנעלע באַהאַנדלונג און זיי האָבן עס אויפגענומען ווי אַ פיין שפּיל- און צייט-פאַרטרייב, וואָס שאַפט אויך אַ היפּשן אינטע-רעס; און באַלד איז דער ווילנער בחור אַוועק אין „קעלער" און געבראַכט פאַפּיר, חברה האָט זיך פאַרטיילט מיט אַרבעט און דאָס שפּיל האָט זיך אָנ-געהויבן.

שוין אויפצומאַרגנס האָט דער ווילנער בחור פאַרגעלייענט דעם רע-זולטאַט פון דער אַנקעטע וואָס איז דערוויל דורכגעפירט געוואָרן ביי אַ העלפט פון דער צאָל אידישע עמיגראַנטן, צווישן וועלכע עס זיינען פאַראַן שניידער, שוסטער, בעקער, זאַגאַטאָוושיקעס (אויבער טייל-מאַכער), גאַרבער, עלעקטריציסטן, מעכאַניקער, קעלנער, פריזירער, פורמאַנעס, טרעגער, איין בריליאַנטן-שלייפער, אַ סופר, אַ דרייסיק פּראָצענט סוחרים און אַ צען פּראָצענט אָן באַשטימטער באַשעפטיקונג, אין וועלכע עס ווערן אַריינגערעכנט מעקלער, לופט-מענטשן און די יוגנטלעכע וואָס זיינען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע היימען נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן עפּעס אויסצולערנען.

צווישן די הונדערט צוויי פרויען זיינען פאַראַן העמדער-נייטאָרינס, מאָדיסטינס, שטריקערינס, קליידער-נייערינס און צוויי און פערציק פּראָ-צענט פון שטוב-אַרבעט.

— מיט אַזאַ פאַרמעגן פון פאַכלייט, בילדן מיר דאָ אויף דער שיף אַ גאַנצע שטאָט! — האָט איינער אויסגערופן און אַ צווייטער האָט דערויף געענטפערט: — אמת, לויט דער אַנקעטע, איז אונזער „תבה", וואָס רופט זיך „אַטלאַנטאַ" אַ שווימענדיקע יידישע שטאָט; אָבער לויט אונ-זערע דיאַלעקטן, אָפּיציעלע נאַציאָנאַליטעטן און אונזערע אידעאָלאָגיעס, שטעלט די „אַטלאַנטאַ" מיט זיך פאַר אַ שווימענדיקן אינטערנאַציאָנאַל!..

דער שטורם-וועטער מיט דער ים-קרענק איז שוין געווען פאַרגעסן. די שיף האָט זיך געשלעפּט פאַמעלעך און זיכער און פונקט אַזוי פאַ-מעלעך האָבן די עמיגראַנטן אָפּגעשטופּט די טעג מיט תהילים זאָגן, מיט מעשות, מיט דיסקוסיעס און מיט „וואַלקעס" און ווען עס האָבן זיך אויפן דרייצנטן טאָג נאָכן אַרויספאָרן פון נעאַפּאָל פון ווייטן באַוויזן קאָנטורן פון בערג און מען האָט שוין לויט דעם רייזע-פּלאַן גע-וואוסט, אַז מאָרגן דאַרף די שיף אַנקערן ביי די ברעגן פון לאַס-פּאַלמאַס, האָט פונדעסטוועגן קיינער נישט געגלויבט, אַז די שיף וועט טאַקע אַזוי שנעל צוקומען צו אַ ברעג; ערשט ווען די סמנים פון דער יבשה זיינען געוואָרן קענטיקער, האָט זיך צווישן די עמיגראַנטן צעשפּילט אַ פרייד וואָס האָט זיך ביי יעדער גרופּע מאַניפעסטירט אויף אַן אייגענעם אופן

און אַן אומגעדולד האָט שוין אַלעמען אַרומגעכאַפּט צו דערלעבן דעם מאָרגנדיקן טאָג, ווען מען וועט אפשר קענען אַראָפּגיין פון שיף און נאָך דרייצן לאַנגע טעג וואָס מען האָט נישט מער געזען ווי הימל און וואַסער, וועט מען קענען שטעלן די פיס אויף פעסטן ערדישן באָדן.

קיינער פון די עמיגראַנטן האָט אין דער גרויסער פרייד נישט געהאַט קיין אַנונג, אַז די נאַכט פאַר לאַס פּאַלמאַס וועט פאַר זיי זיין א זייער שווערע און אַז די נאַכט וועט זיי בלייבן אין זכרון אויפן גאַנצן לעבן.



## ב

# צווישן לעבן און טויט

דער נאָכמיטיק פון 30־טן מאי 1923, איז פאַר די עמיגראַנטן פון דער שיף „אַטלאַנטאַ״ געווען אַ יום־טוב.

זיכערע ניינציק פּראָצענט פון די אַריבער עלף הונדערט עמיגראַנטן, האָבן זיך געפונען אויף דעם שיף־דעק און וויפיל די מענטשן האָבן זיך געוואָלט גרופּירן אין די באַזונדערע גרופּעס, האָט אָבער די גרויסע צאָל מענטשן פאַראורזאַכט אַן ענגעניש וואָס האָט געצוואונגען, אַז די גרופּעס זאָלן זיך געפינען האַרט איינע נעבן די אַנדערע און דאָס האָט אָפּגעווישט די מחיצות צווישן זיי און עס האָט אויסגעזען ווי די אַלע עמיגראַנטן וואָלטן דאָ געווען איין גרויסע פאַראייניקטע משפחה וואָס פּראַוועט אַ בשותּפותדיקן יום־טוב, כאָטש יעדע גרופּע האָט פונדעסטוועגן אויסגעשפּילט די פרייד אויף אַן אייגענעם און אייגנאַרטיקן אופן.

די צאָל פון אַ דריי צענדליק עלטערע פרומע יידן האָט זיך אויסגעזעצט אויף אַ קופּע שטריק וואָס איז געלעגן אָנגעהויפט אין אומאָרדענונג אַרום אַ מאַסט, עטלעכע פון זיי האָבן געהאַלטן די תהילימלעך אין די הענט און פון ציט צו צייט אויפגעמישט אַ בלעטל און שטיל אַרויסגעשעפּצעט אַ קאַפּיטל, און אַנדערע האָבן גערעדט צווישן זיך, וועגן די גרויסקייטן פון גאָטס שאַפונג; אָט זעט מען שוין פונוויטן סמנים פון גאָטס געבענטשטער ערד; איידער גאָט האָט באַשאַפן די ערד, איז אַלץ און אַלעס געווען בלויז וואַסער און וואַסער; דרייצן טעג האָבן מיר געזען ווי אַזוי דאָס האָט אַמאָל, פאַר בראשית, אויסגעזען; בלויז וואַסער און וואַסער און אָט זעט מען איצט די גרויסקייט פון גאָטס באַשאַף, מיר זעען ערד, מיר זעען אַ וועלט:...

הערנדיק די ווערטער „ערד״ און „וועלט״, האָבן אפילו די יידן וואָס האָבן נאָר וואָס געקוקט אין תהילימל, אַרויפגעקוקט צו דער ווייטקייט פונוואַנען עס האָבן זיך אַנטקעגנגעהויבן טונקל־גרויע בערג, זייערע בליקן האָבן זיך דאַן געהויבן צום הימל און באַלד האָבן זיי זיך צוריק־

נעכאפּט צום תהילימל און שטיל אויסגעמורמלט: — „ברכי נפשי את יהוה”...

האַרט נעבן דער גרופּע עלטערע אידן, איז געזעסן די גרופּע אינטע־ליגענטן, וואָס כאָטש צווישן זיי זיינען געווען אינגערע און עלטערע, האָבן זיי זיך שנעל באַקענט אויף דער שיף און זיך געהאַלטן צוזאַמען און איצט זיינען זיי געזעסן האַרט איינער נעבן צווייטן, איינער האָט אויס־געשפּרייט אַ מאַפּע און געוויזן מיט אַ בליישטיפט אויף אַ פּונקט, זאָגנ־דיק, אַז דאָס איז לאַס פּאַלמאַס, וואָס כאָטש לאַס פּאַלמאַס, די הויפּט־שטאָט פון די קאַנאַריען־אינדזלען איז אויפן אַפריקאַנער קאָנטינענט, געהער עס צו שפּאַניע און ווייל עס איז נישט שפּאַניע, נאָר עס געהערט בלויז צו שפּאַניע, איז עס בלויז אַ קאָלאָניע און ער איז זיכער, אַז די מענטשן לעבן נאָך דאָרט אין אַ האַלב אָדער גאָר אין אַ גאַנץ ווילדן צושטאַנד...

אַ צווייטער פון דער גרופּע האָט גענומען אַ וואָרט און געזאָגט, אַז שפּאַניע איז אַמאָל געווען דאָס גרעסטע און קולטורעלסטע לאַנד אין דער וועלט און אידן האָבן דאָרט געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע, ביז אַ משוגענע פרומע קייזערין האָט זיך צוגעהערט צו די אַגיטאַציעס פון די גלחים און גענומען אַרויסטרייבן יידן און שפּעטער גאָר איינגעפירט אַן אינקוויזיציע וואָס האָט טאַקע דעם יידישן פאָלק געקאָסט אַ סך קרבנות, אָבער שפּאַניע איז דערפאַר אַראָפּ פון איר גדולה און כאָטש עס איז שוין מער ווי פיר הונדערט יאָר זייט די גזירות־שפּאַניע, האַלט נאָך אַלץ אָן דער באַרעכטיקטער חרם פון יידישן פאָלק קעגן שפּאַניע און קיין ייד וויל נישט פאָרן אַהין און דאָס לאַנד וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אויפהויבן פון דעם אָפּגרונט אין וועלכן עס האָט זיך אַליין אַריינגעוואָרפן.

אַ דריטער האָט אויסגעדריקט זיין וואונטש צו קענען זען די שטאָט און ווער ווייסט צי דער קאַפּיטאַן וועט דערלויבן אַז עמיגראַנטן זאָלן אַראָפּגיין פון שיף, און צי די שיף וועט זיך גענוג לאַנג אויפהאַלטן אין פּאָרט פון לאַס־פּאַלמאַס, אַז עס זאָל זיין צייט צו זען די שטאָט.

נעבן דער גרופּע אינטעליגענטן, האָבן זיך כסדר גרופּירט אַרומגייענ־דיקע יידישע עמיגראַנטן וואָס דער אומרו האָט זיי געטריבן פון איין אָרט צום אַנדערן, כדי זיך אונטערצוהערן און כאַפּן אַ וואָרט פון דעם וואָס מען רעדט דאָ און דאָרט.

דאָס זיינען געווען גרופּעס וואָס האָבן זיך פאָרמירט פון דער גרויסער מאַסע עמיגראַנטן וואָס אַליין האָט זיי געהאַט ווייניק וואָס צו זאָגן, אָבער דערפאַר אַ גרויסע נייגעריקייט צו הערן וואָס אַנדערע זאָגן און אַריינ־זאַפּן אין זיך פון אַלץ צו ביסלעך.

די דאָזיקע אומרואיקע יידישע עמיגראַנטן, האָבן געבילדעט דעם גרויסן רוב פון דער מענטשן-מאַסע וואָס האָט זיך געפונען אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ"; דאָס זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן זיך נישט באַטייליקט אין קיין דיסקוסיעס, זיי האָבן מערסטנס בלויז אַרויסגעוויזן אַ נייגעריקייט צו כאַפּן אַ וואָרט דאָ און אַ וואָרט דאָרט און זיי האָבן ביי זיך אין געדאַנק קאָמענטירט אויף זייער אייגענעם אופן דאָס געהערטע און בלויז אין געוויסע פאַלן האָבן זיי רעאַגירט מיט אַן ערנסטער מינע, אָדער מיט אַ חוזק-שמייכעלע און זיך אַוועקגעלאָזן אונטערהערן צו די רייד פון אַן אַנדער גרופּע.

פאַרשטייט זיך, אַז די גרופּע אינטעליגענטע עמיגראַנטן האָבן צו זיך צוגעצויגן אָט אָ די נייגעריקע אומרואיקע שיף-ברידער, ווייל ביי אָט דער גרופּע, האָט מען געקאָנט הערן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן וואָס קענען אַמאָל אין דער וויטער וועלט צונויף קומען, און כאָטש אַזאַ אונטערהערער איז נישט איינמאָל אַוועק פון -דער גרופּע מיט אַ חוזק-שמייכל אויף די ליפּן, האָט עס נישט לאַנג געדויערט, און ער איז ווידער צוריקגעקומען, אפשר וועט ער איצט קענען אויפכאַפּן אַ קליגער וואָרט...

גאַנץ פאָרנט, ממש איבער דער נאָז פון דער שיף, זיינען געזעסן די פּאָרלעך.

דעם פּלאַץ אויף דער שיף האָט מען אָנגערופן „דאָס ראָמאַנטישע ווינקעלע".

דאָ, אויפן דעק,ביים פראָנט פון שיף, האָבן די פּאָרלעך, קוקנדיק פאָראויס צו די וויטקייטן צו וועלכע די שיף דערנענטערט זיך, געחלומט וועגן דער צוקונפט, וועגן די גליקן, וואָס די וויטקייטן באַהאַלטן הינטער זיך און די שיף, כאָטש פּאַמעלעך, אָבער זיכער, דערנענטערט זיך צו זיי און אָט-אָט און די גליקן וועלן זיין דערגרייכטע...

אויף דעם ראָמאַנטישן ווינקעלע האָבן זיך אויסגעשפּילט ליבעס-סצענעס אויף פאַרשידענע אופנים, לויט די טעמפּעראַמענטן און לויט דעם קולטור-מצב פון די פאַרליבטע פּאָרלעך.

דאָרט זיינען געזעסן אין פאַרשידענע פּאָזן פּאָרלעך, וואָס האָבן שטיל, פאַר זיך, אויסגעזונגען פאַרשידענע ליבעס-לידלעך וועלכע זיי האָבן געהערט אין טעאַטער אין זייערע שטעטלעך; אויף איין פּלאַץ האָט זיך אַ פּאָרל צעקריגט צוליב אייפערזוכט און נעבן זיי האָט זיך אַ פּאָרל פאַרגעסן אַז עס געפינען זיך אויף דער שיף נאָך מענטשן און זיי האָבן זיך גענומען קושן און אין ביידע פאַלן, סיי ביים צעקריגן זיך ווי ביים קושן זיך, זיינען פּלוצלינג אויסגעוואַקסן איינער אָדער צוויי מאַטראָזן וועלכע

האָבן „איינגעשטעלט אָרדענונג", דערמאָנענדיק, אַז מען געפינט זיך ניט אַליין און אַז אויף אַ שיף דאַרף הערשן מאָראַל, רו און אָרדענונג...

די מאַטראָזן האָבן געמאַכט „אָרדענונג" אויף איטאַליעניש, נאָר ווען די עמיגראַנטן האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין די איטאַליענישע שפּראַך, איז אויסגעוואַקסן דער „אינטערפּרעטע", דער דאָלמעטשער, אַ יידישער יונגערמאַן, וועלכער האָט די זעלבע פאַרלעך גענומען מוסר'ן אויף מאַמע-לאָשן און עס איז שווער פעסטצושטעלן, צי האָבן זיך די פאַרלעך באַרוּאיקט צוליב דער מורא פאַר די מאַטראָזן, צי האָט אויף זיי געווירקט דער מוסר פון דעם דאָלמעטש, אָבי זיי האָבן זיך אויף דערווייל אויפגעהערט קריגן אָדער אויפגעהערט קושן, ביז די „אַכטונג-געבער" זיינען אַוועק פון זיי און עס האָט זיך אָנגעהויבן פונדאַסניי...

אַ גאַר וואונדערלעכע זאַך האָט זיך מאַניפעסטירט אויף דעם ראָמאַנטישן ווינקעלע, דאָס איז געווען דער פאַקט, וואָס די מערסטע פאַרלעך זיינען באַשטאַנען פון „מישלינגע"; דאָס הייסט, אַז דער „ער" און די „זי" האָבן נישט געשטאַמט פון די זעלבע פלעצער אין די אַלטע היימען, נאָר די באַקאַנטשאַפטן און די ליבעס זיינען אָנגעקנופּט געוואָרן דווקא צווישן ליטווישע בחורים און גאַליציאַנער מיידלעך און פאַרקערט און פּוילישע בחורים האָבן „אויסגעזשעוועט" די טעמפּעראַמענטפולע אונגאַרישע יידישע מיידלעך און די פאַרשידענע דיאַלעקטן פון „אַ", „איי" און „עי" און דאָס פאַרבייטן פון אַ „ש" אויף אַ „ס" און פאַרקערט, האָט גאַרנישט געשטערט אַז די יונגע בחורים און מיידלעך זאָלן זיך ליב באַקומען, און אפשר איז טאַקע אָט די פאַרשידנקייט פון זייערע אויסשפּראַכן געווען די צוציאונגס-קראַפט וואָס האָט זיי צוערשט דערנענטערט צוליב נייגעריקייט און שפּעטער האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז זייערע ביידנס נשמות ריידן אויף דער זעלבער שפּראַך...

אויף דעם ראָמאַנטישן ווינקעלע האָט מען אָפט געזען אַ בחור וואָס האָט נאָר וואָס פאַרבראַכט צוזאַמען מיט זיין גרופּע און דיסקוטירט וועגן פאַרשידענע ענינים, נאָר אַ ווינק פונוויטן פון זיין מיידל מיט וועלכער ער האָט זיך מיט אַ טאָג פריער באַקענט, האָט אים אַרויסגעריסן פון דער גרופּע און ער איז איר נאָכגעגאַנגען ביז צו דעם ווינקעלע און דאָ וועלן זיי שוין זיצן עטלעכע שעה איינגעשלאָסן אין זייער אייגענער וועלט פון חלומות.

אויף דעם פּלאַץ האָט מען צומאָל אויך געזען עמיצן פון דער אינטעליגענטער גרופּע, וועלכער האָט דאָ, ביי דער זייט פון זיין אויסדערוויילט מיידל געפונען אַן ענטפער אויף אַלע זיינע לעבנס-פראַגן...

וועגן איינעם, אַזאַ אינטעליגענטן יונגערמאַן, וועלכער האָט אַרויסגע-

וויזן אַזוי פיל טעמפּעראַמענט בעת די דיסקוסיעס אין זיין גרופּע, און דאָ, נעבן זיין מיידל, זיצט ער אַ שווייגנדיקער, מיט פאַרחלומטע בליקן צו די ווייטקייטן, צוהערנדיק זיך צו די לירישע פּאָעזיעס פון היינע און שילער וואָס זיין מיידל זינגט פאַר אים. אוים גאַנץ שטיל, ווייל נאָר פאַר אים זינגט זי איצט, — וועגן דעם יונגנמאַן וועט נאָך זיין שפּעטער אַ סך צו דערציילן.

פון אַ גאָר באַזונדערער ראָמאַנטישער שטימונג איז באַהערשט דער פראָנט פון שיף אין דעם היינטיקן נאָכמיטיק פון 30-טן מאַי.

די קאָנטורן פון די יבשה-בערג וואָס ווערן כסדר בולטער, ברענגען נענטער די טענער פון דער ווייטער צוקונפט-מוזיק פאַר די יונגע פאַר-ליבטע פּאָרלעך און די יונגע הערצער קלאַפּן היינט שטאַרקער און די בענקשאַפטן זיינען פילבאַרער און פרייד שיינט פון די פּנימער, און פי-בערדיק זיינען די געמיטער.

ווי אַ באַזונדערע וועלט שטעלט מיט זיך פאָר די אויבערפלאַך אויף דער הינטערשטער זייט פון דער גרויסער שיף.

דאָרט האָבן זיך צעשפּילט די טעמפּעראַמענטן פון די וואַרשעווער וואָוילע-יונגען, צו וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די נישט-ווייניקער דרייסטע וואָוילע יונגען פון אַנדערע שטעט פון פּוילן, ליטע, גאַליציע, אונ-גאַרן און רומעניע.

אין משך פון די אַריבער צוויי וואָכן רייזע אויף דער שיף, האָבן זיך אָפּגעזוכט איינס דאָס אַנדערע און כאָטש זיי האָבן גערעדט יידיש אויף פאַרשידענע דיאַלעקטן, האָט זיי אָבער פאַראייניקט זייער דרייסטקייט אין זייער שטאַרקייט און אַזוי האָט זיך אויספאָרמירט זייער סביבה און איצט שפּילן זיי אוים אויף זייער אופן די פרייד, וואָס די שיף דערנענ-טערט זיך שוין צו אַ ברעג.

צו גרוים איז אָט אָ די גרופּע און זיי טיילן זיך אין גרופּקעלעך. אָט שטייט איין גרופּע יונגע יאַטן אין עלטער צווישן צוואַנציק און פינפאונ-צוואַנציק יאָר, מאַנכע פון זיי טראָגן בלויז אויף זיך אַ פּאָר ווייסע הויזן און דאָס גאַנצע אויבערלייב איז ביי זיי נאַקעט און פון זייערע פעסטע ברוסט-קאַסטנס שטראַלט אַרוים גבורה וואָס ווערט אילוסטרירט פון זייע-רע פעסטע אָנגעשוואָלענע מוסקולן אויף די הענט; מאַנכע טראָגן בלויז לייבלעך אָן אַרבל, אָבער די מוסקולן אַליין זאָגן עדות, אַז זיי זיינען נישט קיין מפּיל-קינדער.

זיי שטייען אויסגעשטעלט אין אַ האַלב-ראָד און פאַר זיי, שטייט איי-נער אַריבערגעבויגן גאַנץ טיף מיט פאַרשטעלטע אויגן און איינער פון האַלב ראָד גיט אים פּלוצלינג מיט דער רעכטער האַנט-פלאַך אַ פעסטן

כמאַל אין אויסגעשטעלטן הינטן. דער געשטראָפטער שטעלט זיך האַס־טיק גלייך, דרייט זיך אוים, קוקט אויף יעדן פון די אַרומשטייענדיקע, אָבער דער וואָס האָט אים דערלאַנגט, האָט זיך אַזוי פלינק צוריק איינ־געגלידערט אין דעם האַלב־ראָד און ער שטייט צווישן די איבעריקע מיט אַזאַ כשר־פרומע מינע, אַז דער געשלאָגענער קאָן בשום אופן נישט דער־קענען ווער עס האָט אים דערלאַנגט און ער מוז זיך נאָכאַמאָל אַראָפּבויגן און מוז זיך נאָכאַמאָל לאָזן פּאַטשן אויפן הינטן, ביז ער וועט טרעפן ווער עס האָט אים דערלאַנגט, און דאַן מוז יענער פאַרטרעטן זיין פּלאַץ אין אַרויסשטעלן זיין הינטן פאַר די געזונטע לאַפּעס פון זיינע חברים.

אַ פיל גרעסערע גרופּע בילדעט אַ קיילעכיק ראָד אין וועמענס מיט עס שפּילט זיך אָפּ אַ רוימישער קאַמף, ווער וועמען עס וועט לייגן אויף ביידע לאָפּאַטקעס.

עס שלאָגן זיך איצט דער טרעגער פון די נאַלעווקעס און דער גאַר־בער פון פּעלצעוויזנע. ביי צוויי פאַרמעסטונגען האָבן זיי זיך שוין געהאַט לעגיטימירט אַלס די שטאַרקסטע און פלינקסטע פון דער גרופּע וואוילע יונגען און יונגע עמיגראַנטן, מענער און פרויען, כאָטש נישט פון דער גרופּע, שטויסן זיך און ווילן צוקומען כאַפּן אַ קוק צו די „שלעגער", די „מאַצאַוויקעס" און דער געדרענג איז אַזוי גרוים, אַז די שטאַרקע וואָס האַלטן דאָס ראָד, מוזן אָנשטרענגען אַלע כוחות צו קענען אויסהאַלטן דעם באַריער, אַז די „מאַצאָוויקעס" זאָלן האָבן זייער באַשטימטן פרייען פּלאַץ פאַר זייער קאַמף.

אַן אַנדער גרופּע פון די שטאַרקע האָט באַוויזן אַנדערע גבורות, איינער האָט גענומען אַ לאַנגן אייזערנעם שטאַנג אויף די אַקסלען און צען יאַטן האָבן זיך אָנגעהאַנגען צו פינף אויף ביידע זייטן און דער שטאַר־קער האָט מיט דער מאַסע פון צען פערזאָן אויף זיינע אַקסלען גענומען טאַנצן אַ וואַלצער...

אַנדערע שטאַרקע האָבן געמאַכט געוועטן, אַז מען וועט זיי נישט קענען עפענען די האַנט ווען זיי פאַרפּרעסן זי אין אַ פויסט, אָדער מען וועט זיי נישט קענען איינבויגן די האַנט, אויב זיי שטרעקן זי אוים און אַזוי האָט מען מאַניפעסטירט די כחות, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַן אויסשטעלונג פון קראַפט וועלכע דאַרף אויפגענומען ווערן מיט פרייד פון די לענדער אין וועלכע זיי פאָרן איצטער אויפבויען זייערע נייע היימען.

און אַזוי, ביי די פאַרשידנאַרטיקע שפּילן און צייט־פאַרטרייבן זיינען געגאַנגען די שעה'ן, די ווייטע בערג־קאָנטורן האָבן זיך דערנענטערט און מען האָט שוין געקאָנט זען אַ גאַנצע קייט פון העכערע און נידערי־קערע בערג און עס האָט אויסגעזען, אַז די שיף אַליין בענקט שוין צוצו־

קומען צו אַ ברעג, ווייל מיט מער קראַפט ווי געוויינלעך, האָבן די רעדער איצט אָפּגעשטופּט די וואַסערן הינטער זיך און די שיף האָט זיך גע־גלימשט פאָראויס, נענטער צו די אַנטקעגנקומענדיקע בערג פון וועלכע עס האָבן זיך פּלוצלינג גענומען אַרויסהויבן גערדיכטע כמאַרעס, וואָס זיינען מיט אימפּעט אַקעגנגעפלויגן צו דער שיף און אַריבער איבער איר און פאַרדעקט די זון וואָס האָט שוין אַלצאיינס געהאַלטן ביים פאַרגיין און שנעל, זייער שנעל איז דער גאַנצער אַרום איינגעהילט געוואָרן אין נאַכט־פינצטערניש און דער גרויסער ים מיט די בערג־שפּיצן פון ווייטן זיינען נאָר אויף סעקונדעס באַלויכטן געוואָרן פון די בליציקע זיג־זאַגן, וואָס האָבן כסדר ווי באַמיט זיך איבערצוזעגן די כמאַרעס אין שטיקער.

דער ים איז געוואָרן אומרואיק.

עפּעס ווי גרויסע אומזעבאַרע ים־באַשעפּענישן וואָלטן זיך געקור־טשעט פון קעלט און געזוכט זיך איבערצודעקן מיט גיגאַנטיש־גרויסע פוך־פערענעס וואָס האָבן זיך כסדר געהויבן ווי בערגלעך דאָ און דאָרט און אָט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַרונטערגליטשן אונטער דער שיף און זי אונטערגעהויבן אין דער הויך אַמאָל דאָ און אַמאָל דאָרט און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע ווי מיט אַ וואָך צוריק, כמעט אַלע עמי־גראַנטן זיינען שוין געווען אויף די געלעגערס אין די געמיינזאַמע קע־לערן, נאָר בלויז געציילטע האָבן געהאַט די דרייסטקייט אין די בלויזע אונטערוועש זיך אַרויסצוכאַפּן אויפן דעק, צולויפן צום באַריער און אַרויסגעבן פון זיך די איבלקייטן אין ים אַריין.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קראַך; די שיף האָט זיך אָן עפּעס אָנגעשטויסן.

דער שטוים איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז אַ סך עמיגראַנטן זיינען אַראָפּגעפאַלן פון די געלעגערס און כמעט אַלע האָבן אין איין אויגנבליק פאַרגעסן אָן זייערע איבלקייטן אין אָנבליק פון דער שרעק, אַז דאָ איז געשען אַ גרויסער אומגליק און אַז דאָס לעבן איז אין געפאַר.

ווי פון אַ שׂרפה אין אַ גרויס דעפּאַרטאַמענט־הויז, האָבן זיך די עמי־גראַנטן געזוכט קודם אַרויסצובאַקומען פון די קעלערס און זען וואָס עס איז געשען, און הונדערטער נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע מענער און פרויען האָבן זיך געשפּאַרט צו די טרעפּלעך וואָס האָבן געפירט צום אַרויסגאַנג אויפן שיף־דעק און די פּאַניק וואָלט זיכער געווען געקאָסט אַ סך מענטשן־קרבנות, ווען עס באַווייזן זיך נישט ביי דעם אַרויסגאַנג־טירל באַוואָ־פנטע מאַטראָזן מיט רעוואָלווערן אין די הענט און דראָענדיק מיט שיסן, האָבן זיי די פאָדערשטע רייע צוריק אַריינגעשטויסן אין קעלער און צוגע־האַקט די אייזערנע טיר.

די זעלבע סצענע האָט זיך גלייכצייטיק אָפּגעשפּילט ביי אַלע פיר קעלער-קאַמערן, די אַריבער עלף הונדערט עמיגראַנטן זיינען געבליבן איינגעשלאָסן מיט זייער טויט-שרעק אַזוי ווי מייז אין קלאַפּ-קעס, און בלויז אַ וויטיקלעכער ברומען פון הונדערטער העלזער האָט זיך דומף אַרויסגעריסן פון הינטער די אייזערנע הערמעטיש-פאַרמאַכטע טירן.

אַ סך פון די דרייסטערע און שטאַרקערע האָבן געפּרוּווט זעצן מיט זייערע פויסטן אין דער אייזערנער טיר און זעענדיק אַז דאָס זעצן מיט די פויסטן לאָזט אפילו נישט הערן קיין אָפּקלאַנג, האָבן זיי אַרויסגע-ריסן פּרענטעס פון די בעט-לייטערלעך און גענומען קלאַפּן מיט זיי אין די טירן, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, די טירן זיינען גע-בליבן געשלאָסן.

דערווייל האָט זיך דער ים נאָך שטאַרקער צעכוואַליעט, די שיף האָט זיך געבויגן און זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן און אַרויסגעלאָזט אַזעלכע טיפע יסורימדיקע קרעכצן, וועלכע האָבן פאַרפילפאַכט די טויט-שרעק פון די אומגליקלעך איינגעשלאָסענע אין די קעלערן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן היסטעריקעס און ספּאַזמעס. מאַנכע זיינען געפאַלן אין חלשות אין ווי גרויס די שרעק איז אויך געווען ביי די שטאַרקערע מענער, האָבן זיי דאָך געמוזט פאַרגעסן אָן דער פאַרמאַכטער טיר, כדי צו קענען ראַ-טעווען די פאַרחלושטע און אויף וויפיל מעגלעך באַהערשן די פּאַניק.

די אַקציע פון ראַטעווען די פאַרחלושטע האָט זיך פאַרצויגן, ווייל אַט האָט מען איינעם אָפּגעראַטעוועט און אַנדערע צוויי האָבן דערווייל פאַרחלושט און מאַנכע פון די וואָס האָבן זיך נאָר וואָס באַטייליקט אין דער רעטונגס-אַקציע זיינען ענדלעך אַליין אויך געפאַלן אין חלשות.

נאָך פיינלעכערע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דעם געמיינ-זאַמען קעלער וואו עס זיינען געווען איינגעשלאָסן די פרויען-עמיגראַנט-קעס.

פאַרצווייפלטע קוויטשערייען און היסטערישע קולות האָבן זיך געריסן פון פאַרצאַפּלטע הערצער און זיך אָנגעשלאָגן אָן די אייזערנע ווענט פון קעלער און אויך דאָרט האָבן זיך געמוזט אַרויסטיילן די שטאַר-קערע פרויען, וואָס האָבן באַהערשט זייער אייגענע פאַרצווייפלונג און גענומען ראַטעווען די שוואַכערע.

איין פרוי, מיט אַ קנאַפּ אָנזעעוודיקער שוואַנגערשאַפט, האָט אָנ-געהויבן פילן ווייען. זי האָט זיך באַמיט צו באַהערשן און דערשטיקן אין זיך דעם ווייטיק און זי האָט נאָר געבעטן, מען זאָל אַרויסרופן צו

איר איר מאַן װעלכער געפינט זיך אין דער מענער־אָפּטײלונג, זי װיל אים זען, זי מ ו ז אים זען... — א־ו־י ! . . .

צום גליק, האָט אַ מאַטראָז געפונען פאַר נויטיק אַ קוק צו טאָן װאָס עס טוט זיך אין דעם געמײנזאַמען פרויען־קאַמעראַט און אפשר האָט ער באַקומען אַ באַפעל אַ קוק צו טאָן, און װען ער האָט זיך באַװיזן אויף די טרעפּ, זײנען צו אים צוגעפאַלן עטלעכע בלאַסע פרויען מיט באַגאַסענע פּנימער פון טויט־אַנגסטן און זײ האָבן געבעטן שנעלע הילף, מען זאָל ראַטעװען עטלעכע פאַרחלושטע און ברענגען אַ דאָקטאָר צו דער שװאַנגער־פרוי, װאָס האָט באַקומען װײען.

די פרויען האָבן צו אים לאַמענטירט אויף יידיש, פּויליש און דייטש און דער מאַטראָז, אַ מיטליעריקער איטאַליענער מיט גרויסע גערדיכטע אַראָפּהענגענדיקע שװאַרצע װאָנסעס האָט זײ געװיזן מיט דער האַנט אינטער דער גאָמבע — „נאָ קאַפּישאָ” — איך פאַרשטײ נישט, נאָר אין דעם אויגנבליק האָט זיך דורכגעריסן צו אים אַן איטאַליע־נישע פרוי װאָס איז אַרויף אויף דער שיף אין נעאַפּאָל און זי האָט אים מיט אַ גרעלער שטים באַשאָטן מיט א מבול שנעלע רייד און גע־װיזן אַהין, צו דער שװאַנגער־פרוי און די אידישע פרויען האָבן בלויז פאַרשטאַנען איין װאָרט אירס, װען זי האָט אויסגערופן דאָס װאָרט „מעדיקאָ”.

דער מאַטראָז איז צוריק אַרוים און פאַרמאַכט די טיר, אָבער בלויז עטלעכע מינוט שפּעטער האָט זיך די טיר װידער געעפנט און דער מאַטראָז מיט נאָך אַנדערע צװײ מאַטראָזן און אַ יונגער מענטש אין אַ װײסן כאַלאַט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון די טרעפּ אין קעלער אַריין.

נאָך אַ װײלע באַטראַכטן די שװאַנגער־פרוי, האָט ער עפּעס גע־זאָגט צו די מאַטראָזן, אײנער איז באַלד אװעק און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, איז ער צוריקגעקומען מיט א טראָג־בעטל, מען האָט די יונגע פרוי פאַרזיכטיק אַריבערגענומען פון געלעגער אויפן בעטל אַרויף און די צװײ יינגערע מאַטראָזן האָבן זי פּאַמעלעך אַרויפגעהויבן איבער די טרעפּלעך און אַרויסגענומען זי פון קעלער.

װען מען האָט זי אַרויסגעטראָגן פון קעלער, האָט זי איבערן װעג ביז צו די טרעפּלעך געקוקט פון אַלע זייטן מיט פאַרצװײפלונג און זי האָט נאָר געבעטן: — שיקט מיר צו מיין מאַן, איך װיל זען מיין מאַן!..

דער עלטערער מאַטראָז מיט די גערדיכטע װאָנסעס איז געבליבן אין קעלער און געהאָלפן מונטערן עטלעכע פאַרחלושטע פרויען, ער האָט אָבער גלייכצייטיק גוט אַכטונג געגעבן, אַז קיין איין עמיגראַנטקע זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן פון קעלער.

דאָס קומען פון דעם דאָקטאָר און דאָס אַרויסנעמען די שוואַנגער-פרוי אויף דעם טראָג-בעטל, האָט געווירקט באַרואיקנדיק אויף די איבערגעשראָקענע פרויען און עס האָט זיך איינגעשטילט די פּאַניק צווישן זיי; אַנדערש איז אָבער געווען אין די מענער-אָפּטיילונגען, דאָרט איז קיין טיר נישט געעפנט געוואָרן און די פּאַנישע שרעק האָט אָנגעהאַלטן ביז אַרום צוויי אַזייגער פּאַרטאָג, ווען עס האָט זיך אין די קעלערן פלוצלינג אַריינגעריסן אַ שטראָם פרישע לופט און זיי האָבן דערזען, אַז די אייזערנע טירן פון זייערע קעלער-קאַמערן שטייען ווידער אָפן.



# ג

## פּאַסאַזשירן פון העכערן קלאַס

אַז די מענטשהייט האָט זיך איינגעטיילט אין קלאַסן, איז אַ באַ־קאַנטע זאַך. דאָס טרויעריקע איז, וואָס די איינטיילונג איז נישט קיין גלייכמעסיקע; גרויסע מאַסן זיינען טעטיק און פּראָדוצירן מיט דעם שווייס אויף זייערע פּנימער די רייכטימער פאַר דער וועלט, און קליי־נע שיכטן געניסן פון אָט אָ די רייכטימער.

און נאָך טרויעריקער איז דער פאַקט, וואָס אָט אָ די קליינע שיכטן וועלכע האָבן צוליב אַ קאַפּריז פון גורל זיך איינגעאָרדנט א לייכט לעבן האַלטן זיך נאָך פאַר העכערע מענטשן, פאַר מענטשן מיט ספּעציעלע געטלעכע פּריווילעגיעס צו שטיין העכער פון די גרויסע פּראָדוצירנ־דיקע מאַסן פון וועמענס אַרבעט די גרופּקעס יחידים נעמען צו די פּרוכט.

איז דאָס אַ פיינלעכע אומגערעכטיקייט וואָס וואַרפט זיך אין פּנים פון די האָרעפּאַשנע מאַסן, און די פילבאַרקייט פון אָט אָ דער אומגע־רעכטיקייט, וועקט די מאַסן צום קאַמף קעגן איר.

אָבער פילפאַכיק מער פילבאַרער איז אָט אָ די אומגערעכטיקייט אויף אַ פּאַסאַזשיר־שיף וואָס טיילט איין אירע רייזנדיקע אין קלאַסן.

בעת אין אַלגעמיינעם לעבן בלייבט צומאָל דער וואוילטאָג און דאָס בעסערע לעבן פון די קליינע שיכטן פאַרהוילן פאַר די גרויסע מענטשן־מאַסן, וואַרפט זיך דאָ דער וואוילטאָג פון יחידים וואָס געפי־נען זיך אויף אַ שיף אין העכערן קלאַס שטאַרקער אין די אויגן פון די פילע, וואָס פייניקן זיך אין ענגשאַפט און שמוץ אין די נידעריקערע קלאַסן.

ווי שוין דערמאָנט, האָט די „אַטלאַנטאַ" געהאַט אויך אַ צווייטע קלאַס.

קיין ערשטע קלאַס האָט די שיף נישט געהאַט, ווייל די נאָך קלע־נערע צאָל „פּריווילעגירטע" וואָס קענען זיך פאַרגינען צו פאָרן ערשטע קלאַס, וואָלטן מיט דער שיף אַלצאיינס נישט געפאָרן.

עס איז אָבער געווען די בלויזע צווייטע קלאַס, כדי די עמי־

גראנטן פון דריטער, זאָלן פילן די שפּלדיקייט פון זייער מצב לגבי די פּאסאזשירן פון „אויבן".

בעת די מאָסע פון אַריבער עלף הונדערט עמיגראַנטן האָבן זיך „אונטן" געשטויסן אין די רייען צו באַקומען דאָס שטיק ברויט מיט אַ קאַווע צום פרישטיק, זיינען נאָך די פּאסאַזשירן צווייטע קלאַס געשמאַק געשלאָפן אויף זייערע ציכטיקע ווייס-באַצויגענע בעטלעך, אין די פּאַרהעלטענישמעסיק באַקוועמע קאַיוטן.

ווען די אַריבער עלף הונדערט עמיגראַנטן האָבן אונטן שוין געגעסן דאָס מיטיק פון די בלעכענע שיסלען מיט די בלעכענע לעפל, און די מיטיק-סעודה איז געפּראַוועט געוואָרן אַ וואו עס האָט זיך געלאָזט, ווייל עס איז נישט געווען אויף דער שיף אַזאַ עס-צימער וואָס זאָל קענען אַריינעמען אין זיך אַזאַ מענטשן-מאַסע, האָט מען ערשט „אויבן" געהאַלטן ביים פרישטיק, וואָס איז סערווירט געוואָרן אין אַ געשמאַק איינגעאָרדנטן עס-צימער, אויף ברייט-געדעקטע טישן, מיט געקליבענע ראַפינירטע מאכלים.

צום מיטיק, האָט מען נישט בלויז סערווירט אַ זעקס-זיבן גוט-ציגעגרייטע מאכלים, נאָר מען האָט נאָך צוגעגעבן אַ פּיאַנאָ-קאָנצערט און פיל גרעסער איז געווען די צאָל פון די עמיגראַנטן „אונטן" וואָס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט נאָענט ביי די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום צווייטן קלאַס און אָנגעשפּיצט די אויערן כדי צו הערן די קלאַנגען פון „האָפמאַנס דערציילונגען", פון שובערטס סערענאַדעס, פון שטראַוס וואַלצערס, אָדער גאָר פון אַן איטאַליענישער אָפּערע, ווי די צאָל צווישן די עטלעכע זעכציק וואָס זיינען דאָרט אויבן געזעסן אין דעם באַקוועמען עס-צימער אויף די ברייטע פאָטעלן און זיך געקוויקט מיט די גוטע שפּייזן.

ווען אַזאַ קאָנצערט האָט זיך געענדיקט און די אונטערהערער דאָרט אונטן זיינען זיך צעגאַנגען יעדער צו זיין גרופּע און צו זיין סביבה, האָט מען געקאָנט הערן אַן אויסרוף פון אַזאַ עמיגראַנט: — הא, דאָרט, אויבן מאַכט מען דאָס אמתע לעבן!...

דער פאַרבאָט פאַר עמיגראַנטן צו באַזוכן די צווייטע קלאַס, אָדער כאָטש בלויז אַ קוק צו טאָן ווי זי זעט אויס, איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן דורך די מאַטראָזן, אָבער דעם פאַרבאָט האָט מען פאַרבויגן ווען אַ פּאַסאַזשיר פון צווייטן קלאַס האָט אַרויפגעבעטן צו זיך אַן עמיגראַנטקע פון דריטן קלאַס, וועלכע האָט צו אים אַרויף קאָקעטירט און זי איז אים געפעלן.

עמיגראַנטקעס, וואָס די נייגעריקייט צו זען וואָס עס טוט זיך און

ווי עס לעבט זיך אין צווייטן קלאַס, האָבן זיך געהנדלט צו די מענער וואָס האָבן אַריבערגעלענטע איבערן באַריער דאָרט אויבן, אַראָפּגעקוקט צו זיי; ביי מאַנכע פון די מיידלעך האָט עס געמיינט נישט מער ווי אַן אומשולדיקער פלירט, אָבער מערסטנס האָבן זיך אַזעלכע „פלירטן" פאַר-ענדיקט נישט אינגאַנצן אומשולדיק.

די פּאַסאַזשירן פון צווייטן קלאַס האָבן זיך געטיילט אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס מענטשן און פּראָפעסיעס.

די איינציקע דריי יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זיינען גע-ווען די דריי שרייבער, וואָס האָבן געשריבן אויף דריי שפּראַכן, איטאַ-ליעניש, דייטש און יידיש, וואָס די ערשטע צוויי פון זיי, האָבן געהאַלטן אַז זיי שטאַמען בלויז פון יידן, נאָר אַליין ווייסן זיי נישט פון קיין יידיש-קייט.

די דריי האָבן געהאַט די פּראָטעקציע פון דער קאָסוליטש-געזעל-שאַפט, וועלכער עס האָט זיך געלוינט צו געווינען די סימפּאַטיעס פון שרייבער צוליב פּראָפּאַגאַנדע ענינים.

צו די דריי זיינען צוגעשטאַנען אויך דער איטאַליענישער קאָמיסאַר וואָס איז געפאָרן אויף דער שיף אַלס רעגירונגס-באַאָבאַכטער און דער פּאָליאַק וואָס איז געפאָרן איבערנעמען אַ וויכטיקן קאָנסולאַרן אַמט אין בראַזיל.

די פינף, כאָטש פון פאַרשידענע לענדער און פאַרשידענע שפּראַכן, האָבן זיך גרופּירט צוזאַמען און נאָך עטלעכע טעג איז די גרופּע פאַר-גרעסערט געוואָרן מיט נאָך דריי פּערזאָן, אַן אַלטער מוזיקער פון ווענע-דיק, אַן אַנטיקן-הענדלער פון נעאַפּאָל, וואָס זיינע פּראָפעסאָרישע קענ-טענישן אין געשיכטע, האָבן אים געמאַכט פאַר דעם בעסטן ווערט-אָפּשאַ-צער פון אַנטיקווארע קעגנשטאַנדן — און אַ מאָלער פון מילאַן.

די אַכט פּאַסאַזשירן האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, געגעסן צוזאַמען, געראויכערט און געשפּילט אין שאַך און דיסקוטירט וועגן פאַרשידענע פראַגן וואָס זיינען אַרויפגעשוואומען אויפן סדר היום.

דער מוזיקער האָט גערעדט וועגן מוזיק און אויסגעדריקט באַדויערן וואָס די אַלטע מוזיק-מייסטער שטאַרבן אוים און קיין נייע קומען נישט צו, עס קומען נאָר צו חוצפּהניקעס וואָס גלויבן אַז מיט זייער וועלן קליין-מאַכן די אַמאָליקע גרויסע מייסטער, וועלן זיי דערמיט גרעסער ווערן...

דער אַנטיקוואַר האָט גערעדט וועגן געשיכטע און וועגן אַנטיקן און דער מאָלער — וועגן די סודות פון פאַרבן, וועלכע זיינען געשטאָרבן צו-זאַמען מיט די גרויסע קינסטלער רעמבראַנדט און לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי...

די שרייבער האָבן אָפט אַרויפגעפירט אויף ליטעראַרישע טעמעס,

פונקט ווי דער פּאַליאַק, דער קאָנסולאַרער באַאַמטער האָט געוואָלט אַרויספירן אויף פּאָליטישע טעמעס און דער איטאַליענישער קאָמיסאַר האָט אים צוגעהאָלפן דערצו, אָבער די אַנדערע זעקס האָבן זיך אַלעמאָל באַמיט די פּאָליטישע טעמעס אָפּצורוקן אויף אַ זייט, ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געפונען פאַר נויטיק אויסצובאַהאַלטן זייערע פּאָליטישע אָנשויאונגען.

אַ חוץ די אויסגערעכנטע אַכט, זיינען די איבעריקע עטלעכע פופציק פּאַסאַזשירן באַשטאַנען פון אַ מין ערב-רב פון מענטשן אָן אַ באַשטימטן פּרצוף, אַ בינטל סנאָבן וואָס יעדער פון זיי האָט זיך געהאַלטן פאַר גרעסער און וויכטיקער פון אַלע איבעריקע און בלויז די פאַרהייראַטע פּאָרלעך צווישן זיי, האָבן גערעדט צווישן זיך און די אַליין-שטייענדיקע, און אַזעלכע זיינען געווען עטלעכע מענער און עטלעכע פרויען, האָבן געלעבט פאַר זיך, און נאָר אין אויסנאַמס-פאַלן האָבן זיי זיך געטווישט מיט אַ וואָרט וואָס איז זעלטן ווען באַגלייט געוואָרן פון אַ שמייכל.

דערפאַר האָבן מאַנכע פון זיי נישט געקאַרגט מיט קיין שמייכלען וואָס זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן דאָרט אונטן, צו די עמיגראַנטקעס פון דריטן קלאַס; זיי האָבן אפילו פאַרגעלייגט ציגאַרעטן פאַר די אַרויפקאָקעטירנדיקע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך צום גרויסן רוב אָפּגעזאָגט פון דעם כיבוד, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון אָנעמען די איינלאַדונג אַרויפצוקומען אַ קוק טאָן ווי עס זעט אויס די אָפּטיילונג אויף דער שיף פאַר דעם העכערן קלאַס.

געווען דאָרט אויך אַזעלכע יונגע דאַמען, וועלכע האָבן געשלונגען מיט די אויגן די גבורה פון די וואַרשעווער וואוילע יונגען, זיי האָבן אַראָפּגעשמייכלט צו זיי און איינע, אַ יונגע רייכע דאַמע פון ווענעדיק, האָט אפילו געוואַגט אַראָפּצונידערן פון איר הויכקייט און מען האָט זי געטראָפן מיט אַ וואַרשעווער יאַט אין אַן אונטערשטן שיף-קאָרעדאָר וואָס פירט צו דער קיך...

צווישן די אַכט אויבנדערמאָנטע פּאַסאַזשירן זיינען אַ סך מאָל פאָרגעקומען שמועסן וועגן די איבעריקע פּאַסאַזשירן, וועגן זייער באַנעמונג, וועגן זייער פירונג, וועגן די שווערע יובעליר-מאַגאַזינען וואָס די פעטע ווייבער טראָגן אויף זיך און קוקן אויף זיי ווי אויף הייליקייטן מיט וועלכע מען מעג שטאָלצירן און אין די שמועסן האָט אויך נישט געפעלט דאָס ביסל לשון-הרע פון פּיקאַנטן כאַראַקטער און די שמועסן האָבן זיך מערסטנטייל געענדיקט מיט אַ פראַזע פון דעם אַלטן מוזיקער, אַז אָט אָ דאָס גאַנצע בינטל סנאָב-פּאַסאַזשירן, איז אַ פאַלשע נאָטע אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און מען וואָלט זי באַדאַרפט אויסשטרייכן...

פונדעסטוועגן, כאָטש די איינגעשלאָסנקייט אין זיך פון דעם בינטל

פּאַסאַזשירן, האָט מען נאָך אַ וואָך צייט זיין צוזאַמען אויף דער שיף, זיך דערוואוסט וועגן די באַשעפטיקונגען פון אַ טייל פון זיי, סוחרים, וואָס האָבן געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט זיד-אַמעריקאַנער לענדער וואו עס אַקטואירן זייערע קינדער אָדער עלטערן און זיי פאָרן זאַטע, און זיי פאָרן זיכערע, צו זייערע זאַטע משפּחה-אָנגעהעריקע, אַ טייל פון זיי פאָרן בלויז צו גאַסט, אַנדערע פאָרן אויף איבערצוגעבן די געשעפטן, כדי די וואָס פירן די געשעפטן ביז איצט, זאָלן קענען אַביסל אַהיימפאָרן אין זייער שיינעם היים-לאַנד, וואו עס איז שוין פאַר זיי געגרייט אַ היפּש ביסל האָב און גוטס.

אויף איין גרופּע, וועלכע האָבן זיך נאָך אַ וואָך צייט ענדלעך צונויפגערעדט, האָט מען געמורמלט, אַז דאָס זיינען רייכע קאָנטראַבאַנדיסטן, וועלכע אַקטואירן אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב און זיי האָבן אונטער זיך הונדערטער אַנגעשטעלטע וואָס טוען פאַר זיי די שוואַרץ-אַרבעט פון שמוגלען די קאָנטראַבאַנדע. זיי האָבן זיך ענדלעך צונויפגערעדט און זיך באַקענט און מסתמא וועלן זיי שוין איינשטעלן צווישן זיך אַ פאַרבינדונג וואָס וועט זיי אַלעמען לוינען.

געווען אויך צווישן דעם „בינטל” אַ דריילינג, אַ פאָטער, מוטער און עלעגאַנטן זון, וועלכער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ פרעמדער געוואוקס אין דעם גאָרטן.

דאָס איז געווען אַ פּראָנצוויזישע פאַמיליע וועלכע האָט צווישן זיך גערעדט נאָר פראַנצויזיש, אָבער דער זון פון דעם אַלטן פעטן פּאַרפּאָלק, האָט גערעדט פליסיק עטלעכע שפּראַכן און אויך דייטש.

פונקט אַזוי מגושמדיק און שווער-באַוועגלעך ווי די עלטערן זיינען געווען, אַזוי פלינק און עלעגאַנט האָט זיך געהאַלטן דער זון און נישט מער ווי אין אַ וואָך צייט, האָט שוין די גרופּע פון די אַכט באַוויזן פעסטצושטעלן, אַז דאָס אַלטע פּאָרל זיינען די קעפּ פון אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַנדע פון ווייסע שקלאַפן-הענדלער און אַז דער יונגערמאַן איז נישט זייער זון, נאָר זייער אַן אַנגעשטעלטער וואָס דאַרף זיי צושטעלן „סחורה” און אַז זייער רייזע אויף דער נישט-באַקוועמער איטאַליענישער שיף איז נישט קיין צופאַל, נאָר אויסגערעכנט צוליב געשעפט, ווייל פון אַזאַ עמיגראַנטן מאַסע וואָס די שיף פירט לעצטנס אַזוי אָפט פון אייראָפּע קיין זיד-אַמעריקע, קאָן זיך איינגעבן צו פאַנגען אַ געוויסע צאָל „גאָלדענע פישעלעך”...

דער פּאָליאַק האָט געזאָגט, אַז מען וואָלט באַדאַרפט גרינדן אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּרויען-פּאָליציי-וואַך וואָס זאָל נישט האָבן קיין שום אַנדערע אויפגאַבן, נאָר באַשיצן די אָרימע עמיגראַנטקעס פון אַריינפאַלן

אין די אויסגעשפּרייטע נעצן פון די מענטשן-בעסטיעס און אַזעלכע גע-הײם-פּאָליציסטקעס וואָלטן באַדאַרפט מיטפאָרן אויף אַלע שיפן וואָס פירן עמיגראַנטקעס און אָבסערווירן און אַבטונג געבן און נישט אַראָפּ לאָזן די אויגן פון די פאַרדעכטיקע וואָס האָבן אַ ראַפינירטע ספּעציאַ-ליטעט צו שליסן קאָנטשאַפטן מיט לייכטגלויביקע נאַאיווע מיידלעך.

דער איטאַליענישער קאָמיסאַר האָט דערקלערט, אַז דאָס גייט אויך אַריין אין זיין פונקציע און ער קאָן גאַראַנטירן, אַז דאָ, אויף דער שיף, ווי לאַנג די רייזע וועט געדויערן, וועלן אַזעלכע מסחרים נישט פאָרקומען, ער האַלט אָן אויג און ליידער קאָן ער נישט גאַראַנטירן דערפאַר, וואָס עס קאָן פּאַסירן שפּעטער, ווען די עמיגראַנטקעס קומען אָן אין די ווייטע פרעמדע לענדער, ווען אַזעלכע ראַפינירטע יונגע עלעגאַנטן לויערן אויף זיי און קומען זיי אונטער מיט כלומרשטער הילף, ביז זיי פאַלן אַריין אין זייער נעץ.

אַנדערש ווי אין דריטן קלאַס זיינען פאַרגאַנגען די טעג אויבן, אין דער צווייטער, כאָטש אַ גוט לעבן פון וואוילטאָג און באַקוועמלעכקייט, האָבן זיך דאָ די טעג געצויגן לענגער, ווייל עס האָט געפעלט די חברשאַפט און דער צוטרוי פון איין פּאַסאַזשיר צום ווייטן און עס האָט געפעלט דער געמיינזאַמער ציל צוליב וועלכן זיי לאָזן זיך דאָ איבער די ווייטע ימען אין די ווייטע לענדער.

די מענטשן אונטן זיינען אויף פאַרשידענע אופנים גערודפט געוואָרן אין די אַלטע היימען און זיי פאָרן איצט זוכן אַ נייע היים וואו זיי ווילן אָפּגעבן זייער ענערגיע און פראַצע פאַרן שטיקל ברויט און אויבן האָבן די מענטשן טאָפּלטע היימען און מיט ברויט זיינען זיי איןביידע היימען פאַרזאָרגט, סיי אין איטאַליע ווי אין זיד-אַמעריקע און דער כסדרדיקער וואוילטאָג לאַנגווײלט זיי און אַ חוץ די גרופּע פון אַכט, און די צווייטע גרופּע פון די באַקאַנט-געוואָרענע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנטראַבאַנדיסטן, קומען די איבעריקע איבער די טעג מיט געניצן אין מיט שפּילן זיך מיט די צירונג-שטיק מיט וועלכע זיי זיינען באַהאָנגען און מיט יאַדען די מע-נער, אַז זיי פילן זיך שלעכט, אַז די מענער האָבן באַדאַרפט פאַרזאָרגן רייזע-פּאַסאַזשן אויף אַן אַנדערער, אַ בעסערער און שענערער שיף וואָס האָט אויך אַן ערשטע קלאַס...

בעת דעם שטורם אויפן זעקסטן טאָג נאָך דעם אַרויספאָר פון נעאַפּאָל, האָט די ים-קרענק אויך נישט אויסגעמיטן די פּאַסאַזשירן פון אויבן; אָבער די שווערע שעהן פון איבעלנישן און חלשות האָבן די מענטשן נישט דער-נענטערט איינעם צום אַנדערן, ווייל יעדער האָט זיך צוריקגעצויגן אין זיין קאַיוטע און קעלנער האָבן זיך כסדר געדרייט דינסט-גרייט צו העלפן און

דער מעדיקער, וועלכער איז אליין געווען בלאס און א מינוט צו חלשות, האט זיך פונדעסטוועגן געפארעט און זיך געמענטשלט און אונטערגע-טראגן דערמונטערונגס-טראפן אונטער פארחלשטע נעזער, נישט פארפעלנ-דיק כסדר אליין אויך א שמעק צו טאן צום פלעשעלע.

די ווייטערדיקע טעג נאך דעם שטורם האבן זיך געצויגן אויף אן ענלעכן אופן ווי פריער, נאר וואס די יונגערע פאסאזשירן, מענער און פרויען, האבן געפונען א היפשן צייט-פארטרייב שטייענדיק ביים באריער פון אויבן און אראפקוקנדיק צו די שפילן און גבורה-פארמעסטונגען וואס האבן זיך אפגעשפילט אונטן.

אין סאלאן פון שיף איז צוגעקומען נאך א קליינע ענדערונג, דאס איז געווען, וואס דער קאפיטאן פון שיף, אריסטי קאסוליטש, האט זיך דער-נענטערט צו די אכט און איז אין געוויסע צייטן פון טאג ביי זייערע שמועסן געווען דער נייטער.

אריסטי קאסוליטש, וועלכער איז געווען א ליידנשאפטלעכער שאך-שפילער, האט זיך אויך דערוואוסט אז דער שרייבער פון פוילן קען שפילן שאך און עס איז זייט דעמאלט נישט אריבער דער טאג, אז זיי זאלן נישט פארברענגען א שעה-צוויי ביים שאך-שפיל.

אויפן דרייצנטן טאג פון דער רייזע, ווען עס האבן זיך פונווייטן בא-וויזן די קאנטורן פון יבשה, זיינען אויך די פאסאזשירן ארומגעכאפט גע-וארן פון א פרייד, אבער די האלטונג פון די מענטשן, די געוואוינהייט זייערע צו בלאזן פון זיך, האט זיי געשטערט די פרייד ארויסצואווייזן, האבן זיי זיך אוועקגעשטעלט אויף די בריקלעך און אראפגעקוקט אונטן, צו די מאסן, צו זייערע פריידיקע שפילן און עס האט אויסגעזען, אז זיי קוקן אראפ ווי אנדערע מענטשן, אינגאנצן אומבאקאנטע פאר זיי, שפילן אויס זייער פרייד.

פארנאכט, ווען די שווארצע געדיכטע כמארע האט זיך דערנענטערט און זיך אויסגעשפרייט איבער דער שיף און מיט אירע בליצן אנגעזאגט דעם קומענדיקן שטורם, האבן זיך די פאסאזשירן צוריקגעצויגן אין סאלאן און שפעטער אין עס-צימער, אבער די מערסטע פון זיי האבן שוין עסן נישט געקאנט ווייל די שיף האט זיך געוויגט און עס האט זיך אנגעהויבן איבערחזרן די געשיכטע פון מיט א וואך צוריק.

ווידער האבן זיך די קעלנער געוויזן דינסט-גרייט און דער יונגער מעדיקער-אנפאנגער וועלכער האט זיך נישט געוויזן קיינמאל אין סאלאן, איז ווידער אויסגעוואקסן מיט דעם פלעשעלע דערמונטערונגס-טראפן אין האנט, אבער פלוצלינג האט זיך דערהערט דער קראך, די שיף האט בא-קומען אזא שטויס, אז די וואס זיינען געזעסן אין סאלאן זיינען אראפגע-

פאַלן פון די פּאָטעלן און די שוואַכערע וועלכע זיינען שוין געלעגן אין די קאַיוטן, זיינען פון די בעטלעך אַרויסגעפאַלן.

גלייכצייטיק, ווען די פּאַניק האָט אויך אין דער צווייטער קלאַס אויס־געבראָכן, האָט זיך דערהערט די הילכיקע שטים פון קאַפּיטאַן, וועלכע איז דורכן מעגאַפאָן אין וועלכן ער האָט אַריינגעשריגן נאָך פיל הילכיקער געוואָרן. דאָס האָט ער פון זיין אָבסערוואַציע־פּאָסטן נאָענט איבער דעם סאַלאָן צווייטער קלאַס, געגעבן באַפעלן צו די שיף־אָפיצירן און מאַטראָזן און בלויז עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער זיך באַוויזן אין סאַלאָן, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, כאָטש עס איז געווען קענטיק, אַז אונטער דעם שמייכל באַהאַלט זיך אַן ערנסטע זאָרג און ער האָט זיך באַמיט צו באַ־רואיקן די פּאַסאַזשירן, אַז עס איז נישט געשען קיין בייז, די שיף האָט צוליב דעם שטורעם זיך בלויז לייכט אַ רייב געטאָן אָן אַ פעלדז פון אַ קליינעם אינדזל וואָס שטייט אונטער דער וואַסער־דעק, עס איז גאָרנישט געשען, מען דאַרף זיך נאָר פאַרהאַלטן רואיק און באַזאָכט.

נאָך די באַרואיקונגס־ווערטער פון קאַפּיטאַן, האָבן זיך אַ טייל פּאַסאַ־זשירן וואָס זיינען געהאַט אַרויסגעלאָפן אין טויט־שרעק פון זייערע קאַ־יוטן, אַרומגעזען אַז זיי שטייען במחילה אין די אונטער־וועש און זיי האָבן זיך שנעל צוריקגעצויגן, כאָטש די שרעק איז פון דעם קאַפּיטאַנס ווערטער נישט אָפּגעווישט געוואָרן און זי איז נאָך מער געשטאַרקט געוואָרן, ווען עס האָבן זיך דערהערט די באַסאָווע שטאַרקע רופן פון דער שיף־סירענע, וואָס האָבן ממש געמאַכט ציטערן די שיף און שנעל האָבן די פּאַסאַזשירן געכאַפּט אויף זיך וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן און צוריק אַרויס אין סאַלאָן און שפּעטער אויך אַרויס אינדרויסן, אויף די שיף־באַלקאָנען.

און מאָדנע, אין דער גרעסטער שרעק, האָבן די פרויען־פּאַסאַזשירקעס אין זייער איילעניש, נישט פאַרגעסן צו כאַפּן אויף זיך דאָס ביסל צירונג וואָס האָט פון זייערע אייגנטימערינס אַראָפּגעגלאַנצט ווי מיט חוזק אַנט־קעגן דער לעבנס־געפאַר אין וועלכער אַלע רייזנדע האָבן זיך געפינען.

פרויען האָבן געבראָכן די הענט און די מענער זיינען געשטאַנען בלאַ־סע, אין פאַרלעגנהייט, נישט געוואוסט וואָס זיי קענען אָדער דאַרפן דאָ אָנהויבן טאָן, מען האָט נאָר געוואוסט, אַז די געפאַר איז גרויס און ווען אַ שיף־אָפיציר האָט פאַרביי־געאיילט, האָבן זיי אים געפּרואווט פאַר־האַלטן, פרעגן ביי אים עפּעס, אָבער דער אָפיציר האָט איצט געהאַט וויכ־טיקערע אויפגאַבן אויף זיך און ער האָט זיי געלאָזן מיט די פראַגעס אויף די ליפּן.

כאָטש דער שטורם האָט נאָך געבושעוועט און די שיף האָט זיך גע־הוידעט אויף אַלע זייטן, האָבן די מענער אין זייער וואַקסנדיקער שרעק

געוואגט ארויסצוגיין פון סאלאן אויף דעם באלקאן און אנהאלטנדיק זיך אן באריער, האבן זיי געקוקט מיט שטארע בליקן אין דער ווייטער שוואר-צער נאכט אריין, וואס איז נאך שרעקלעכער געווארן, ווען א בליץ האט באלויכטן דעם צעבושעוועטן ים.

דאס א, איז אין די שווערע שעהן פון דער שוידערלעכער נאכט געווען דער גרויסער חילוק צווישן די עמיגראנטן פון אונטן און די פאסאזשירן פון אויבן.

בעת די עמיגראנטן פון אונטן זיינען געווען איינגעשלאסן אין די שמוציקע קעלער-געוועלבער ווי מייז אין א קלאפקע, און א טרייסט-ווארט, אן אן אויסזיכט צו קענען שוין מער פון דארט ארויסקומען, האבן זיך די פאסאזשירן פון צווייטן קלאס פריי באוועגט און ווי גרויס זייער שרעק איז אויך געווען, האבן אבער די ווערטער פון קאפיטאן קאסוליטש און זיין בארואיקנדיקער שמייכל געווירקט טרייסטנדיק, אז זייער לעבן, דאס לעבן פון די פאסאזשירן איז אויסער יעדער געפאר.

אריסטי קאסוליטש איז אליין ארומגעגאנגען און אכטונג געגעבן צי די מאנשאפט דערפילט אלע זיינע באפעלן און זיין פלאץ אויפן אבסער-וואציע-פאסטן האט פארנומען זיין ברודער, דער קאמענדאנט פון דער מאשינען-אפטיילונג פון דער „אטלאנטא" און שטרענג ווי עס זיינען גע-ווען די באפעלן פון קאפיטאן קאסוליטש, איז אבער נישט פארשוואונדן זיין בארואיקנדיקער שמייכל, ווען פאסאזשירן האבן אים פארהאלטן און כסדר האט ער געהאט דעם זעלבן ענטפער: — עס איז גארנישט געשען, מען דארף זיך נאר פארהאלטן רואיק און באזאכט, רואיק און באזאכט...



# ד

## שטאָט אונטערגאַנג — אויפגאַנג פון אַ ניי לעבן

דער פאַקט וואָס דער קאַפּיטאַן האָט זיי נישט געהייסן אַריינגיין אין זייערע קאַיוטן, נאָר הייסט זיי זיין רואיק און באַזאַכט, דאָס מיינט ערנסט, האָט אויפסניי פאַרשטאַרקט די שרעק; די ווערטער האָבן אָבער געהאָלפן, אַז מען זאָל זיך היטן פון מאַכן אַ פּאַניק.

וואָס אַ מינוט ווייטער, האָט מען געזען בולטער אַז די לאַגע איז זייער ערנסט. אָט האָט מען געזען ווי עטלעכע מאַטראָזן אַרבעטן ביי די רעטונגס-שיפלעך וואָס זיינען געהאָנגען אויף ריזיקע שטריק, די מאַטראָזן האָבן זיך באַמיט לויז צו מאַכן די רעדלעך און זיך געפּאָרקעט אַז די שטריק זאָלן נאָכגעבן און אָט האָט זיך איינגעגעבן און אַ שיפל האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן, אָבער פּלוצלינג האָט זיך אויף איין זייט איבערגעריסן דער שטריק און דאָס שיפל איז אויף דער זייט אַראָפּגעפאַלן און געבליבן הענגען אין דער לענג.

אויף אַ צווייטן פּלאַץ האָט מען געזען ווי מאַטראָזן ברענגען צו שלעפּן גאַנצע פּעק מיט שווימגאַרטלען, זיי לייגן זיי אַוועק אין גלייכע שטויסן נעבן די באַריערן אויפן באַלקאָן, פון ערגעץ האָבן אָנגעיאָגט עטלעכע מאַטראָזן וואָס האָבן געטראָגן גרויסע בינטן שטרוי, זיי האָבן פאַרביי־געאיילט און אַוועק אויף די טרעפּלעך וואָס פירן צום באַאַבאַכטונגס־פּאָסטן פון קאַפּיטאַן און פּלוצלינג האָט אויפגעפלאַקערט אַ גרויס פייער אין דער הויך אויף דער שיף, דאָס שטרוי וואָס מען האָט אָנגעטראָגן האָט געפלאַקערט און אַ מאַטראָז האָט געוואָרפן שטיקער האָלץ אויפן פייער און די פּאַסאַזשירן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס גיט די שיף סיגנאַלן אַז זי איז אין געפאַר.

אָבער, ווען עס האָט זיך באַוויזן דער קאַפּיטאַן און עטלעכע פּאַסאַזשירקעס זיינען צו אים צוגעלאָפן מיט פאַרבראָכענע הענט און געשטעלט אים פראַגן, האָט ער ווידער געשמייכלט און געזאָגט, אַז די „אַטלאַנטאַ" האָט באַקומען אַ הילפס-רוף פון אַ שיף וואָס איז אין געפאַר און מיר איילן איצט איר צו הילף...

ווידער האָט די סירענע אַרויסגעשטויסן איר ווילד קול אין דער פינצטערער נאַכט אַריין און וויפל די פּאַסאַזשירן האָבן געוואָלט גלויבן אַז די שיף האָט געענדערט איר ריכטונג, ווייל זי האָט אויפגעכאַפּט אַ רוף פון אַן אַנדער שיף וואָס געפינט זיך אין געפאַר, איז דאָס געווען אומ-מעגלעך, ווייל אַט האָט מען געזען בולט, אַז די שיף אַנשטאָט פאָרן אין אַ גלייכער ליניע, האָט זי זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן דרייען אַרום זיך אַליין, ווי אַ קאַרוסעל און דעמאָלט איז שוין ביי קיינעם פון די פּאַסאַזשירן נישט געווען קיין צווייפל, אַז די שיף קאָן יעדע מינוט אָנהויבן זינקען און יעדער פון די רייזנדע האָט אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס איי-גענע לעבן.

די גרופּע פון די אַכט, וואָס האָט זיך פריער געהאַלטן צוזאַמען, האָט זיך ווי אויפגעלייזט. יעדער פון זיי איז אַוועק אויף אַן אַנדער זייט און יעדער פון זיי האָט געזוכט אַן אופן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען.

דער איטאַליענישער קאָמיסאַר האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ וואו עס איז געהאַנגען צוגעטשעפּעט אַ גרויסער גומענער „בייגל". ער האָט אים אַרומגעטאַפּט און פעסטגעשטעלט, אַז ער איז גוט אָנגעפּאָמפּעט מיט לופט און ווי אַן אַן איינציקער האָפענונג האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אַן דעם פּלאַץ, כדי אין נויטיקן מאָמענט אָפּטשעפּען דעם גענוג זיכערן רע-טונגס-גאַרטל און שפּרינגען מיט אים אין ים אַריין און ער וואָלט אין איצטיקן מאָמענט זיכער גרייט געווען צו קעמפן אויף טויט און לעבן, ווען עמיץ זאָל צוקומען און וועלן צונעמען דעם גומענעם בייגל.

דער אידישער שרייבער פון פּוילן האָט אויך ערגעץ דערטאַפּט אַזאַ רעטונגס-בייגל, אָבער, ער האָט אים באַלד אָפּגעטשעפּעט און זיך גע-שלייכט מיט אים דורך די טרעפּ אַרויף, אויבן, אויף דער פּלאַטפאָרם נעבן באָאַבאַכטונגס-פּאָסטן, וואו ער האָט דעם בייגל באַהאַלטן אונטער אַ קופּע שטריק.

צי די אַלע צוגרייטונגען וואָלטן טאַקע עפּעס געהאָלפן ווען עס קומט דער אומגליק פון שיף-אונטערגאַנג, דאָס איז אַ גרויסע פראַגע, אָבער דער מענטש איז אַזוי זשעדנע אויף זיין ביסל לעבן, אַז אפילו דאָס אָנכאַפּן זיך אָן אַ שטרוי גיט אים אַ שטיקל האָפענונג עס צו קענען דערהאַלטן און אַזוי ווי דער קאָמיסאַר און דער אידישער שרייבער פון פּוילן, אַזוי האָבן אויך כמעט אַלע אַנדערע געזוכט און אויסגעפונען פאַרשידענע מיטלען, פון וועלכע זיי האָבן געשעפּט האָפענונג זיך צו קענען ראַטעווען דאָס לעבן.

פּלוצלינג האָט זיך פונווייטן דערהערט אַ רוף פון אַ סירענע און באַלד נאָך אַ רוף, אויף וועלכן די „אַטלאַנטאַ" האָט שנעל אָפּגעענטפערט און

בלויז דער געדאַנק אַז אַ שיף געפינט זיך שוין אין דער נאָענט, האָט גע־גען מער האָפענונג אויף רעטונג, ווי די אַלע צוגעגרייטע מכשירים און ווידער האָבן זיך די פּאַסאַזשירן אָנגעהויבן זאַמלען אין סאַלאָן און אויפן באַלקאָן נעבן סאַלאָן, עס האָט זיך אויך באַוויזן דער קאַפּיטאַן, זיין פּנים האָט איצט נישט בלויז געשמייכלט, נאָר עס האָט דערפון אַראָפּגעלויכטן פרייד און אויף שנעל האָט ער דערקלערט, אַז לויט דעם סיגנאַל וואָס ער האָט באַקומען, וועט זיך די שיף אַליין ראַטעווען פון געפאַר, אָבער פונ־דעסטוועגן, דאַרף מען זיך דערנענטערן צו איר...

די פּאַסאַזשירן האָבן פאַרשטאַנען אַז דער קאַפּיטאַן מיינט דאָס זי־כער זיין אייגענע שיף „אַטלאַנטאַ" וועלכע וועט זיך אפשר אַליין ראַ־טעווען פון געפאַר, אָבער אויך דאָס איז געווען אַ גוטע טרייסט און באַלד טאַקע האָבן זיך פון וויטן באַוויזן פייערלעך וואָס האָבן זיך כסדר דער־נענטערט און נאָך אַ ווײַלע האָט מען שוין געזען די באַלויכטענע פענס־טערלעך פון צוויי אַנקומענדיקע שיפן.

די געשפּאַנטקייט פון נערוון האָט נאָכגעלאָזן. מאַנכע פון די פּאַסאַ־זשירן האָבן שוין אַפילו געוואַגט זיך אַוועקצוזעצן אין סאַלאָן און אָפּכאַפּן טיף דעם אָטעם און ווען אַזאַ איינער איז נאָך אַ ווײַלע ווידער אַרויס אינ־דרויסן, האָט ער שוין געזען ווי די צוויי שיפן פאָרן אַרום אין אַ קרייז אַרום דער „אַטלאַנטאַ" און זיי קומען צו אַלץ נענטער.

דער שטורעם האָט זיך שוין לאַנג געהאַט געשטילט און אויך די כוואַליעס האָבן זיך אָנגעהויבן באַרואיקן, אַ צאָל פּאַסאַזשירן האָבן זיך ווידער פאַרזאַמלט אין סאַלאָן און פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן דער קאַפּי־טאַן, זיין פּנים האָט געלויכטן פון פרייד און קורץ — ווי געוויינלעך עס זיינען די געניטע ים־פאָרער — האָט ער אַ זאָג געטאָן: — אין צען שעה אַרום אַנקערן מיר ביי לאַס פּאַלמאַס.

וואָס מיט דער „אַטלאַנטאַ" איז פאָרגעקומען נאָכדעם ווי זי האָט זיך אָנגעשטויסן אָן דעם אינזל־פעלז, ביז איצט, ווען דער קאַפּיטאַן האָט גע־מאָלדן אַז אין צען שעה אַרום וועט זי אַנקערן אין לאַס פּאַלמאַס, דאָס האָט קיינער פון די פּאַסאַזשירן נישט געוואוסט און ערשט אין די ווײַ־טערדיקע טעג, האָט עס דער יידישער שרייבער זיך דערוואוסט פון דעם איטאַליענישן קאָמיסאַר.

אינדערזעלבער צייט ווען די פּאַסאַזשירן פון צווייטן קלאַס האָבן זיך באַרואיקטע אָנגעהויבן צוריקציען אין זייערע קאַמעראָטן, האָט מען דאָרט אונטן פון אַ קעלער־קאַמער אַרויסגעטראָגן אויף אַ טראָג־בעטל אַ יונגע פרוי.

די פרוי האָט געקרעכצט פון יסורים און זי האָט כסדר גערופן: —

איך וויל זען מיין מאַן! דער דאָקטאָר איז געגאַנגען ביי דער רעכטער זייט פון טראָג-בעטל און ערשט ביים קאָרעדאָר, איז ער געגאַנגען פאָראויס איבער דעם לאַנגן קאָרעדאָר ביז צו די טרעפּ, וואו ער האָט אַכטונג גע-געבן, אַז זיי זאָלן די פרוי פאָרזיכטיק אַרויפהויבן און אַ ווײַלע שפּעטער, איז די פרוי שוין געלעגן אויף דעם לאַנגן טיש-בעטל וואָס איז געשטאַנען אין דער גענוג גרוימער מעדיצינישער קאַנסולטאַריע פון שיף, וואָס איז געווען באַזאָרגט מיט עטלעכע גלעזערנע שאַפעס פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעשיינט פאַרשידענע מעדיצינישע און כירורגישע אינסטרומענטן.

די צוויי מאַטראָזן וועלכע האָבן געבראַכט דאָס בעטל, זיינען אַרויס און אַנדערע צוויי זיינען אַריינגעקומען. דאָס זיינען געווען צוויי מיטל-יעריקע מאַטראָזן וועלכע האָבן בעת דער וועלט-מלחמה פון 1914-18, געדינט אַלס סאַניטעטלער אויף קריגס-שיפן און אין איצטיקן שווערן מאָ-מענט פאַר דעם דאָקטאָר, האָט דער קאַפּיטאַן קאָסוליטש פאַרשטאַנען, אַז אָט די צוויי סאַניטעטלער קענען אים דינען אַלס נוצלעכע און נויטיקע אַסיסטענטן.

און באמת; דער יונגער דאָקטאָר, וועלכער האָט בלויז בעת זיין סטו-דענטישער פּראַקטיק בייגעוואוינט עטלעכע געבורטן אין אַ שפּיטאָל פון טריעסט און ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין נייגונג צו דער ספּעצ-יאַליטעט פון גינעקאָלאָגיע, איז ער איצט געשטאַנען נעבן דער קראַנקער פרוי ווי אַ פאַרלוירענער; די פרוי האָט זיך געקורטשעט אין ווייען און דער דאָקטאָר האָט פון געוואוינשאַפט, איר אַריינגעשטעלט דעם טערמאָ-מעטער אונטערן אָרעם און ער האָט גענומען טאַפּן איר פּולס, נאָר אַ שטאַרקער קאָנוואולסיוועער קורטש האָט מיט דער פרוי אַזאַ וואָרף געטאָן, אַז דער טערמאָמעטער האָט זיך צעבראָכן און די צוויי מאַטראָזן-סאַני-טעטלער האָבן אים געהאָלפן אַרויסבאַקומען די פּיצלעך גלאָז, אַז די קראַנ-קע פרוי זאָל זיך נישט צעקאַליעטשען.

די יונגע פרוי, שרהלע שטיינבערג, וועלכע האָט ערשט נעכטן נאָכ-מיטיק געהאַלטן אַנגעשפּאַרט איר בלאָנדן קאָפּ אויף איר מאַנס אַקסל און אין וואַכנדיקן חלום זיך צוגעהערט צו די לידלעך וואָס דער מאַן האָט פאַר איר געזונגען, איז אַלט געווען קוים צוואַנציק יאָר; נאָר איצט, ליגנדיק מיט אירע געבורט-ווייען אין אַמבולאַטאָריע-קאַבין פון דער שיף „אַטלאַנ-טאַ”, האָט זי אויסגעזען פיל עלטער און עס איז זי נישט געווען צו דער-קענען.

זי איז איצט געלעגן אויף דעם שמאָלן טיש-בעטל איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך. דאָס לאַנגע ווייסע העמד וואָס זי האָט געטראָגן, האָט זי שוין אין אירע ווייטיקן אינגאַנצן צעפליקט און איצט האָט זי געריסן שטיקער

פון ליילעך, וועלכעס זי האָט אויך געביסן פון ווייטיק און מיט יעדן וואָרף וואָס זי האָט געגעבן מיט איר קאָפּ וואָס איז געווען אינגאַנצן באַגאָסן פון אַנגסטן, האָבן זיך אירע לאַנגע בלאָנדע האָר ווי אַ גאָלד-כוואַליע אַ וואָרף געטאָן און זיך צעשאָטן אויףביידע זייטן און אַראָפּגעהאָנגען ווי גאָלדענע פראַנזן אַרום איר צעקאָפּנס.

ווען די ווייען האָבן איר אויף אַ ווײַלע נאָכגעלאָזן, האָט זי מיט אירע גרויסע, איצט אַרויסגעשטאַרצטע בלויע אויגן געקוקט אויף דעם דאָקטאָר און זיך געבעטן: — מיין מאַן! איך וויל זען מיין מאַן!... דער דאָקטאָר האָט געזוכט זי צו באַרואיקן, ער האָט געגלעט איר קאָפּ און איר עפּעס געזאָגט אויף איטאַליעניש, וואָס זי האָט נישט פאַרשטאַנען און ווידער איז זי באַהערשט געוואָרן פון די ווייען.

אין קאַבין האָט זיך באַוויזן דער קאַפּיטאַן קאָסוליטש.

נישט אומזיסט האָט אַריסטו קאָסוליטש באַקומען אַזויפיל אויסצייכענונגען פון דער עסטרייכישער אַדמיראַליטעט בעת דער מלחמה פון 1914-18; ער איז נישט נאָר געווען אַ געניטער שיפס-קאַפּיטאַן, אַן אומדערשראָקענער ים-פאָרער, וואָס האָט געוואַגט מיט פעסטער האַנט צו פירן זיין שיף קעגן שטורמען און באָמבאַרדירונגען, נאָר ער איז אויך געווען אַ גוטער און אויפמערקזאַמער באַלעבאָס איבער אַלץ וואָס געפינט זיך אויף זיין שיף און איצט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די פרוי וואָס מען האָט נאָר-וואָס אַרויפגעבראַכט פון דריטן קלאַס, איז נישט גלאַט קראַנק פון איבערשרעק צוליב דער געשעעניש מיט דער שיף, נאָר עס האַנדלט זיך וועגן אַ שוואַנגער-פרוי וואָס האָט באַקומען ווייען, האָט ער געפונען פאַר נויטיק אַ קוק צו טאָן ווי אַזוי דער דאָקטאָר, וואָס איז נישט געניט אין אַזעלכע פאַלן, גיט זיך אַן עצה מיט דער קימפּעט-פרוי.

דער דאָקטאָר האָט זיך געשטעלט פאַר אים ווי אַ סאָלדאַט פאַר זיין אָפיציר און אים באַריכטעט וועגן דעם צושטאַנד פון דער פרוי און פון דעם קורצן באַריכט האָט דער קאַפּיטאַן פאַרשטאַנען, אַז דער דאָקטאָר געפינט זיך אין אַן אומבאַהאָלפענער לאַגע און ער האָט אויך געשטעלט פראַגן צו די צוויי מאַטראָזן-סאַניטעטלער און איינער פון זיי האָט מיטגעטיילט דעם קאַפּיטאַן, אַז ער איז איינמאָל בייגעווען ווען זיין פרוי האָט אים געבוירן אַ זונדל און ער ווייסט מער-ווייניקער וואָס מען דאַרף טאָן פאַר דער ריינלעכקייט ביי אַזאַ דעליקאַטן ענין.

וואָס האָט דאָ דער קאַפּיטאַן געקאָנט העלפן? מיט אויסערגעווייגלעכער קאַלטבלוטיקייט און אויסגעהאַלטנקייט האָט דער קאַפּיטאַן קאָסוליטש באַוויזן אויסצומיידן אַ פּאַניק אויף דער שיף בעתן אומגליק און דערמיט האָט ער געראַטעוועט די שיף מיט אַריבער עלף הונדערט פּער-

זאַן, וועלכע וואָלטן זיכער אומגעקומען, ווען נישט זיינע שטרענגע פאַר-אָרדענונגען; אָבער דאָ, אַ געשעעניש וועלכע גייט נישט אַריין אין די רעגלאַמענטן פון אַ שיף און עס איז אַ געשעעניש אין וועלכער ער וואָגט נישט צו אינטערווענירן דירעקט, ווייל ער קאָן דאָ גאָרנישט העלפן, האָט ער בלויז מיט אַ שטיל נאָר פעסטן קול אָנגעזאָגט צו אַלע דריי, אַז זיי זאָלן טאָן אַלעס מעגלעכע אַז די זאַך זאָל אַדורכגיין גוט און אַבי גוט, וועט ער געדענקען זייער וויכטיקע און אויסנאַמלעכע לייסטונג...

פון דער מעדיצינישער קאָנסולטאַריע איז דער קאַפּיטאַן אַ נערוועזער אַוועק אין דער שיף-אַדמיניסטראַציע, ער האָט דעם אַדמיניסטראַציע-אָפיציר געלאָזט אויפוועקן פון שלאָף און בלויז מינוטן שפּעטער, איז ער שוין פאַר אים געשטאַנען אַן איבערגעשראָקענער און דער קאַפּיטאַן האָט אים געמאַכט דעם פאָרוואורף, פאַרוואָס די געהעריקע אינסטאַנצן פון דער קאָסוליטש-געזעלשאַפט היטן נישט אָפּ דעם רעגלאַמענט וואָס שייך דעם אויפנעמען שוואַנגער-פרויען אויף אַזאַ ווייטער רייזע.

אַזאַ רעגלאַמענט האָט באמת עקזיסטירט; סיי ביים קויפן די שיפ-קאַרטעס און סיי פאַרן אויפשטייגן אויף אַ שיף, האָט מען ביי די פרויען אָנגעפרעגט און אָפילו אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די שיף מאַכט זיך נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעליקאַטע געשעענישן מיט שוואַנגער-פרויען, אָבער די עמיגראַציע-בהלה פון די טויזנטער און טויזנטער מענטשן, וואָס די אַלט-היימישע ערד האָט אָנגעהויבן ברענען אונטער זייערע פיס, האָט געווירקט, אַז פרויען זאָלן לייכט איבערקומען די פראַגן און די שיף אַגענ-טורן זיינען געווען זשעדנע צו פאַרקויפן וואָס מער שיפקאַרטעס, האָבן זיי נישט געצוג שטרענג געפאָרשט די ענינים און די פרויען האָבן אויך באַ-וויזן צו פאַרהיימלעכן זייער צושטאַנד פאַר די מעדיצינישע קאָמיסיעס וואָס האָבן רעווידירט די עמיגראַנטן פאַרן אַרויפשטייגן אויף דער שיף.

צום דאָקטאָרס צופרידנקייט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סאַני-טעט-מאַטראָז האָט נישט אומזיסט בייגעוואוינט אַ געבורט ביי זיין פרוי, ווייל באַלד האָט ער געבראַכט פון קיך גרויסע טעפּ מיט הייסע וואַסער אוּן זיך גענומען פאָרען ווי אַן אמתע אַקושאָרקע און דער דאָקטאָר האָט געוואוסט, אַז אַבי אַלץ וועט זיין גוט, וועט עס גיין אויף זיין חשבון.

דערווייל האָט עס פּאַסירט, אַז מען האָט אונטן צעעפנט די טירן פון די קעלער-קאַמערן און צווישן די פילע אומגליקלעך-פאַרשפּאַרטע אין דעם עמק הבכא, וואָס האָבן זיך איצט אַרויסגעריסן פון די קעלערן, האָט זיך אויך געפונען דער יונגער ברוך שטיינבערג.

זיין ערשטער וועג איז געווען צו דער קעלער-קאַמער פון די פרויען און דאָרט האָט ער זיך דערוואוסט וואָס עס איז געשען מיט זיין פרוי,

און ער האָט זיך שנעל געלאָזן לויפֿן צו דער צווייטער קלאַס, אָבער ביי די אַרויסגאַנג-טרעפּ האָט אים אַ מאַטראָז פֿאַרהאַלטן.

דער יונגערמאַן האָט געשריגן און זיך געבעטן אויף יידיש און פּויליש און אויף שטום-לשון, מאַכנדיק פֿאַרשידענע צייכנס אַז דער מאַטראָז זאָל אים פֿאַרשטיין, אַז מען האָט זיין פֿרוי דאָרט אַרויסגענומען, אַז זי איז קראַנק און ער מוז צוקומען צו איר, אָבער דער מאַטראָז האָט אַלץ נישט פֿאַרשטאַנען, אָדער ער האָט זיך געמאַכט נישט פֿאַרשטיין און דערווייל האָט זיך אַרומגעזאַמלט אַ היפּשע גרופּע עמיגראַנטן און אין דער פֿינס-טערער נאַכט האָבן זיי גענומען דראָען און ווער ווייסט וואָס עס וואָלט פּאַסירט, ווען עס קומט נישט אָן דער „דאָלמעטשער", וועלכער האָט אויפֿגענומען די טענות פֿון דער גרופּע, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דעם פֿאַרצווייפֿלטן שיף-ברודער וואָס איז געשטאַנען און זיך ממש געריסן די האָר פֿון קאָפּ.

דער דאָלמעטש האָט געפֿרעגט ביי דעם פֿאַרצווייפֿלטן זיין נאָמען און געבעטן אים, ער זאָל דאָ רואיק צוואַרטן אַ פּאָר מינוט און ער איז אַרויף אויבן.

ברוך שטיינבערג איז געבליבן שטיין ביי די טרעפּ, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן באַריער פֿון דער טרעפּ-לייטער און געבליפּעט און אַרום אים, אַ היפּשע צאָל שיף-ברידער וואָס האָבן געקוקט צו אים מיט באַדויערן, זיי האָבן געוואָרט כדי צו זען צי מען וועט אים אַרויפֿלאָזן, צום גליק האָט עס טאַקע נישט לאַנג געדויערט און מען האָט פֿון אויבן אויסגערופֿן שטיינבערגס נאָמען.

מיט איין שפּרונג איז שטיינבערג געווען אינדערהויך און זיך געלאָזן גיין נאָך דעם מאַטראָז וואָס האָט אים גערופֿן.

באַלד איז אויך צוגעקומען דער דאָלמעטשער און מיילן-ווייט האָט פּאַר שטיינבערגן אויסגעזען דער וועג דורך די קאָרעדאָרן פֿון שיף, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו אַ טיר איבער וועלכער עס איז געהאַנגען אַ לאַמ-טערל מיט אַ רויטן קרייץ.

דער דאָלמעטש האָט געפֿילט, אַז ער דערפֿילט איצט אַ זייער וויכ-טיקע שליחות און ער האָט גלייך אויפֿגעמאַכט די טיר און אַריין צוזאַמען מיט שטיינבערגן. אָבער דאָ זיינען זיי געבליבן שטיין צעטומלטע, ווייל פֿון דער קאַמעראַטע האָבן אַרויסגעפֿירט עטלעכע טירן מיט פֿאַרשידענע אויפֿשריפֿטן און דער דאָלמעטש האָט נישט געוואוסט אין וועלכער אַנצו-קלאַפּן.

שטיינבערג איז געשטאַנען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן צו הערן פֿון ערגעץ-וואו אַ קול, אויפֿצוכאַפּן אַ קלאַנג, אָבער אַלץ אַרום איז געווען

שטיל און די שטילקייט האָט זיין פיין און שרעק נאָך מער פאַרשטאַרקט.

די שטילקייט האָט אָבער נאָר אָנגעהאַלטן א קורצע ווײַלע, וואָס נאָך פּאָר שטיינבערגן האָט זי זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט; באַלד האָט זיך דערהערט עפּעס אַזוינס ווי אַ טיפער קרעכץ, ווי אַן אויסרוף פון אַ ווײַ-טיקלעכן „אוי” וואָס האָט זיך בלויז ווי אַ פאַרשטיקטער עכאָ דורכגע-ריסן דורך די הערמעטיש-געשלאָסענע אייזערנע ווענט פון שיף.

שטיינבערג האָט אָנגעוויזן אויף אַ טיר, אַז פון דאָרט האָט זיך אַרויס-געריסן דער קרעכץ און ער האָט געוואָלט אַריין, אָבער דער דאָלמעטש האָט אים פאַרהאַלטן, ווייל — צוערשט, האָט ער געזאָגט, מוז ער אָנפרעגן צי מען קאָן אַריין...

דער דאָלמעטש האָט שטיל אָנגעקלאַפּט, קיין ענטפער. האָט ער גע-פּרואווט עפענען די טיר, איז זי געווען פאַרשלאָסן.

אין קאָרעדאָר האָט זיך באַוויזן אַן אָפיציר פון דער מאַנשאַפט, ער האָט זיך שנעל דערנענטערט, און הערנדיק פון דאָלמעטש וועגן וואָס זיי שטייען דאָ, האָט ער געבעטן אַז דער מאַן זאָל זיך דאָ רואיק פאַרהאַלטן ביז מען וועט אים אַריינרופן.

ער האָט מיט אַ שליסל געעפנט די טיר און איז אַריין און ביים עפע-נען די טיר, האָט זיך ווידער אַרויסגעהערט אַ ווייטיקלעכער קוויטשענ-דיקער קרעכץ און שטיינבערג האָט זיך פון פיין אָנגעהויבן שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ.

די לאַגע פון דער יונגער פרוי האָט אַלץ נאָך אָנגעהאַלטן אין זעלבן ערנסטן צושטאַנד. דער דאָקטאָר איז געשטאַנען נעבן איר אַן אומבאַהאָל-פענער. ער האָט שוין עטלעכע מאָל אַראָפּגענומען פון איר דאָס ליילעך און זי צוריק איבערגעדעקט און אָט שטייט ער און קוקט אויף דעם מאַט-ראַז וועלכער פאַרקעט זיך ביי די טעפּ הייסע וואַסער און וועלכער הויבט בסדר די אַקסל און זאָגט, אַז דערוויל איז גאָרנישט דאָ וואָס צו טאָן, מען מוז וואַרטן און דאַן וועט מען זיך מוזן נעמען צו דער אַרבעט.

שרהלע איז שוין געווען זייער אָפּגעשוואַכט. לויט די גרימאַסן אויף איר צעפלאַמטן פנים, האָט מען געזען אַז די ווייטיקן זיינען ביי איר נישט קלענער געוואָרן, נאָר זי האָט שוין מער נישט קיין כוח צו רעאַגירן און די קרעכצן אירע זיינען בסדר געוואָרן שוואַכער און שוואַכער.

פּלוצלינג האָט זיך ביי איר אָנגעבלאָזן דער האַלז און עס האָבן אויף אים אַרויסגעשפּאַרט דיקע בלויע אָדערן און באַלד דערויף האָט זיך פון איר ברוסט אַרויסגעריסן אַ לאַנגער צעצויגענער פאַרצווייפלטער קוויטש אין ווען זי איז געבליבן שטיל, האָט זיך דערהערט עפּעס אַזאַ שטיל פּישטשען ווי פון אַן ערשט-געבוירן הינדעלע און דער דאָקטאָר האָט שנעל

אַראָפּגעצויגן דאָס ליילעך, דער געניטער סאַניטעטלער האָט אַרויסגע-
באַפּט די שער וואָס ער האָט ביז איצט געהאַלטן אין קאָבעדיקן וואַסער,
ער האָט שנעל אַרויפגעצויגן אויף די הענט גומענע הענטשקעס און ער
האָט געגעבן עטלעכע באַפעלן און עס איז געטאָן געוואָרן אַלץ וואָס איז
געווען מעגלעך ביי אַזעלכע באַדינגונגען, די געבורט, כאָטש אַ פּריציייטי-
קע, ווייל עס איז געווען אַ זיבעלע, איז אַדורך בשלום.

שטיינבערג איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער טיר. ער האָט זיך גע-
ריסן די האָר פון קאָפּ, געשלאָגן זיך מיט די פויסטן און געביסן זיך
די הענט און עס האָט דעם דאָלמעטש געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונג, ער
זאָל ווי נישט איז באַרואיקן און וועקן אין אים דעם באַוואוסטזיין, אַז מיט
זיין היסטערישער האַלטונג טוט ער גאָרנישט אויף, נאָר פאַרקערט, ער
דאַרף זיך האַלטן רואיק און געצוימט, כדי ווען מען וועט אים אַריינלאָזן
צו דער פרוי, זאָל זי זיך נישט דאַרפן דערשרעקן פאַר אים; — די אַלע
רייד האָבן אָבער ווייניק געהאָלפן, שטיינבערג האָט זיך אַוועקגעלייגט
אויף דער ערד נעבן דער טיר און נישט אויפגעהערט כליפּען, ביז די
טיר האָט זיך פלוצלינג געעפנט, עס האָט זיך באַוויזן דער מאַטראָז, ער
האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן און דער דאָלמעטש האָט שנעל מיטגעטיילט
שטיינבערגן, אַז זיין ווייב האָט אים געבוירן אַ קליינטשיק שיין מיידעלע.

אַ ווײַלע שפּעטער, האָט שוין די גאַנצע מאַנשאַפט פון דער שיף
געוואוסט, אַז בלויז איין שעה שפּעטער. נאָכדעם ווי די שיף האָט גע-
האַלטן ביים אונטערגיין, איז אויף איר אויפגעגאַנגען אַ נייַ לעבן, עס
איז געבוירן געוואָרן אַ פּיטשעגאַנטשקע מיידעלע!...





## אַ לויה אויפֿן ים

די אַלע געשעעענישן וואָס זיינען געשילדערט געוואָרן אין פֿאַריקן קאַ-פּיטל, האָבן זיך אָפּגעשפּילט פֿון 30סטן מאַי זעקס אזייגער פֿאַרנאַכט, ביז דעם 31-טן נאָך צוויי אזייגער פֿאַרטאָג.

דער פֿריער בייז-פֿאַרכמאַרעטער הימל האָט זיך שוין געהאַט אויסגע-לייטערט און האָט איצט אויסגעזען ווי אַ ריזן-גרויסע אויסגעשפּרייטע שוואַרצע סאַמעטענע דעק אויסגעהאַפּטן מיט גאָלדענע פֿינקלדיקע שטע-רנדלעך. אויך דער פֿריער צעשטורעמטער ים האָט זיך שוין געהאַט באַ-רואיקט, נאָר בלויז מאַנכע איינגעשפּאַרטע כוואַליעס האָבן נאָך געמאַכט קאַזשעלקעס און אָנגעשלאָגן זיך אָן די ווענט פֿון שיף.

די צוויי שיפֿן וואָס האָבן זיך געהאַט דערנענטערט צו דער „אַטלאַנ-טאַ", האָבן זיך איצט פּאַמעלעך אָנגעהויבן דערווייטערן פֿון איר.

די פּאַסאַזשירן פֿון אויבערשטן קלאַס האָבן זיך שוין פּאַמעלעך, איי-נער נאָכן אַנדערן געהאַט צוריקגעצויגן אין זייערע קאַיוטן און נאָכדעם ווי מאַנכע פֿון זיי האָבן געפֿונען פֿאַר נויטיק צו דערכאַפּן זיך די הערצער מיט אַ שנעפּסל און אַנדערע — ארומצווואַשן זיך מיט אַ ביסל אָ-דע-קאָלאָן און זיך אָפּפֿרישן, האָבן זיי זיך געלייגט אויף זייערע בעטלעך און באַמיט זיך איינצושלאָפֿן.

אויך אונטן, נאָכדעם ווי כמעט אַלע עמיגראַנטן זיינען געהאַט אַרויס פֿון זייערע געמיינזאַמע קעלער-געוועלבער וואו זיי זיינען געלעגן איינ-געשלאָסן מיט זייער טויט-שרעק און זיי האָבן זיך שוין צוביסלעך גע-האַט באַרואיקט, האָבן זיי זיך גרופּעסווייז אומגעקערט אין זייערע קאַ-מערן, ביז ענדלעך אויך זיי, האָבן זיך אויסגעלייגט אויף זייערע געלע-גערלעך, כדי איבערצוקומען די רעשט נאַכט.

די לעצטע וועלכע זיינען אַראָפּ אין די קאַמערן, זיינען געווען די גרו-פּע וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַר ברוך שטיינבערג און געוואָלט פֿאַר אים באַפֿרייען אויף כח דעם אַרויפֿגאַנג צו דער צווייטער קלאַס.

זיי זיינען נאָך געהאַט געשטאַנען ביי דעם בריקל אַ לאַנגע צייט, זיי

האָבן געזוואָרט אויף אַ ידיעה, זיי האָבן געטראַכט, אַז אפשר וועט שטיינבערג באַלד צוריקקומען, אָדער דער דאָלמעטש וועט זיך באַווייזן און זיי וועלן זיך קענען עפּעס דערוויסן, אָבער ביידע האָבן זיך מער נישט באַוויזן און דערשיטערט ווי זיי זיינען געווען פון די געשעענישן, האָבן זיי זיך אויך צוריקגעצויגן און אַראָפּ, יעדער אין זיין קעלער־וואוינונג, וואו עס האָבן אויף זיי געוואַרט די ליידיקע טונקל־בלוי לייוונטענע געלעגערלעך.

אַזוי די פּאַסאַזשירן ווי די עמיגראַנטן זיינען שנעל פאַרזונקען, ווער אין רואיקן און ווער אין אומרואיקן שלאָף, אָבער דער גרעסטער טייל פון דער שיף־מאַנשאַפט, די פּראָסטע מאַטראָזן, די עלטערע מיט העכערן ראַנג, די אונטער־אָפיצירן און אָפיצירן און אַזוי ביז צום קאַפּיטאַן, זיי זיינען נאָך נישט געגאַנגען שלאָפן.

עס האָט זיי נאָך געהאַלטן וואַך די ערשטע געשעעניש, דער שטורעם וואָס די שיף האָט באַקומען פון דעם אינזל־פעלז און אויך די צווייטע געשעעניש, דאָס געבוירן ווערן פון אַ קינד אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען.

כדי צו פאַרענדיקן דעם עפּילאָג צו דעם שיער נישט קאַטאַסטראָפאַלן שטויס וואָס די שיף האָט באַקומען, האָבן אַ צענדליגג מאַטראָזן נאָך שווער געאַרבעט אין טיפן קעלער וואו עטלעכע פון זיי האָבן אַרויסגעפּאָמפּט וואַסער וואָס האָט זיך דאָרט געהאַט אָנגעזאַמלט שוין אויף אַריבער אַ מעטער די הויך און אַנדערע האָבן נאָך אַלץ געאַרבעט מיט מאַשינקעס אין די הענט פון וועלכע עס האָט מיט קראַפט געשפּריצט מיט פייער; דאָס האָבן זיי געשווייסט און צונויפגעגאָסן די אייזערנע פּלאַטע, אָדער די לאַטע וואָס זיי האָבן צוגעפּעסטיקט איבער אַ שפּאַלט אויף אַ שטיק וואַנט.

די אַרבעט אין דעם קעלער איז געטאָן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון אַן אָפיציר־טעכניקער. דריי מאָל איז שוין אַראָפּגעקומען אַהין דער קאַפּיטאַן אַליין, וועלכער האָט דעם אָפיציר געגעבן געוויסע אינסטרוקציעס און עס זיינען דאָרט כסדר געקומען מאַטראָזן וואָס האָבן געבראַכט פאַרשידענע געצייג, וועלכע זיינען נויטיק געווען צו דער אַרבעט און כאָטש די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אָנגעשטרענגטע, האָבן די ניי־אַריינגעקומענע באַוויזן איבערצוגעבן די נייעס וועגן דעם געבוירענעם קינד און די נייעס איז פאַר די ים־פאָרער געווען אַזאַ פּיקאַנטע, אַז זיי האָבן אין מיטן דער אַרבעט אויך גערעדט וועגן דער פּיקאַנטער געשעעניש און די שווער־פאַרהאָרעוועטע שיף־אַרבעטער אין קעלער פון שיף האָבן שוין אַפילו געוואוסט אַז דאָס געבוירענע קינד איז אַ „זיבעלע" און אַז עס איז אַזוי גרויס ווי אַ פייגעלע און עס פּישציעט ווי אַ פייגעלע...

און פונקט אזוי אייפעריק ווי דער קאפיטאן האט כסדר באזוכט דעם קעלער פון וואנען עס האט געדראט די געפאר פאר דער שיף, אזוי האט ער אויך כסדר באזוכט די „שפיטאל-אפטיילונג" פון שיף און כאטש ער איז נישט אריין אין דער „אפעראציע-קאבין" וואו די קראנקע פרוי איז געלעגן, האט ער אבער כסדר אפגענומען ראפארטן וועגן דעם צושטאנד פון פרוי און קינד.

דער דאקטאר איז איצט געווארן גאר אן אנדערער. זיין פריערדיקע אומבאהאלפנקייט איז אינגאנצן ווי פארשוואונדן און ער האט איצט קא-מאנדעוועט און זיך געהאלטן ווי א גרויסער, אין זיך, זיכערער ספעציא-ליסט.

זיין צווייטער באריכט צום קאפיטאן איז געווען, אז די פרוי איז עס איבערגעקומען גוט, די פראגע איז נאר צי דאס קינד, וואס איז כמעט נאך נישט צייטיק, עס זעט אוים צו זיין א פרי זיבעלע, צי עס וועט אויסהאלטן. אבער ער טוט אלעס וואס נאר מעגלעך, אום עס צו דערהאלטן ביים לעבן.

דער קאפיטאן האט אים מיט דאנקבארקייט געקלאפט אין ארעם און מיט א ווארימען שמייכל אים צוגעזאגט נישט צו פארגעסן די לייסטונג זיינע, אויב ער וועט באווייזן, אז אויך דאס קינד זאל אנקומען לעבעדיק קיין בוענאס איירעס.

אין דער ווירקלעכקייט איז אבער מיט דער קימפעטארין אליין אויך נאך נישט אלץ געווען אין ארדענונג.

דער עלטערער סאניטעטלער וועלכער האט זיך שוין געהאלטן פאר א שטיקל מומחה אין דעם עניז, האט זיך געדרייט ארום דער קראנקער מיט א באזארגטער מינע און שוין צום צווייטן מאל ווי ער האט דעם דאקטאר עפעס איינגערוימט אין אויער, אבער דער דאקטאר האט א מאך געטאן מיט דער האנט, אזוי ווי איינער זאגט: — נישט דיין זארג. דאס לאז שוין איבער צו מיר...

שרהלע איז געלעגן א גלייך-געשטרעקטע איבערגעדעקט מיט א פריש ליילעך, אירע בלאנדע זיינען האר שוין איצט אין בעסערער ארדע-נונג געלעגן אויסגעשפרייט ארום איר פנים וואס איז איצט שוין מער נישט געווען רויט, נאר באגאסן מיט א רואיקער בלאסקייט און קוקנדיק אויף איר מאן, האט אויף אירע בלאסע ליפן געגרוט אזא צארטער פארגעבנ־י-קער שמייכל, וועלכער איז בלויז מאמענטנווייז פארוואנדלט געווארן אין א ווייטיקלעכן גרימאס.

ווען מען האט שטיינבערגן אריינגעלאזן אין קאבין, איז ער א פאל צוגעגעבן צו דעם בעטל, אנידערגעקניט ביים צעקאפנס און אנגעלענט דעם קאפ אויפן ברעג ביים צעקאפנס און שטיל געבליפעט, נאר ווען

שוועסטער די האַנט פון אונטער דעם לײַלעך כדי אים צו געבן אַ טרייסטנדיקן גלעט איבערן קאָפּ, האָט דער דאָקטאָר, וועלכער איז געשטאַנען דערנעבן, עס נישט דערלאָזן; מיט אַ פינגער אויף די ליפּן האָט ער געוויזן אַז זי טאָר נישט מאַכן איצט קיין שום אָנשטרענגונג און ברוכן האָט ער געהאַלפן אויפשטיין און אים אויף שטום-לשון באַפוילן אַז ער מוז זיך האַלטן רואיק, ווען נישט וועט ער אים היימן אַרויספירן.

איז שוין ברוך געשטאַנען רואיק אין דער לינקער זײַט נעבן איר צו-קאָפּנס; ער האָט בלויז לייכט געגלעט אירע צעשפּרייטע גאָלד-בלאָנדע האָר און פון זײַנע אויגן האָבן נישט אויפגעהערט רינען די טרערן.

פון דער צווייטער זײַט קאַבין האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ שטוי-לער פּישטש, טאַקע נאָר ווי פון אַן ערשט-געבוירן פייגעלע. דאָרט זײַנען מיט דעם ניי-געבוירענעם באַשעפעניש׳ל געווען פאַרנומען די צוויי מאַט-ראָזן-סאַניטעטלער און זיי האָבן איצט צוגערופן דעם דאָקטאָר און אים עפּעס געזאָגט און באַלד איז דער דאָקטאָר אַרויס אין דעם פאָר-קאַבין וואו עס איז נאָך געשטאַנען דער דאָלמעטש און געוואַרט אויף עפּעס אַ ידיעה אָדער באַפעל, וואָס זאָל באַפרידיקן זײַן נײַגעריקייט.

און אָט האָט ער פון דאָקטאָר באַקומען אַ גאָר וואַזשנעם באַפעל וואָס האָט אים ממש אָנגעפילט מיט שטאָלץ. ער האָט באַקומען אַ באַפעל צו גיין אין דעם קעלער פון די אימיגראַנטקעס און אָפּזוכן צי איז פאַראַן אַ פרוי וואָס זייגט אַ קינד און אויב ער געפינט אַזאַ, זאָל ער זי אומפאַר-זוימט אַרויפברענגען אַהער.

דער דאָלמעטש איז אַוועק און דער דאָקטאָר איז צוריק אַרײַן אין אָפּעראַציע-קאַבין, וואו דער עלטערער סאַניטעטלער האָט אים ווידער אײַנגערוימט אַ סוד אין אויער און דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטאָן צו דער קימפּעטאָרין.

דער דאָקטאָר האָט זיך טאַקע איצט געהאַלטן דרייסטער; די גע-בורט איז אַדורך, די קימפּעטאָרין האַלט זיך רואיק און דאָס ניי-געבוירענע באַשעפעניש׳ל פּישטשעט און פאָדערט עסן און ער האָט שוין פאַראָרדנט צו ברענגען אַ זייגערין וואָס זאָל ביים פּיצל שטילן דעם הונגער, און די ווערטער פון קאַפּיטאַן, אַז ער וועט געדענקען זײַן לייסטונג האָט אים וואַרים געגלעט אויפן האַרצן, האָט ער זיך געהאַלטן גדולדיק און ער האָט כסדר פאַרגעסן אָן דעם סוד וואָס דער סאַניטעטלער האָט אים אײַנ-גערוימט אין אויער, אַז מען דאַרף אַכטונג געבן עס זאָל קומען די „נאָך-געבורט״, ווייל נאָך דעם ווי דאָס קינד קומט אַרויס, מוז אויך דערנאָך אַרויסקומען דאָס „געלעגערל״ וואָס דאָס קינד האָט זיך אַליין אויסגעבעט

אין משך פון חדשים אין דער מוטערס טראַכט... ער האָט גאָרנישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, ווייל ביי יעדער נייער געשעעניש וועט ער זיך ווידער דאַרפן פאַרלירן און אַרויסווייזן זיין אומבאַהאָלפנקייט; אָבער איצט, ווען דער סאַניטעטלער האָט אים ווידער דערמאָנט און ער האָט אַ קוק געטאָן צו דער קראַנקער און דערזען אויף איר פּנים אַ מאָדנע ענ-דערונג, האָט ער זיך ווידער דערפילט ווי פאַרלוירן, און ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי קוקן אויף דעם עלטערן סאַניטעטלער מיט געבעט, אפשר קאָן ער אים דאָ אָנווייזן וואָס מען דאַרף ווייטער טאָן...

דער סאַניטעטלער מיט די לאַנגע געדיכטע אַראָפּהענגענדיקע וואָנ-צעס איז צוגעקומען, געוואָרפן אַ בליק אויף דער קראַנקער און אויף זיין וואונק, איז דער מעדיקער אַוועק מיט אים אין אַ ווינקל און דאָרט האָט ער אים געזאָגט זיין מיינונג, אַז לויט די סמנים ווי אַזוי די געווינערן רעאַגירט, קאָן זיין, אַז די נאָך-געבורט וועט אַליין קומען פּונקט אַזוי ווי די געבורט און עס וועט זיך ענדיקן גוט.

דאָס האָט דעם דאָקטאָר ווידער געשטעלט אויף די פיס און כדי צו פאַרדעקן פאַר זיך אַליין די מאָמענטאַלע פאַרלעגנהייט וואָס האָט אים געהאַט באַהערשט, איז ער צו צום קינד נעבן וועלכן עס איז געשטאַנען דער צווייטער סאַניטעטלער און כסדר פאַריכט די אַרויסגעשטאַרצטע שטיקלעך וואַטע אין וועלכע דאָס פּיצל איז געווען געוויקלט און דער דאָק-טאָר האָט גענומען דאָס קליינע „פּעקעלע" פון וועלכן עס האָט אַרויס-געקוקט אַ קליין קעפּעלע ווי אַן עפּעלע די גרויס, מיט פאַרמאַכטע איי-געלעך און אַן אָפן פּיטשעונטשע מיילעכל וואָס האָט שטיל געפּישטשעט און צוגעטראָגן עס צו דער קימפּעטאָרין, זאָל זי אַ קוק טאָן, און זאָל אויך דער מאַן אַ קוק טאָן און זען, אַז ער דערפילט ערלעך זיין שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע מיסיע אַלס מעדיצינער.

ברוך האָט אַ קוק געטאָן און עפּעס האָט זיך אים ווי אָפּגעריסן אין האַרצן. אַ געדאַנק ווי אַ בריענדיקער בליץ איז דורכגעלאָפן אין זיין מוח, אַז דאָס פּיצל וועט דאָך זיכער נישט אויסהאַלטן, טאָ זאָל כאָטש דער בוים, זיין שרהלע, נישט פאַרשניטן ווערן; ניין, ער וויל איצט נישט קוקן אויף דעם קליינעם באַשעפעניש צוליב וועלכן שרהלעס לעבן איז איצט אין געפאַר, ער וויל שרהלען, ער וויל מען זאָל ראַטעווען זיין שרהלע וואָס איז פאַר אים אַלץ אין דער וועלט!...

און ער האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזן אויף די קניען נעבן דעם טיש-בעטל און זיך ביטער צעוויינט.

שרהלע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם קליינעם באַשעפענישל, זי האָט געוואָלט אַ שמייכל טאָן, אָבער אַ שאַרפער גרימאַס האָט אַ פאַרקרום גע-

טאָן איר פּנים און אירע בלויע אויגן האָבן אָנגעהויבן בייטן די קאָלירן און זיי האָבן אָנגעהויבן אַרומלויפן ווי אין אַ ווילדן געיעג צו הערכאַפּן אַ בליק אויף עפּעס וואָס פליט אַרום אין אַלע זייטן און פּלוצלינג האָט זי זיך אַ צאַפּל געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער און פון איר האַלדז וואָס האָט זיך ווידער אָנגעבלאָזן און אַרויסגעשטויסן אָדערן, האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פּיינפולער אויסרוף: — ברוכל, ראַטעווע מיך!...

דער דאָקטאָר האָט דאָס אין וואַטע געוויקלטע באַשעפעניש שנעל אַוועקגעגעבן צום סאַניטעטלער. ער האָט באַטראַכט די יונגע געווינערן אין געוויסע דערשיינונגען וואָס ער האָט באַמערקט אין איר רעאַגירן, האָבן אים געוואָרנט אַז איר לאַגע איז געפערלעך און נישט ווייסנדיק גענוי וואָס ער דאַרף איצט אָנהויבן טאָן, האָט ער פּלוצלינג באַפוילן, אַז דער מאַן מוז פאַרלאָזן די קאַבינע.

ברוך האָט זיך געבעטן, געוויינט, אָבער דער דאָקטאָר האָט עקשנות-דיק געוויזן אים די טיר, אויפקלערנדיק מיט צייכנס, אַז זיין אַנוועזנהייט מאַכט ערגער די לאַגע פון זיין פרוי.

איז ברוך אַרוים און זיך אַוועקגעזעצט אין פאָר-קאַבין נעבן דער טיר און זיך געביסן די פינגער פון צער.

דערווייל האָט שרהלע נאָכאַמאָל אויפגעצאַפּלט מיט איר גאַנצן קערפּער, די קאָלירן אויף איר פּנים האָבן זיך אָנגעהויבן בייטן און עס האָט אויסגעזען ווי עפּעס וואָלט אָנגעהויבן אַרומשווימען אונטער איר צאַרטער פּנים-הויט און אירע אויג-אַפּלען האָבן ווידער אָנגעהויבן אַרומלויפן ווי אין ווילדן געיעג צו כאַפּן אַ בליק אויף עפּעס וואָס פליט אַרום און רייצט זיך מיט איר.

דער דאָקטאָר האָט זיך מיט אַן ערנסטער מינע צוגעהערט צו איר פּולס און ער איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך, ווען ער האָט געציילט אַריבער פערציק שוואַכע, נישט רעגלמעסיקע שנעלע פּולסירונגען דורך אַ פערטל מינוט, און זיין ערנסטקייט איז אַריבער צו שרעק, ווען די קראַנקע האָט פּלוצלינג אַ וואָרף געטאָן מיט איר קאָפּ און אַ שטראָם בלוט האָט אַ פלייץ געטאָן פון איר מויל און נאָז.

דער דאָקטאָר האָט זיך שנעל דורכגעשמועסט מיטן סאַניטעט-מאַט-ראָז און שוין האָט אין אַ קליין מעטאַלן קעסטעלע געברענט אַלקאָהאָל, אויף וועלכן עס איז דעזינפעקטירט געוואָרן אַ נאָדל און אַ מינוט שפּעטער, האָט דער דאָקטאָר איר איינגעשפּריצט אַ סערום צו פאַרהאַלט אין איר די בלוטן און קיינער וועט שוין קיינמאָל נישט קענען פעסטשטעלן צי מען האָט די איינשפּריצונג געמאַכט צו שפּעט, צי האָט מען איר אַזאַ איינשפּריצונג איבערהויפּט נישט געטאָרט געבן, ווייל זי האָט נאָך באַ-

דאַרפֿט האָבן די נאָך-געבורט און מען וועט אויך קיינמאָל נישט קענען באַשולדיקן דעם דאָקטאָר, ווייל ער איז אַבסאָלוט נישט געווען גרייט און אפילו נישט געטראַכט אַז עס קאָן אים טרעפֿן אַזאַ געשעעניש און אויך די שיף-קאָמפּאַניע וועט מען קיינמאָל נישט קענען אין גאָרנישט באַשולדיקן, ווייל דער רעגלאַמענט האָט געוואָרנט, אַז שוואַנגער-פֿרויען זאָלן נישט אונטערנעמען אַזעלכע רייזעס אָן ספּעציעלע דערלויבענישן; גיכער איז דאָ שולדיק געווען דער פֿאַטאַלער פֿאַל מיט דער שיף, וואָס האָט געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן פֿון אַלע רייזנדע אויף דער „אַטלאַנטאַ" און דער גורל האָט אויסגעקליבן בלויז שרהלען, נאָכדעם ווי זי האָט געבוירן דאָס קינד, אַז זי זאָל זיין די אָפּלייזערן פֿון אַלע איבעריקע אויף דער שיף.

נאָכן צווייטן אויסגוס פֿון בלוט וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פֿון שרהלען, איז זי געבליבן ליגן אין אַ רואיקן צושטאַנד און נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר מיט די סאַניטעטלער האָבן אַרומגערייניקט דאָס טיש-בעטל און געטווישט די ליילעכער, האָט זיך אפילו אויף איר צוריק בלאַס געוואָרענעם פּנים באַוויזן אַ שמייכל פֿון דאַנקבאַרקייט צו די פֿרעמדע מענטשן אַרום איר, וואָס מיען זיך אַזוי פֿאַר איר, אַז איר זאָל שוין גאָרנישט ווי טאָן...

עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אינגאַנצן פֿאַרגעסן וואָס מיט איר איז דאָ פֿאָרגעקומען און וואו זי געפֿינט זיך. זי איז געלעגן גלייך און מיט שטאַרע בליקן ווי דורכגעבויערט דעם נידעריקן אייזערנעם סופֿיט און געזען פֿאַר זיך אַזאַ שיינע וועלט פֿון איר נישט וויטן אַמאָל. די וועלט איז דאָך אַזוי שיין און ליכטיק און זי שפּאַצירט דאָך דאָ מיט איר האַרציק אויסדערוויילטן און איז וואָס אַז דער באַרג איז הויך? ווען ברוכל פֿירט זי אונטערן אָרעם און זי פֿילט אים אַזוי זיס-אָנגענעם נעבן זיך, דאַכט זיך איר אַז עס וואַקסן איר אָן פֿליגל און זי פֿליט העכער און העכער און אָט זיינען זיי שוין אויפֿן שפּיץ באַרג און זיי קוקן זיך אום פֿון אַלע זייטן וואו עס ליגן אויסגעשפּרייט טיפֿע טאָלן און מען זעט די פֿאַרשידנפֿאַרביקע דעכער פֿון הייזקעס אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. — ברוכל... האַלט מיך צו... איך בין אַזוי מיד... האַלט מיך צו איך זאָל נישט פֿאַלן... ברוכל!...

שרהלע... טייערינקע, אָט בין איך דאָ... איך בין נעבן דיר... שטאַרק זיך שרהלע...

יאָ, דאָס איז ברוך שוין ווידער געשטאַנען נעבן איר און אַריינגעפּלימערט אין איר די צאַרטע ווערטער און טרערן האָבן אומאויפֿהערלעך געשטראָמט פֿון זיינע אויגן; אָבער די שוין האַלב-אויסגעלאָשענע שרהלע האָט אים נישט געזען דאָ, זי האָט געהערט זיינע ווערטער און זי האָט

אים געזען דאָרט, אויף דעם באַרג „מאָרסקיע אָקאָ" אין זאַקאָפּאַנע, וואו זיי האָבן זיך ערשט מיט צוויי יאָר צוריק געפינען אויף אַן עקסקורסיע און זי איז ווידער מיט אים דאָרט געזעסן און געקוקט צום האָריזאָנט וואו די זון פאַרגייט אין פלאַמען און זי טוליעט זיך צו אים: — ברוכל... עס איז מיר אַזוי גוט מיט דיר... און אָט לענט זי צו איר קאָפּ אויף זיין האַרץ, זי הערט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט ביי אים און זי הויבט צוריק אויף דעם קאָפּ, זי וויל אים אַ קוש געבן, נאָר ווער זיינען דאָס די מענטשן וואָס זיינען דאָ פּלוצלינג אַרויפגעקומען? אָט זעט זי דאָך, עפּעס פרעמדע מענטשן... מאָדנע מענטשן... אַ פרוי... ווער איז די פרוי?... זי שטרענגט זיך אָן, זי וויל זען, זי וויל פאַרשטיין, זי זעט ווי די פרוי אַנטבלויזט אַ ברוסט און עפּעס דערלאַנגט מען איר אַ פּעקל מיט וואַטע... עס דוכט זיך איר, אַז זי הערט עפּעס אַזאַ שטיל פּישטשען און זי זעט ווי די פרוי שפּריצט אַרויס פון איר ברוסט דינע ווייסע שנירלעך מילך... — ברוכל... — זי וויל פו'עגן וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער עפּעס מישט זיך איר אין קאָפּ און זי שטרענגט זיך אָן צו קומען צו זיך, אָט דוכט זיך איר אַז זי פאַרשטייט עפּעס, אַז זי דערמאָנט זיך עפּעס און פּלוצלינג רייסט זי פעסטער אויף אירע אויגן, זי קוקט מיט אַ קלאָרן בליק צו דער פרוי וואָס באַמיט זיך אַריינצושפּריצן מילך פון איר ברוסט אין קינדס מיילעכל און אָט דרייט זי אויס איר קאָפּ און וואַרפט אַזאַ פאַרצווייפלונגספולן בליק אויף איר מאַן און זי גיט אַ רוף אויס — ברוכל!... איר קערפּער גיט זיך אַ לעצטן צאַפּל און בלייבט ליגן אומבאַוועגלעך, — שרהלע איז טויט.

דער קאַפּיטאַן, דער אָפיציר, דער דאָקטאָר און די סאַניטעטלער וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום דעם טיש-בעטל, האָבן אַנטבלויזט זייערע קעפּ און מיט פייערלעך-ערנסטער שטילקייט האָבן זיי צוגעטיילט כבוד דער פאַרשטאָרבענער, בעת די פרוי וואָס איז געקומען אָנזייגן דאָס קינד, האָט זיך צוריקגעצויגן אין אַ ווינקל און שטיל געוויינט און ברוך האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד און ווי אַ וואַנזיניקער זיך געריסן די האָר און זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ.

דאָס איז געווען דער קאַפּיטאַן אַריסטי קאָסוליטש, וועלכער האָט נאָכן באַקומען דעם ראַפּאָרט אַז די קראַנקע איז האָפענונגס-לאָז פאַרלוירן, געגעבן דעם באַפעל אַז מען זאָל צו איר אַריינלאָזן איר מאַן און דעמאָלט איז גראָד אָנגעקומען די פרוי וואָס דער דאָלמעטשער האָט געבראַכט פון דריטן קלאַס און אַזוי איז עס געשען, אַז שרהלע האָט פאַרן אויסהויכן איר לעצטן אָטעם, געזען איר געליבטן ברוכל און זי האָט אויך געזען ווי מען קאָרמעט איר ערשט-געבוירן קינד וואָס וועט דאַרפן פאָרזעצן איר יונג פאַרשניטן לעבן.

די סאַניטעטלער האָבן אַרויפגעצויגן דאָס ליילעך און איבערגעדעקט שׂרהלעס קאָפּ און דער קאַפּיטאַן האָט מיט אַ שטיל קול געגעבן עטלעכע באַפעלן און וואָרפנדיק אַ לעצטן בליק אויף דעם איבערגעדעקטן טויטן קערפּער, האָט ער פאַרלאָזן דעם קאַבין.



די גאַנצע געשעעניש פון שׂרהלעס ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט און איר טראַגיש אָפּשטאַרבן באַלד נאָך דער געבורט, האָט זיך אָפּגע-שפּילט אין משך פון עטלעכע שעה און די מאַיומדיקע נאַכט האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן לאַנג, ביז אַ ליכטיקער שטרייף וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אויף מזרח-זייט האָט אָנגעהויבן אויסשפּרייטן אַ ליכטיקן טאָג איבערן ים און דעמאָלט איז פאַרגעקומען שׂרהלעס שטילע לויה.

ברוכן האָט מען נישט אַראָפּגעלאָזן צוריק צו דער דריטער קלאַס. דער קאַפּיטאַן האָט פאַרשטאַנען אַז דער טויט פון דער יונגער פרוי קאָן אויפטרייסלען די געמיטער פון אַלע עמיגראַנטן און אַלע קענען זיך וועלן באַטייליקן אין דער שווידערלעכער לויה און אַזאַ טרויער-מאַניפעסטאַציע וואָס וועט זיך קאָנצענטרירן אויף איין זייט פון דער שיף, קאָן ברענגען אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער שיף, האָט ער דעריבער באַפוילן, אַז דער פאַל זאָל דערווייל געהאַלטן ווערן בסוד און כדי די לויה זאָל לויט די אומשטענדן קענען דורכגעפירט ווערן אויף אַ מער-ווייניק יידישן אופן, האָט ער דאָס איבערגעגעבן צום יידישן דאָלמעטש, אַז ער זאָל דאָס צוגרייטן, אָבער דיסקרעט, אַז נאָר די נויטיקע יחידים זאָלן עס וויסן.

און דער „אינטערפּרעטע”, ווי מען האָט אויך גערופן דעם דאָלמע-טשער, האָט געהאַט אַ סך אַרבעט.

קודם האָט ער געמוזט וואָרענען די פרוי וואָס איז אַרויפגעקומען אָנ-זייגן דאָס ערשט-געבוירענע פּיצל קינד און זי האָט איצט, מיט רויט-פאַרשוואָלענע אויגן פון וויינען, געוואָלט אַראָפּגיין צוריק צו איר אייגן קינד, אַז זי טאָר דאָרט אונטן פאַר קיינעם גאָרנישט דערציילן און כדי צו זיין זיכער אין דעם, האָט ער מיטגעשיקט מיט איר אַ מאַטראָז, וועל-כער זאָל זי באַוואַכן און נאָכדעם ווי זי וועט האָבן איר קינד אָנגעזייגט, זאָל ער זי צוריק אַרויפברענגען אויבן.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי מען דאַרף אַזאַ לויה דורכפירן אויף אַ יידישן אופן. ביי די עטלעכע רייזעס וואָס ער האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט אויפן ים, האָט נישט פּאַסירט אַזאַ טרויעריקער פאַרפאַל, אָבער ער האָט געהערט דערציילן וועגן אַ קינד וואָס איז גע-שטאָרבן אויף אַ שיף, האָט איינער פון דער מאַנשאַפט זיך געמוזט אָנטון

אין גלחישע קליידער און ער האָט דורכגעפירט די לויה-צערעמאָניע ביז מען האָט דאָס קינד אַראָפּגעלאָזן אין ים אַריין...

טראַכטנדיק וועגן דעם, האָט ער באַשלאָסן אויפצווזוכן אין די קעלער-קאַמערן עטלעכע פון דער גרופּע פרומע יידן און זיי פאַרטרויען דעם סוד.

ער איז אַראָפּ אין איינער פון די קאַמערן, געקוקט אין דער האַלב-טונקלקייט פון איין בעטל אויפן אַנדערן, ביז ענדלעך האָט ער דערזען אַ יידן מיט אַ בערדל און ער האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף.

די עמיגראַנטן זיינען נאָך די איבערגעלעבטע פיינלעכע שעהן פון שרעק און פּאַניק, געלעגן פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף און ווען דער דאַל-מעטש האָט דעם יידן אויפגעוועקט, האָט דער ייד אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן און עס האָט נישט געדויערט קיין סעקונדע, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגערל און עס קאָן זיין, אַז ער וואָלט געוועון אויפגעהויבן אַ געוואַלט, אַז די שיף געפינט זיך ווידער אין געפאַר, ווען דער דאָלמעטש זאָל זיך נישט געוועון צואיילן און אים באַרואיקן אַז עס איז „גאָרנישט" געשען, נאָר ער דאַרף זיך מיט אים באַ-ראַטן וועגן אַ וויכטיקער יידישער זאַך.

דעם יידן איז דער גאַנצער ענין פאַרגעקומען מאָדנע; — וועגן וואָס פאַר אַ יידישער זאַך קאָן ער זיך דאָס וועלן שואל-עצה זיין, וואָס ער האָט אים אַזש געמוזט אויפוועקן פון שלאָף? אָבער, דאָס איז דאָך געוועון דער דאָלמעטש, אַ באַאַמטער אויף דער שיף און ער וויל דאָך אוודאי נישט פון אים גלאַט חוזק מאַכן און ווען יענער האָט אים געבעטן ער זאָל עס מאַכן שטיל, ער זאָל זיך שנעל אָנטון און גיין מיט אים, האָט דער נאָך אַלץ פאַרוואונדערטער ייד געפאָלגט און אַ ווייל שפּעטער איז ער מיט דעם דאָלמעטש אַרויס פון קעלער.

אין קורצע ווערטער האָט ער דעם יידן איבערגעגעבן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך און הערנדיק וועגן דער טרויעריקער געשעעניש, האָט דער ייד אַזש אויפגעציטערט, ער האָט געפילט ווי די געשעעניש וואָלט אים אָפּגעריסן אַ שטיק האַרץ.

אָבער, דער ייד האָט גאָרנישט געוואוסט צו זאָגן וועגן אַזאַ שווידער-לעכער לויה און ער האָט געעצהט, אַז מען דאַרף אויפוועקן דעם סופר, ער איז אַן אמת פרומער ייד, ער וועט אוודאי וויסן וואָס צו טאָן...

דער דאָלמעטש האָט נאָר געבעטן, אַז דער ייד זאָל עס מאַכן שטיל, אַז קיינער זאָל גאָרנישט וויסן און אַזוי ווי דער ייד האָט געוואוסט אויף וועלכע בעטלעך עס ליגן דער סופר און נאָך עטלעכע פרומע יידן, האָט ער געפירט דעם דאָלמעטש און אַ ווייל שפּעטער זיינען לויט דער אָנווייזונג פון סופר, שוין געווען פאַרזאַמלט אין דרויסן אַ מנין פרומע יידן און דער

דאַלמעטש האָט זיי געפירט אַרויף אין אַן אַפּטייל פון צווייטן קלאַס, וואו ער האָט זיי געבעטן זיצן און וואַרטן ביז ער וועט צוריקקומען מיט ווייטערדיקע אָנווייזונגען.

דער סופר האָט אַרויסגענומען זיין תהילימל פון בוזעם און אָנגעהויבן זאָגן „יושב בסתר עליון", ער האָט געזאָגט אַ פסוק און די איבעריקע יידן האָבן דעם פסוק איבערגעחזרט און דער דאַלמעטש איז דערוויל אַוועקגעלאָפן אין דער קאַבין וואו ברוך איז געבליבן אונטער דער אויפזיכט פון דאָקטאָר און אַ מאַטראָז.

שוין צוויי מאָל איז ברוך געפאַלן אין חלשות און עס האָט דעם דאָקטאָר געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונגען אים צו דערמונטערן און איצט זיצט ער אַן אויסגעמאַטערטער, אַן איינגעקורטשעטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און דער דאָקטאָר וואַכט נעבן אים און האָט מורא אַז דער אומגליקלעכער זאָל נישט באַקומען אַ נייעם נערוון-צוזאַמענברוך.

דער דאַלמעטש איז שנעל אַוועק זוכן דעם קאַפּיטאַן און אַ האַלבע שעה שפּעטער, ווען עס האָט קוים אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג, האָבן עטלעכע מאַטראָזן אַרויסגעטראָגן אַ ווייסן אָרון צונויפגעקלאַפּט פון נישט-געהובלטע ברעטער, זיי האָבן דעם אָרון אַוועקגעשטעלט אויפן באַלקאָן, נישט ווייט וואו אַנדערע מאַטראָזן האָבן אַוועקגעשטעלט אַ מין רישטאָוואַניע פון ברעטער איבער דעם באַריער, באַלד האָט זיך באַוויזן דער קאַפּיטאַן אין זיין גאַלאַ-קאָסטיום, עס איז אויך אַרויסגעקומען דער איטאַליענישער קאָמיסאַר אין אַ שוואַרצן אַנצוג, פון אַ צווייטער זייט איז אָנגעקומען אַן אָפיציר, אויך אין גאַלאַ-קאָסטיום און נאָך אים איז נאָכגעקומען דער פויליש-יידישער שרייבער, די מאַטראָזן האָבן אויפגעהויבן דעם אָרון און זעקס פון די פרומע יידן האָבן אים אונטערגעכאַפּט, דער סופר איז געגאַנגען פאָראויס און זיי האָבן נאָכגעטראָגן דעם אָרון, דער קאַפּיטאַן מיט דעם אָפיציר האָבן געפירט ברוכן און הינטער זיי זיינען נאָכגעגאַנגען די אַנדערע יידן, דער דאַלמעטש, דער קאָמיסאַר און דער יידישער שרייבער און אַזוי האָט זיך געצויגן די פּראָצעסיע ביז צו דער אימפּראָווויזירטער רישטאָוואַניע, דאָרט האָבן די יידן אַראָפּגעשטעלט דעם אָרון און אונטער דעם פיינלעכן יאָמער פון די יידן און אונטער די וויינענדיקע קלאַנגען פון סופרס תהילים זאָגן, האָבן די מאַטראָזן אויפגעהויבן דעם אָרון, אַרויפגערוקט אים אויף דער רישטאָוואַניע וואָס איז געשטאַנען משופּע אַראָפּהענגענדיק איבער דעם באַריער און נאָך דעם ווי דער אָרון איז אַ קורצע ווילע געשטאַנען אויף דעם קאַנט פון דער רישטאָוואַניע, האָבן די מאַטראָזן אים נאָכגעלאָזן, ער האָט זיך אַ בויג געטאָן און זיך שנעל

אַראָפּגעגליטשט און עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער פּליוסק אין וואַ-
כער, די לויה איז געווען דורכגעפירט.

פונוויטנס האָט מען שוין געזען די קאָלירפולע ברעגן פון לאס פּאל-
מאס, צו וועלכע די שיף האָט זיך דערנענטערט מיט זיכערן גאַנג, כדי
עטלעכע שעה שפּעטער צו קענען אַנקערן ביי דער הויפּט-שטאָט פון די
קאַנאַריען-אינדזלען.



ו

## צווישן אַלט און נײַ לעבן

אַ נײַער טאָג מיט אַ פריש־געבאָדענער זון האָט זיך אויפגעהויבן איבערן ים און די רײַזנדיקע אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָבן זיך באַמיט צו פאַרגעסן די איבערגעלעבטע שווידערלעכקייטן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט, ווי אַ קאָשמאַרן חלום.

כמעט אַלע עמיגראַנטן האָבן זיך שוין געפונען אויפן שיף־דעק און עסנדיק די באַקומענע פרישטיקס, האָבן זיי געקוקט און זיך געקוויקט מיט דער אויסגעשפּרייטער וואונדערשיינער פּאַנאָראַמע פון לאַס־פּאַלמאַס, צו וועלכער די שיף האָט זיך כסדר מער דערנענטערט.

ברוכן האָט מען אונטן צווישן די עמיגראַנטן נישט געזען. לויטן באַפעל פון קאַפּיטאַן, האָט מען אים פאַרהאַלטן אין צווייטן קלאַס און אונטן, האָבן בלויז יחידים געוואוסט וועגן זײַן גרויסן בראָך און ווען אפילו די טרויעריקע נײַעס וועגן שרהלעס טויט און וועגן דעם „זיבעלע" וואָס זי האָט געלאָזן נאָך זיך, האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן די עמיגראַנטן, האָט אָבער די נײַעס צוליב דער איצטיקער פריידיקער שטימונג, געהאַט אַ שוואַכן אָפּקלאַנג.

לעבן רופט צום לעבן און אַלע זײַנען איצט געווען דורכגעדרונגען מיט דער גרויסער פרייד, וואָס די שיף דערנענטערט זיך צו אַ ברעג און מען וועט ענדלעך קענען באַטרעטן פעסטן באָדן.

אָבער די פרייד איז שוין די עמיגראַנטן אין לאַס פּאַלמאַס נ י ש ט באַשערט געווען.

די שיף האָט פאַראַנקערט היפּשלעך ווײַט פון ברעג און נאָך אַ ווײַלע, האָט מען דאָסזעלבע שיפל, וועלכעס האָט זיך בײַנאַכט אָפּגעריסן אויף איין זײַט פון שטריק און איצט איז עס שוין געהאַנגען צוגעפּעסטיקט אויף נײַע שטריק — אַראָפּגעלאָזן און אין שיפל זײַנען געזעסן דער קאַפּיטאַן, אַ שיף־אָפיציר און נאָך אַכט פערזאָן, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען די דרײַ שרײַבער, דער קאָמיסאַר און דער פּוילישער קאָנסולאַרער באַאַמטער.

אַלע רייזנדיקע, סיי די עמיגראַנטן אונטן, ווי די פּאַסאַזשירן פון אויבן, האָבן געקוקט מיט קנאה ווי דאָס שיפל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן און זיך געלאָזן לויפן צום ברעג.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, ווי עס זיינען פון אַלע זייטן אָנגעקומען שיפלעך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטער מסחר צווישן די שיפער אונטן, אויפן ים און די עמיגראַנטן, אויף דער שיף אינ-דער הויך.

די שיפער זיינען מערסטנס געווען פרוכט-הענדלער, עס האָבן זיך אָבער אויף מאַנכע שיפלעך געוויזן אויך הענדלער מיט פאַרשידענע אַנ-דערע אַרטיקלען, ווי פּאַסקעס, טאַשנטיכלעך, שיך-בענדלעך, ראַזיר-מע-סערלעך און אַזוי ווייטער און די אַלע הענדלער האָבן אויפגעהויבן זייערע אַרטיקלען אין דער הויך, געהוידעט מיט זיי און געוויזן, נאַט, זעט, מיר פאַרקויפן דאָ מציאות, שיקט אַראָפּ געלט און איר באַקומט דאָ ביי אונדז אַלץ וואָס אייער האַרץ גלוסט...

עטלעכע שיפער האָבן פלינק אַרויפגעוואָרפן שטריק, וועלכע זיינען פּונקט אַזוי פלינק אויפגעכאַפּט געוואָרן אינדערהויך, און באַלד האָט איינער אַרויפגעצויגן אַ קוישל מיט פרוכטן, ער האָט אַרויסגענומען די פרוכטן און נישט וויסנדיק קיין פּרייז, ווייל די שפּראַך וואָס יענער האָט אַרויפגעשריגן, האָט ער נישט פאַרשטאַנען, האָט ער אין קוישל אַריינגעלייגט אַ באַנקנאָט פון הונדערט עסטרייכישע קראָנען, דער באַנקנאָט איז געווען אַ זייער שיינער, ער האָט אָבער אין דער דעמאָלסטיקער אינפלאַציע צייט געהאַט אַ גאָר קליינעם ווערט און ווי איבערראַשט איז ער געוואָרן, ווען מען האָט אים געוויזן מיט צייכנס, אַז קיין רעשט האָט מען נישט, און מען האָט אים פאַר דעם רעשט פון כמעט ווערטלאָזן באַנקנאָט אַרויפגעשיקט נאָך אַ היפשן קויש מיט פרוכטן.

די עמיגראַנטן האָבן געמיינט, אַז דאָס זיינען די פרוכטן אַזוי ביליק, אָבער באַלד האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז אויך די אַנדערע אַרטיקלען באַ-קומט מען דאָ טאַקע בחצי-חינם און די באַנקנאָטן פאַר וועלכע מען האָט שוין אין די אַלטע היימען כמעט גאָרנישט געקאָנט באַקומען, האָבן דאָ פּלוצלינג באַקומען אַ גרויסן ווערט און מען האָט פאַר זיי געקאָנט איינ-קויפן פון כל-טוב.

ערשט שפּעטער, האָבן עטלעכע פון דער גרופּע אינטעליגענטע בחו-רים אָנגעהויבן בעטן, אַז מען זאָל די אָרימע הענדלער דאָרט אונטן נישט אָפּנאַרן, ווייל זיי ווייסן נישט אַז אונזערע פּאַפּירענע געלטער האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן יעדן ווערט און זיי מיינען גאָר אַז זיי נאַרן אָפּ די עמי-גראַנטן און עס איז דאָך אַ רחמנות אויף זיי...

אַ סך האָבן זיך געציילט מיט די ווערטער פון די עטלעכע אינטעלי־גענטן און אַנדערע האָבן געטענהט קאַפּויער, אַז אויב זיי דאַרט, אונטן, ווילן אונדז אַפּנאַרן, איז שוין גאָרנישט קיין חטא, ווען מיר וועלן זיי אַפּנאַרן און דער מסחר איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

אינדערזעלבער צייט ווען אונטן אויפן שיף־דעק איז אָנגעגאַנגען דער מסחר וואָס האָט זיך געצויגן אויף שטריק אַראָפּ און אַרויף און אַלעס אַרום איז געווען אָנגעפּילט מיט פרייד, האָט זיך אין אַ קאַמעראַט אויבן, אין צווייטן קלאַס, אופסניי אָפּגעשפּילט אַ פּיינלעכע סצענע, פון וועלכער נאָר דער דאַלמעטש איז געווען אַן עדות.

אין דער קאַמעראַטע איז געזעסן ברוך.

אין די ערשטע שעהן האָט אים נישט אויפגעהערט טרייבן דער גע־דאַנק, אַז ער דאַרף איצט נאָכשפּרינגען שרהלען אין ים אַריין און ער האָט געפּילט, אַז יעדע מינוט וואָס ער האַלט נאָך אויף אין זיך דאָס וויסטע לעבן, איז אַ פאַרברעך.

אָבער מען האָט אַכטונג געגעבן אויף אים. אָט איז געווען נעבן אים דער דאַלמעטש, אָט איז געקומען דער דאָקטאָר, אָדער עס האָט זיך ביי דער טיר פון קאַמעראַט געדרייט אַ מאַטראָז און איינזעענדיק אַז מען לאָזט פון אים נישט אַראָפּ קיין אויג, האָט ער זיך איינגעקורטשעט אין זיין אייגענעם ווייטיק און געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אין וועלכן עס האָבן זיך געבאָמבלט קאָשמאַרע געדאַנקען.

דער דאַלמעטש האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט ריידן מיט אים, טרייסטן אים, אַז ער דאַרף לעבן, כדי צו קענען זיין אַ טאַטע פאַר דעם ניי־געבוי־רענעם נפשל, אָבער ביי יעדער דערמאָנונג אָן דעם ניי־געבוירענעם נפשל, איז ברוך אַריינגעפאַלן אין אַ נאָך טיפערער אַפּאַטיע און ער האָט אפילו נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און קיין וואָרט נישט געענטפערט.

איצט איז אָבער געווען אַנדערש; איצט האָט דער דאַלמעטש ברוכן געבראַכט דאָס קידושין־רינגל וואָס מען האָט שרהלען אַראָפּגענומען פון דער האַנט און אויך דאָס מעדאַליאָנדל מיט דעם גילדענעם קייטעלע וואָס שרהלע האָט געטראָגן אויף איר האַלדז.

דאָס גאָלדענע מעדאַליאָנדל מיט דעם קייטעלע האָט ברוך געשענקט שרהלען אין דער חתונה־נאַכט, נאָך דער חופה און אויף דעם מעדאַליאָנדל איז געווען אויסגעקריצט מיט געשריבענע יידישע אותיות: — „פאַר דיר, טייערע שרהלע, אין גליקלעכסטן טאָג פון מיין לעבן״...

דערהערנדיק וואָס דער דאַלמעטש האָט אים געבראַכט, האָט ברוך ברייט אויפגעריסן די אויגן, אופגעשפרונגען פון פּלאַץ און אַ כאַפּ געטאָן

דאָס רינגל מיט דעם מעדאַליאָן, צוגעפּרעסט די זאַכן צום האַרצן און גע-נומען זיי קושן און דערביי אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמאַטישן געוויין.

דער דאָלמעטש האָט ברוכן געלאָזן זיך אויסוויינען און ענדלעך האָט ער אים אויך מיטגעטיילט, אַז דאָס קינד, ווי קליין עס איז, האַלט עס זיך גוט, און נאָר-וואָס האָט עס צום ערשטן מאָל שוין אָנגעכאַפּט מיט די ליפּעלעך די ברוסט פון דער פרוי און אַליין גענומען זייגן.

ברוך האָט די ווערטער כמעט ווי נישט געהערט, ער האָט אין זיין צונויפגעפּרעסטער פויסט געהאַלטן די צוויי הייליקסטע מתנות וואָס ער האָט שרהלען געגעבן און ער האָט זיי איצט אויף אַזאַ טראַגישן אופן צוריקבאַקומען; ער איז ווידער געבליבן זיצן פאַרטיפט אין זיין גרע-ניצלאָזן טרויער.

אַ צווייטער וואָס איז געזעסן פאַרטיפט אין טרויער, איז געווען דער סופר.

ער איז געזעסן אונטן, דריטע קלאַס, אויף אַ נידעריק קעסטעלע נעבן דער טיר, וואו עס איז געווען דער אַריינגאַנג אין זיין טיפער קעלער-קאַמער. עס האָט אויסגעזען, ווי דער גאַנצער הו-האַ וואָס טוט זיך איצט אָפּ אויף דער געאַנקערטער שיף, וואָלט נישט צוגעקומען צו זיין באַוואוסט-זיין. ער איז געזעסן מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אַזוי ווי ברוך, זיין לענ-געכדיק האַלב-גראָ בערדל האָט זיך געקנייטשט ליגנדיק אויף זיין ברוסט און ער האָט געקוקט ווי אין זיך אַריין.

שוין דריי מאָל האָט ער היינט איבערגעזאָגט דאָס גרויסע קאַפּיטל תהילים „אשרי תמימי דרך” און עס דאַכט זיך אים און ער פילט, אַז ער דאַרף נאָך אַ סך אַ סך מאָל איבערזאָגן דאָס זעלבע קאַפּיטל, ביז זיין האַרץ וועט אויסגעהיילט ווערן פון דעם ווייטיק און צער וואָס דריקט און נאָגט עס...

די שטילע, טרויעריקע לויה פון פאַרטאָג נאָך אַזאַ שרעקלעכער נאַכט, האָט זיין צער נאָך מער פאַרטיפט. די פאַרשטאָרבענע שרהלע איז דאָך געווען פון זעלבן שטעטל וואָס ער; זי האָט דאָך צוזאַמען מיט זיין טאָכטער, מיט זיין קינד, געלערנט אין שול און אין חדר... ביידע קינדער זיינען געווען מיט גאָלד-בלאָנדע האָר און ווען זיי זיינען צוזאַמען געגאַנגען אין גאַס, האָט מען געמיינט אַז דאָ גייען צוויי צווילינג-שוועסטער... אין זיין איצטיקן שטומען קוקן אין זיך, זעט ער שרהלען שוין אַ גרויסע, ווי זי קומט צו אים אין שטוב, צו זיין דבורהלע, זי זאָל איר העלפן אויפנייען אַ קליידל...

אַ ווייטיקלעכער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון זיין ברוסט און כדי צו פאַרטרייבן די פיינלעכע געדאַנקען, כאַפּט ער ווידער אַרויס דאָס תהילימל

פון בוזים און הויבט אויפסניי אָן אויסזינגען מיט דעם שטילן ציטערנדיקן ניגון: — אשרי תמימי דרך ההלכים בתורת ד׳...

דער ניגון ציט זיך ציטעריק און ער באַמיט זיך אים אויסצוזינגען אַזוי, אין דער שטיל, נאָר מיטן גאַנצן האַרץ, מיט דער גאַנצער נשמה; ער וויל זיך אויסטון פון אַלע ערדישע געדאַנקען און ווייטיקן, כדי זיך אַריינצוטאָן מיטן גאַנצן נפש אין איין געדאַנק, עבודת הבורא; ווייל נאָר דער בורא עולם האַלט אין זיין האַנט דעם גורל פון יעדן בשר-ודם... רבונו של עולם אין הימל! — מן המיצר קראתי יה!... האָט ער פון ווייטיק אויס-גערופן, ווען די ערדישע געדאַנקען האָבן אים פּאַרט נישט געלאָזן זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו דער השגחה העליונה...

שנעלער געקומען צו זיך, איז די פרוי וואָס האָט גענערט דאָס פּיצל מיט דער מילך פון איר ברוסט.

ווען זי איז צום ערשטן מאָל אַראָפּגעגאַנגען אָנזייגן איר אייגן קינד, האָט זי געהאַט רויטע פאַרשוואָלענע אויגן פון וויינען.

זי האָט געדענקט דעם אָנזאָג אַז זי טאָר דערווייל קיינעם נישט דער-ציילן וועגן דער טרויעריקער געשעעניש, האָט זי שנעל אָנגעזייגט איר קינד, אַוועקגעלייגט עס צוריק צו דער שכנה און געאיילט צוריק אַרויף, אויבן, צום אומגליקלעכן ערשט-געבוירענעם יתומהלע...

שפּעטער האָט זי זיך צוגעוואוינט צו איר ראָל, זי האָט געפילט, אַז ווי נאָר די געשעעניש וועט ווערן באַקאַנט פאַר אַלע אויף דער שיף, וועט זי ווערן די העלדין פון טאָג, און כאָטש זי האָט נאָך ביי יעדער פראַגע פון די נאָענטע וואָס האָבן שוין געוואוסט, אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין, האָט זי זיך פונדעסטוועגן געפילט גרויס און דערהויבן און ווען זי האָט זיך גע-לאָזן אַרויפגיין צום צווייטן קלאַס צום „פּיצל", איז זי געגאַנגען מיט אַ מינע וואָס האָט אויסגעדריקט די גרויסע וויכטיקייט פון איר הייליקער שליחות...

און דער האַנדל אויף דער שיף איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

מאַנכע פון די וואוילע יונגען, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט ביי זיך מער פון די ווערטלאָזע באַנקנאָטן, האָבן געבעטן ביי אַנדערע מען זאָל זיי אַרויסהעלפן און וויינינקער דרייסטע, וועלכע האָבן אַליין נישט געוואַגט צו פרואוון איינהאַנדלען די מציאות פאַר די ווערטלאָזע פּאַפּירלעך, האָבן אויסגענוצט די געוואַגטקייט פון די וואוילע יונגען און זיי געגעבן געלט „אין שותפות אַריין", יענע זאָלן קויפן און דערנאָך זיך טיילן מיט זיי און ווען איין טייל עמיגראַנטן האָבן שוין געגעסן דאָס באַקומענע מיטיק, האָט דער צווייטער טייל נאָך אַלץ געמסחרט און אַזוי איז פאַרגאַנגען אַ שעה נאָך אַ שעה, ביז מען האָט געזען צושווימען צו דער שיף קליינע דאַמפער,

פון דער „אַטלאַנטאַ" האָט מען אַראָפּגעלאָזן צו די דאַמפּער טרעפּ-בריקלעך און עס האָבן אָנגעהויבן אַרויפשטייגן נייע עמיגראַנטן.

יאָ. ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, אַזוי איז עס געווען.

די ענגשאַפט אויף דער שיף איז שוין געווען ממש נישט צום אויסהאַלטן, אָבער עמיגראַנטן האָבן געוואַרט אין לאָס פּאַלמאַס אויף אַ שיף און זיי זיינען גרייט געווען צו פאָרן ביי די שווערסטע באַדינגונגען, אַבי וואָס שנעלער אָנצוקומען קיין בראַזיל און אַרגענטינע, ווען אפילו עס זאָל זיי אויסקומען צו ליגן אין די שיף-קאָרעדאָרן אָדער אויפן דעק — אויפן פּאָל.

צווישן די נייע עמיגראַנטן האָבן זיך געפונען אַ היפּש ביסל נעגער און מולאַטן און זייער אַרויפקומען אויף דער שיף, האָט אַרויפגעבראַכט אויף דער „אַטלאַנטאַ" נייע פאַרבן און נייע טענער צו די פאַרשידנאַרטיקע פאַרבן און טענער וואָס מען האָט שוין ביז איצט געזען און געהערט אויף דער גרויסער תבה.

צוליב מורא אַז די ניי-אַרויפגעקומענע זאָלן נישט פּרואוון פאַרכאַפּן אַ פאַרנומענעם געלעגערל, זיינען אַ סך, דער גרעסטער טייל פון די פריערדיקע פאָרער אַראָפּ אין די קאַמערן יעדער צו זיין פּלאַץ און עס איז טאַקע נויטיק געווען אַזוי צו טאָן, ווייל די ניי-אַרויפגעקומענע האָבן גענומען נישטערן און זוכן אין אַלע ווינקלען, זיי האָבן עפּעס בייז גערעדט און אוודאי געשאָלטן, ווייל וואו זיי זיינען צוגעקומען, האָבן זיי געטראָפן דאָ אַ טשעמאָדאַן, דאָ אַנדערע זאַכן און פּעקלעך, סמנים אַז די פּלעצער זיינען פאַרנומען.

דערווייל האָט זיך דער האַנדל אינדערהויך גענומען איינשטילן.

די אויסגעליידיקטע שיפלעך האָבן אָנגעהויבן צוריקשווימען צום ברעג און די מענטשן אין די שיפלעך האָבן כסדר געטאַפּט זייערע פולע קעשענעס מיט באַנקנאָטן און אין מוח געפּרואווט אויסחשבונען וויפל דער הייניקער פדיון וועט זיי האָבן אַריינגעבראַכט און די ציפערן פון צענערלעך, פופציקער און הונדערטער פון די פילע באַנקנאָטן וואָס האָבן זיך געוואָרעמט אין זייערע קעשענעס, האָבן זיי ממש פאַרשכורט.

אין דער זעלבער צייט ווען די שיפלעך מיט די הענדלער זיינען אַוועק צום ברעג, האָט זיך פון ברעג אָנגעהויבן דערנענטערן צו דער „אַטלאַנטאַ" דאָס מאָטאָר-שיפל מיט דעם קאַפּיטאַן קאָסוליטש און זיינע באַגלייטער, וואָס האָבן געהאַט די זכיה כאָטש עטלעכע שעה צו פילן פעסטע ערד אונטער זייערע פיס, אַ ביסל שפּעטער זיינען זיי שוין געווען צוריק אויף דער שיף און אַ לאַנגער פייף פון דער סירענע, וואָס האָט ווי אויפגעטרייסלט

דעם גאַנצן אַרום, האָט ווי אַרויסגערעוועט, אַז באַלד לאָזט זיך די „אַט-לאַנטאַ" אויף איר ווייטערדיקן וועג.

ווען דער קאַפּיטאַן איז אַרויף אויף דער שיף, האָט ער פון זיינע אונטערגעאָרדנטע געפאָדערט בלויז צוויי באַריכטן; איינס, צי די פּראָנטוואַנט פון שיף, אונטן, וואו זי האָט בייגאַכט באַקומען דעם שטויס, איז אינגאַנצן פאַרריכט און אין אָרדענונג און צוויי — וואָס עס מאַכט דאָס געבווירענע זיבעלע.

ביידע באַריכטן זיינען געווען אַבסאָלוט צופרידנשטעלנדיק, און פינף מינוט שפּעטער האָט די סירענע געגעבן דעם צווייטן פייף, עס האָבן זיך צעקלונגען און צעקרעכצט די קייטן וואָס האָבן אַרויפגעצויגן די אַנקערס און די שיף האָט גערירט פון אָרט.



די סטאַציע וואָס די שיף האָט געמאַכט נעבן לאַס פּאַלמאַס, דאָס קומען אין קאָנטאַקט מיט מענטשן פון דער יבשה, דער רווישיקער האַנדל וואָס איז אָנגעגאַנגען אין משך פון עטלעכע שעה און אויפסלעצט, דער פאַקט וואָס די שיף האָט מיט אַזאַ זיכערקייט אויפגענומען נאָך אַ היפּשע גרופּע נייע עמיגראַנטן, האָט געווירקט אַזוי באַרואיקנדיק, אַז דער גרעסטער טייל פון די רייזנדיקע, האָט ווי פאַרגעסן די שוידערלעכקייט פון דער פאַריקער מוראַדיקער נאַכט.

די גרופּע אינטעליגענטן איז איצט געשטאַנען צוזאַמען און געקוקט צו לאַס פּאַלמאַס און דער רירעוודיקער פון זיי, דוד פעלצמאַן, דער וואָס האָט דורכגעפירט די אַנקעטע צווישן די עמיגראַנטן, האָט אַ זאָג געטאָן:—
יִיר פאָרן איצט אַוועק פון דער גרעניץ צווישן אַלט און ניי לעבן...

דער זאָג, האָט אינספּירירט די אַנדערע און יעדער פון זיי האָט גענומען אַ וואָרט אויף דער טעמע וועגן אַלטער היים און נייער היים און וועגן אַלטן און נייעם לעבן און די מיינונגען זיינען געווען פאַרשידענע; איינער האָט געזאָגט, אַז אויב פאַרלאָזן די אַלטע היים, דאַרף מען זי אינגאַנצן אויסמעקן פון זכרון; נישט פון וואוילטאָג האָבן מיר די אַלטע היים פאַרלאָזן, נאָר די פּיין האָט אונדז געטריבן פון איר און מיר מוזן זי פאַרגעסן, כדי צו קענען זיך איבערפּלאַנצן ווי יונגע ביימלעך און שלאָגן טיפע וואָרצל אין אַ נייער היים.

איינער האָט געזאָגט, אַז די אַלט-היימישע ערד וואָס האָט אַזוי ווייטיקלעך גענומען ברענען אונטער אונדזערע פיס, דאַרפן מיר טאַקע פאַרגעסן, אָבער די קולטור וואָס אונדזערע פאָרגייער האָבן דאָרט געשאַפן אין משך פון לאַנגע דורות, די קולטור דאַרפן מיר מיט זיך מיטנעמען ווי

דעם טייערסטן אוצר, וועלכן די בייזוויליקע יידנפיינטלעכע שטייער-מאַ-נער האָבן ביי אונדז נישט געקאָנט צונעמען און אַט אַ די קולטור, דאַרפן מיר פאַרזעצן און פלעגן איבעראַל, וואו דער גורל וועט אונדז פאַרוואַרפן...

אויך די וואוילע יונגען האָבן די סטאַציע ביי לאַס פּאַלמאַס געהאַלטן פאַר דעם גרעניץ-פּונקט צווישן דער אַלטער און נייער היים.

דער היינטיקער מסחר מיט די פרעמד-שפּראַכיקע מענטשן, האָט פאַר זיי געעפנט אַ סך האָפענונגספולע פּערספּעקטיוון, און אויך זיי האָבן אויף זייער אופן גענומען דיסקוטירן וועגן אַלטער און נייער היים און מאַנכע האָבן אויסגעדריקט זייער גרויסע פרייד וואָס די אַלטע היים, וואו מען האָט אַנגעהויבן פאַרביטערן זייערע יונגע לעבנס איז שוין ווייט הינ-טער זיי און וואָס די ערשטע סטאַציע, וועלכע פירט זיי צו דער נייער, האָט זיי מיט די געלונגענע מסחרים אַזוי גליקלעך אַנטקעגנגעשמייכלט.

די גרויסע מערהייט פון זיי, כאָטש אויך זיי האָבן איינגעהאַנדלט די מציאות, האָבן אָבער געהאַט אַן אַנדער מיינונג; זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז די היינטיקע מציאות זיינען נאָר אַ צופאַל, אַ טרעפעניש און מען טאָר זיך אויף אַזעלכע זאַכן נישט פאַרלאָזן און מען טאָר נישט אַריינפאַלן אין גלויבן, אַז אין דער נייער היים וועלן געבראָטענע טייבעלעך פליען גלייך אין מויל אַריין... — מען וועט דאַרפן האָרעווען! — האָט איינער אויס-גערופן, און אויסשטעלנדיק זיין פעסטן ברוסט-קאַסטן און די מוסקולירטע הענט, האָט ער צוגעגעבן: — דאָס אַ, אין דעם באַשטייט אונדזער זיכערער מאָרגן אין דער נייער היים! נישט קיין פייגעלעך אין בוזעם, נאָר אונזער פּראַצע וועט אונדז געבן ברויט!...

אַ צווייטער האָט זיך אָפּגערופן: — איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיין חבר הערשל, אַ בעקער, ער האָט, שרייבט ער, די ערשטע צייט געמוזט גיין צום פּאָרט טראָגן שווערע זעק און היינט אַרבעט ער שוין אין אַ בעקעריי און נאָך עטלעכע חדשים האָט ער אָפּגעשפּאָרט אויף אַ שיפס-קאַרט פאַר זיין ווייב...

אַט אַזוי האָבן אָנגעהאַלטן די פאַרשידענע דיסקוסיעס אויף דעם מיטוועג צווישן די אַלטע און נייע היימען און דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט, די עמיגראַנטן האָבן זיך אַנגעהויבן אַראָפּלאָזן אין די קעלער-קאַ-מערן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ענגשאַפט איז שוין פריער געווען אַזוי גרויס, אַז די ניי-אַרויפגעקומענע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך צעוואָרפן אין פאַרשידענע ווינקלען, האָבן זיך אפילו נישט אָנגעזען.

די „אַטלאַנטאַ" האָט זיך איצט געגליטשט אויף אַ רואיקן ים און פונדערהויך האָבן אַראָפּגעפונקלט מיליאָנען שטערנדלעך.

ז

## שווימט אַ שיף איבער ווייטע ימען

דוד פעלצמאַן, אָדער „דער ליטוואַק" ווי מען האָט אים אויף דער שיף גערופן, האָט זיך פון ערשטן טאָג אָן, זייט די שיף איז אַרויס פון טריעסטער פּאָרט, אָנגעהויבן אימפּאָנירן צווישן דער גרופּע אינטעליגענטן.

ביי יעדער דיסקוסיע וועגן די פאַרשידנסטע ענינים, האָט ער מיט זיין שאַרפזיניקער אַרגומענטאַציע געצוומען די אויבערהאַנט. עס איז געווען עפּעס אַזוי, ווי זיין שאַרף-ליטווישע אויסשפּראַך, וועלכע די שיף-ברידער האָבן שווערלעך פאַרשטאַנען, וואָלט באַקומען טאָפּלטע וואָג און דער אייפער מיט וועלכן ער האָט פאַרטיידיקט זיינע אויספירן איז געווען אַזוי איבערצייגנדיק, אַז די מערסטע פון דער גרופּע אינטעליגענטן האָבן זיך אונטערגעוואָרפן זיין מיינונג.

די ענינים וועגן וועלכע די גרופּע האָט דיסקוטירט, זיינען געווען פאַרשידענע; לאַנג האָט זיך די שיף געשלעפּט איבערן גרויסן און ווייטן ים און די יונגע אינטעליגענטע מענטשן וועלכע האָבן זיך נאָר-וואָס גע-האַט אַרויסגעריסן פון אַ פּולבלוטיק, שפּרודלדיק געזעלשאַפטלעך לעבן, האָבן דאָך געמוזט מיט עפּעס די צייט פאַרטרייבן און אַזוי זיינען כסדר אַרויפגעשוואומען נייע ענינים וועגן וועלכע עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע, יעדער האָט געזאָגט זיין מיינונג, און עס איז אַרויסגעקומען אַן אַמפּערניש, ביז דוד פעלצמאַן, דער ליטוואַק, האָט גענומען דאָס וואָרט און נאָכדעם ווי ער האָט דעם ענין אַנאַליזירט אין דער ברייט און אין דער טיף, האָט ער געזאָגט זיין מיינונג און עס האָט שוין נישט געהאָלפן קיין שום קעגן-מיינונג, ווייל מיט זיין בליציקער אַרגומענטאַציע האָט ער באַ-הערשט די קעגנער.

עס איז בלויז געווען איינער, בערנאַרד פיינהאָלץ, נאָך גאָר אַ יונגער בחור פון וואַרשע, וועלכער האָט זיך פעלצמאַנען נישט אונטערגעגעבן, אָבער נישט האָבנדיק די נויטיקע בארייעדעוודיקייט און די ספּאָנטאַנע שאַרפזיניקייט אויף צו קענען שנעל אָפּענטפערן, האָט ער זיך צוריקגעצויגן

פון דער גרופּע און זיך ערגיץ-וואו אַוועקגעזעצט און גענומען קוקן אין אַ ביכל וואָס ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזן פון דער האַנט.

בערנאַרד פיינהאָלץ איז אַלט געווען קוים ניינצן יאָר. געבוירן און דערצויגן אין וואַרשע, אין הויז פון זיינע פאַרמעגלעכע עלטערן, האָט ער נאָך איצט אויסגעזען אַזוי צאַרט און איידל, ממש נאָך מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן.

זיין פאָטער איז געווען אַן אַפּטייקער און געהאַט אַ היפּשע דראָגעריע און אויך ער האָט שטודירט דיזעלבע מאַטעריע, כדי צו קענען פאָרזעצן מיט דערזעלבער פּראָפעסיע וואָס זיין פאָטער האָט אָנגעהויבן.

נישט אַזוי לייכט איז אָבער געווען דאָס לעבן פון דעם אידישן סטו-דענט אין דעם ניי-באַפרייטן פּוילן; יעדע לעקציע וואָס ער האָט באַקומען אין דער הויך-שול איז געווען פאַרבונדן מיט די ערגסטע באַליידיקונגען מצד זיינע קריסטלעכע מיט-שילער און וואָס ווייטער, איז געוואָרן ערגער, דאָ האָט מען אים נישט געלאָזן זיצן און דאָרט האָט מען אים נישט גע-לאָזן שטיין, ביז ענדלעך, אין איינעם אַ טאָג, האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג און ער איז אַוועקגעפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט.

עטלעכע טעג האָט געדויערט ביז ער איז געקומען צו זיך פון זיין באַוואוסטלאָזן צושטאַנד און שוין דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט נישט בלייבן אין פּוילן און דורך די עטלעכע וואָכן וואָס עס האָט געדוי-ערט זיין קוראַציע, האָט ער אויסגעפּאַרטיקט דעם פּלאַן, אַז אויב זיינע מיטבירגער לאָזן אים נישט זיך אַנטוויקלען כדי צו קענען אָפּגעבן זיינע אַנטוויקלטע כוחות פאַר דעם לאַנד וואו ער איז געבוירן, וויל ער אַוועק ־ערפון, וויל ער אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד, אַ פריי לאַנד, וואו ער וועט קענען פאָרזעצן אַ פריי לעבן און ווידמען זיך פאַר זיינע ווייטערדיקע סטודיען.

די עלטערן האָבן זיך ביי אים געבעטן, פּראָטעסטירט, זיי האָבן אין אים געוואָלט וועקן די אַלט-יידישע עקשנות, אויפוויזנדיק, אַז ווייל די שונאים דריקן אונדז, דאַרפן מיר אויף להכעיס אויסהאַלטן דעם דרוק און גיין מיט אַ געהויבענעם קאָפּ פאָרווערטס...

די אַלע אַרגומענטן און געבעטן האָבן נישט געהאָלפן און ווען די על-טערן האָבן אים גענומען שטרענגער, דערקלערנדיק, אַז זיי וועלן זייער איינציקן זון נישט אַוועקלאָזן פון זיך, האָט בערנאַרד שטילערהייט אָנגע-הויבן זאַמלען אַ זלאָטי צו אַ זלאָטי, שטילערהייט זיך באַמיט וועגן די פאַרשידענע פּאַפּירן און אַבי ער האָט געהאַט גענוג אויף די דעמאָלט ביליקע הוצאות קיין אַרגענטינע, האָט ער איבערגעלאָזן אינעדרהיים אַ

געזעגן-בריוול וואָס איז געווען פאַרפלעקט פון טרערן און ער האָט זיך געלאָזן אין דעם ווייטן וועג.

שוין אין טריעסט, וואַרטנדיק אין קאָסוליטש-האָטעל ביז די שיף וועט אָפּגיין, האָט ער כסדר אַריינגעקוקט אין דעם פּויליש-שפּאַנישן ווערטער-בוך און ער האָט דעם ווערטער-בוך נישט אַרויסגעלאָזן פון האַנט ביז ער איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע.

מיט פולן גלויבן און מיט אַ פעסטן ווילן האָט בערנאַרד באַשלאָסן וואָס שנעלער צו דערלערנען קודם די שפּאַנישע שפּראַך, כדי צו קענען פאָרזעצן אין דער פרייער אַרגענטינע די סטודיען, פון וועלכע מען האָט אים אין זיין היים-לאַנד פאַרטריבן.

און פונקט אַזוי ווי ער האָט זיינע עלטערן נישט געקאָנט אַנטקעגנריידן, ווייל גרויס איז געווען זיין דרך-ארץ צו זיי, האָט ער אויך געהאַט דרך-ארץ פאַר יעדן אַנדערן און אויב מען האָט אים דווקא געוואָלט איבערשפּאַרן אין אַ זאַך וועגן וועלכער ער האָט זיך געהאַט זיין מיינונג, האָט ער זיך בעסער צוריקגעצויגן און זיך גענומען פאַרנוצן די פרייע צייט אויף אַריינקוקן אין ווערטער-בוך.

יעדעס מאָל ווען בערנאַרד האָט זיך צוריקגעצויגן, האָט פעלצמאַן געפילט אַז ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן זיין מיינונג און ווייל ער איז געווען דער איינציקער קעגנער זיינער, האָט עס דעם ליטוואַק געצויגן צו דעם וואַרשעווער און ער האָט אָפּגעזוכט יעדע געלעגנהייט צו קענען פאַרברענגען מיט אים אַליין און אַזוי איז געוואָרן, אַז די ביידע יונגע מענטשן פון פאַרשידענע לענדער און מיט גאַנץ פאַרשידנאַרטיקע עמפּפינדונגען, זאָלן זיך ווערן די בעסטע, ממש אינטימסטע פריינט.

פעלצמאַן האָט געשטאַמט פון אַ קליין ליטוויש שטעטל. געווען אַ קינד פון אָרימע טאַטע-מאַמע, נאָר געהאַט האָט ער אַ שאַרף קעפל און אַ חוץ דעם וואָס ער איז אין חדר געווען דער בעסטער תלמיד, האָט ער ערגיץ-וואו געפונען בלעטלעך פון וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט די רוסישע א. ב. צ. און ווען די עלטערן האָבן אים שפּעטער געוואָלט אַוועקגעבן צו אַ שניידער אויף דער לער, איז דאָס יונגע אינגל אַנטלאָפן פון דער היים קיין קאָוונע און דאָרט זיך געמוטשעט יאָרן לאַנג, צוערשט האָט ער געאַרבעט ביי וואָס עס האָט זיך געלאָזן, כדי צו קענען פאַר די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס נעמען לעקציעס און שפּעטער האָט ער שוין אַליין אָנגעהויבן געבן לעקציעס, און אַליין געלערנט ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ הויך-שול אַלס עקסטערן.

די לעקציעס וואָס ער האָט געהאַט און פון וועלכע ער האָט זיך אויסגעהאַלטן, האָבן אים צעשפּליטערט די צייט און ער האָט געמוזט פאַר-

נאָכלעסיקן זיינע אייגענע לימודים און דערווייל איז נאָך אונטערגעקומען די ערשטע רעוואָלוציע און דערנאָך די צווייטע, ליטע איז געוואָרן אַ פרייע מדינה און עס האָבן זיך אָנגעהויבן נייע מלחמות, אין וועלכע אויך ער האָט זיך געמוזט באַטייליקן און ווען ער איז אַלס פאַרוואונדעטער סאָל-דאַט צוריק אַהיימגעקומען אין זיין אָרים געבורטס-שטעטל, האָט ער שוין דאָרט זיינע טאַטע-מאַמע נישט געטראָפן, זיי זיינען שוין געווען טויט.

צוריק אין קאָוונע, איז ער אַריין צו אַ דענטיסט אַלס געהילף און ער האָט געפילט אַ נייגונג צו דער פראָפעסיע און אַ שאַרפן קאָפ ווי ער האָט געהאַט, האָט ער אין די פרייע שעהן געלערנט און אָפגעגעבן עקזאַמען נאָך עקזאַמען און ענדלעך, אין 1922 האָט ער באַקומען זיין דיפלאָם אַלס דענטיסט.

דאָס לעבן אין ליטע איז אָבער אַוועק אויף ענלעכע וועגן ווי דאָס באַפרייטע פוילן און דער נייער דענטיסט האָט זיך נישט געהאַט וואו אַהינצוטאָן און אָן מיטל, האָט ער געמוזט ווייטער דינען אַלס געהילף ביי אַן אַנדער דענטיסט און זיינע אויסזיכטן זיינען געווען האָפענונגס-לאָז.

און דעמאָלט איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער איינציקער אויס-וועג פון זיין מצב, איז פאַרלאָזן דאָס לאַנד. זוכן ערגיץ אַ נייע היים וואו ער זאָל קענען פאָרזעצן זיינען סטודיען, ווייל נישט בלויז אויף רייסן אָדער פלאָמבירן אַ צאָן האָט ער געלערנט, ער וויל ווייטער לערנען און דערגיין די סודות פון געוויסע צאָן-פאַרשלאָפונגען וואָס קענען אויסגעמיטן ווערן, אויב מען וועט דערגיין די סיבות פון וואָס זיי נעמען זיך און אים דוכט, אַז ער האָט דעם שליסל צו דעם סוד און ער דאַרף נאָר האָבן די מעגלעכ-קייט, וועט ער קענען דינען פאַר דער מענטשהייט און אויב נישט אין זיין היים-לאַנד, מוז ער זוכן אַ נייע היים וואו ער וועט אפשר די מעגלעכקייט געפינען.

און אין דער צייט האָט ער פלוצלינג געלייענט אין אַ צייטונג, אַז אין אַרגענטינע פעלן אויס דענטיסטן און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז פעלצמאַן פאָרט איצט אויף דער „אַטלאַנטאַ” צו דער נייער היים אין דער פרייער אַרגענטינע, וואו ער האָפט, אַז ער וועט קענען אַ סך אַ סך לייסטן אַלס פראָפעסיאָנאַל.

פעלצמאַן איז איצט אַלט געווען 28 יאָר. זיין לעבן ביז איצט, איז געווען אַ קייט פון ליידן און קאַמף פאַר זיין אויסקומען. אויף דעם וועג פון קאַמף און ליידן אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, האָט זיך זיין מוח כסדר געשאַרפט און געשליפן, אָבער זיין האַרץ איז געבליבן אומבאַרירט, קאַלט, ווייל קיינער האָט עס אים ביז היינט נישט געפרוואוט אָנוואַרימען.

אַ דאַרער, מיט אַ לענגלעכדיק פנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגע-

שיינט צוויי בליציק פעך-שוואַרצע אויגן וואָס האָבן געקוקט אַרויספאָדערנ-דיק און די שפּיציקע גאָמבע, האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון אַן אַסקעט.

ערשט נאָך עטלעכע טעג אויף דער שיף, קומענדיק אין נענטערן קאָנ-טאַקט מיט די פילע נייע מענטשן, פירנדיק די דיסקוסיעס מיט דער גרופּע אינטעליגענטע שיף-ברידער און שיף-שוועסטער, האָט ער זיך אָנגעהויבן ענדערן סיי אינערלעך ווי אויסערלעך.

זיין כסדר אַרויספאָדערנדיקער בליק איז אין געוויסע מאָמענטן געוואָרן נאָכגיביקער און ווען גיטעלע, אָדער גוסטע די גאַליציאַנערין האָט צו אים גערעדט, האָט פון זיינע אויגן אָנגעהויבן אַרויסקוקן הכנעה און געבעט און שטאָט די פעסטע שטריכן וואָס האָבן זיין פּנים געגעבן דעם אַסקעטישן אויסזען, האָט זיך דערויף אויסגעשפּרייט אַזאַ בלייכע צאַרטקייט וואָס האָט אים געגעבן דעם אויסזען פון אַ נאַאיוון אינגל.

בעת די דיסקוסיעס איז ער נאָך געבליבן מיט זיין גאַנצן אייפער און פלינקייט צו באַהערשן די קעגנער, אָבער בעת ער איז געזעסן מיט גיטע-לען אין אַ ווינקל אויף דער שיף, האָט ער אַלץ געלאָזן פאַר איר, זאָל זי זאָגן, זאָל זי באַפעלן, זאָל זי הערשן איבער אים און זאָל זי וואָס מערער אַריינגיסן אין זיין האַרצן דעם האָניק-זאַפט פון די פּרעכטיקע לידער וואָס זי זינגט און רעציטירט פאַר אים אַזוי האַרציק...

אויף פעלצמאַנס געמיט האָבן אויך געווירקט די אַנדערע ליבעס-סצע-נעס וואָס ער האָט געזען אויף דער שיף און ער האָט נישט איינמאָל ווי אַ פאַרשעמטע אינגל אַוועקגעריסן די בליקן פון אַ סצענע וואָס האָט אים אויסגעזען גראָב און ברוטאַל, ווייל לויט ווי ער פילט זיך נעבן גיטעלען, מוז דאָך די פּרוי זיין אַ שטיק הייליקייט פון גאָטס גענאָד, טאָ ווי קאָן מען דאָס וואַגן זי אַזוי גראָב צו באַהאַנדלען?...

און פּונקט אַזוי ווי אין דער געזעלשאַפט פון גיטעלען, האָט זיך די ענדערונג אין פעלצמאַנס געמיט אויך מאַניפעסטירט ווען ער האָט גע-רעדט מיט פיינהאָלצן.

ווען פיינהאָלץ האָט זיך בעת אַ דיסקוסיע פּלוצלינג צוריקגעצויגן, האָט פעלצמאַן שנעל פאַרענדיקט מיט די איבעריקע און איז אַוועק אָפּ-זוכן פיינהאָלצן, מיט דעם כלומרשטן מיין, אַז ער מוז אים איבערצייגן, אַז ער איז גערעכט; און פיינהאָלץ האָט ביים ערשטן מאָל, ווען פעלצמאַן האָט זיך צו אים דערנענטערט, אויך געמיינט אַז ער קומט צו אים כדי פאַרצוזעצן די דיסקוסיע, אָבער זעענדיק זיין געענדערטן בליק, איז ער געוואָרן נייגעריק און געוואַרט וואָס פעלצמאַן וויל אים זאָגן, נאָר פעלצ-

מאַן האָט געשוויגן, ער האָט אים בלויז באַשטראַלט מיט זיינע בעטנדיקע בליקן.

פיינהאָלץ מיט דעם אָפּענעם ביכל אין האַנט, איז געבליבן זיצן פאַר־יאוּנדערט. ער האָט שאַרף אָנגעקוקט פעלצמאַנען און דערזעענדיק ווי זיינע אויגן ווערן פאַרלאָפן פון טרערן, האָט ער אים אַ נעם געטאָן ביים אַקסל און אים אַ טרייסל געטאָן: — וואָס איז מיט דיר, מענטש!?

און פעלצמאַן האָט אָנגעהויבן:

— דו האָסט מיט צוויי טעג צוריק געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז דו האָסט איבערגעלאָזן אַ כלה אין וואַרשע. איך בין שוין אַכט און צוואַנציק יאָר אַלט און דו זעסט קייגן מיר אויס ווי אַ אינגל, און דאָך, ווייס איך נאָך גאָרנישט צו זאָגן וועגן ליבע... מיין לעבן, מיינע ליידן און מיין קאַמף צו קענען עקזיסטירן, האָבן קיינמאָל נישט געלאָזן קיין שטיקל פרייען פלאַץ פאַר מיין האַרץ און געפילן... זאָג מיר, פיינהאָלץ, יונגער שיף־ברו־דער און פריינט מיינער, וואָס איז דאָס אַזוינס ליבע?...

דאָס אָ, איז געווען דער ערשטער שמועס זייערער און נישט די דיסקו־סיעס, נאָר דווקא אָט אַ דער אינטימער שמועס, דער אינטימער האַרצנס־אויסגוס פון פעלצמאַנען פאַר דעם יונגן פיינהאָלץ, האָט זיי פאַראייניקט אַלס אויפריכטיק־האַרציקע אינטימע פריינט.

עס איז ממש געווען קאָמיש, ווען פעלצמאַן איז נאָך יעדן מאָל ווען ער האָט עפּעס גערעדט מיט גיטעלען, געלאָפן זוכן פיינהאָלצן כדי אים צו דערציילן וועגן דעם גרויסן געטלעכן תענוג וואָס ער האָט נאָר־וואָס איבערגעלעבט...

און וואָס האָט אים פיינהאָלץ געקאָנט זאָגן וועגן ליבע?

מאָמענטן־ווייז, ווען עס האָבן אין אים אויפגעוואַכט די סטודענטישע צעלאָזנקייטן וועלכע ער האָט צוגעזען אין די וואַרשעווער העברעע קלאַסן, האָט ער געפּרואווט אָפּהוזקן פון דעם נאַאיוון פעלצמאַנען, אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין מאַניושאַ און ער איז באַהערשט געוואָרן פון בענקשאַפט נאָך איר און ער האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען די אַלע מוגענטן מיט וועלכע זיין כלה איז באַזעלט און נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל האָט ער דערציילט ווי אַזוי ער האָט זי ליב באַקומען, ווי אַזוי ער האָט זיך מיט איר געטראָפן ביי זיינס אַ קוזינע אויף אַ געבורטס־טאָג פייער און ווי אַזוי ער האָט זיך מיט איר באַשטעלט צו טרעפן זיך ווען זיי גייען אַהיים פון דער שולע און ווי אַזוי ער האָט איר אין זאַקסישן גאָרטן געגעבן דעם ערשטן קוש און דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן, אַז זי איז זיין כלה און אַבי ער וועט נאָר אין אַרגענטינע צו עפּעס דערגרייכן, וועט ער זי באַלד אַריבערנעמען צו זיך און זיי וועלן זיין גליקלעך...

פעלצמאַן האָט זיך צוגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער האָט געוואָלט דערגיין, צי איז עס צווישן אים און זיין כלה געקומען צו עפּעס מער ווי אַ קוש, אָבער ער האָט נישט געוואַגט צו פרעגן נאָר באַמיט זיך צו גלויבן, אַז מער איז צווישן זיי גאָרנישט געווען, די הייליקייט פון זייער ליבע איז נישט געלעסטערט געוואָרן און אַזוי איז גוט, אַזוי פאַרשטייט ער עס און אַזוי פילט ער עס...

פעלצמאַנס האַרץ וואָס איז געווען איינגעשלאָסן אין אים ווי אין אַ טריבער תפיסה, איז געווען ווי אַ פאַרמאַכטע בלום וואָס עס פעלט איר וואַרימקייט אַז זי זאָל קענען צעעפענען איר פולע פראַכט און ווי נאָר דער ערשטער זון-שטראַל פון ליבע איז געפאַלן אויף איר, האָט זי זיך אָנגעהויבן צעעפענען און אויסשפּרייטן איר פראַכט אויף זיין גאַנצן געמיט און ווען עס האָט פּאַסירט דער אומגליק מיט דער יונגער פרוי וואָס האָט ביי די שווערע באַדינגונגען געבוירן אַ פרי-צייטיק קינד און איז דערביי אַליין פון דער וועלט געגאַנגען, האָט אים די געשעעניש אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן אַלע דיסקוסיעס, ער האָט פאַרגעסן אָן פיינהאָלצן און אפילו אָן גיטעלען האָט ער נישט געהאַט קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן, ווייל זיין גאַנץ וועזן איז געווען דורכגענומען מיט צער פון דער געשעעניש און אַמטיפּסטן האָט אויף אים געווירקט, וואָס דער דאָלמעטשער האָט דערציילט, אַז איבערן גאַנצן וועג ווען מען האָט זי אַרויפגעטראָגן אין אַמבולאַטאָריע, האָט זי גערופן און געבעטן אַז זי וויל זען איר מאַן און אויך ווען זי האָט שוין געהאַלטן ביי שטאַרבן, האָט זי גערופן איר מאַן... אַ סימן, אַז זי האָט אים זייער שטאַרק ליב געהאַט...

אין זיין אָנגעוואַרימטן געמיט, איז די פריצייטיק פאַרשטאָרבענע פרוי אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון הייליקער ליבע און ער האָט גע-וואָלט זען און ריידן מיט איר מאַן און דורך פאַרשידענע פּראָטעקציעס האָט זיך אים איינגעגעבן מען זאָל אים אַרויפלאָזן אין צווייטן קלאַס צו ברוכן.

ברוך איז געווען אוים מענטש.

ער איז געזעסן אויף דעם אימפּראָוויזירטן געלעגערל וואָס מען האָט אים איינגעאָרדנט אין אַ קליין קאַמעראַטל. געזעסן און געשוויגן.

דעם ערשטן טאָג האָט אַ מאַטראָז אים באַוואַכט, מען האָט מורא געהאַט ער זאָל זיך נישט וואָרפן נאָך שרהלען אין ים אַריין; אָבער זעענ-דיק אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע און ער זיצט אָפּ שעהן און גיט זיך אפילו נישט אַ באַוועג, האָט מען זיך באַגנוגנט דערמיט, וואָס מען האָט אים צוגעטראָגן אַ ביסל עסן, וואָס מען האָט אים געמוזט ממש

אויף כוח שטופן אין מויל, האָט ער געכאַפּט עטלעכע ביסן און איז ווייטער געבליבן זיצן אין זיין כמעט באַוואוסטלאָזן צושטאַנד.

פּעלצמאַן האָט אים געטראָפן זיצן מיט די עלנבויגנס אויף די קניען, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און דאָס פּנים איז אים געלעגן אויף די האַנט-פּלאַכן.

פּעלצמאַן האָט נישט געוואָגט אים צו שטערן דאָס אויסוויטיקן זיין צער און ער האָט געוואַרט, אפשר וועט זיך דער אומגליקלעכער אומקוקן אויף אים און זעענדיק אַז עס איז שוין פאַרביי אַ היפּשע צייט און ברוך גיט זיך נאָך אַלץ נישט קיין באַוועג, האָט ער געפּרואווט געבן סימנים פון זיין אַנוועזנהייט, ער האָט אַ הוסט געטאָן, ער האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן און שטעלן אַ טראָט אין דעם קליינעם קעמערל, אָבער ברוך איז אַלץ גע-בליבן אין דערזעלבער פּאָזיציע.

ערשט ווען פּעלצמאַן האָט אים לייכט באַרירט די אַקסל, האָט ברוך ווי פון איבערשרעק שנעל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט שטום און שטאַר אויף פּעלצמאַנען און באַלד צוריקאַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אויף די האַנט-פּלאַכן אַזוי ווי פריער.

פּעלצמאַן האָט געפּרואווט ריידן צו אים, טרייסטן אים, שטאַרקן אים, אַז אַ מענטש איז אַ מענטש און אַז עס טרעפט אַן אומגליק, מוז מען אויך בלייבן אַ מענטש און ער האָט געזאָגט אַ סך זאַכן, אין וועלכע ער אַליין האָט נישט געגלויבט; ער האָט געפּאָדערט פון ברוכן שטאַרקייט, פילנדיק אַז ער אַליין וואָלט אויף ברוכס פּלאַץ נאָך מער צוזאַמענגעבראָכן און דאָך האָט ער ווייטער גערעדט צו אים און געפּרואווט אים רופן צום באַוואוסט-זיין, אָבער ברוך איז געבליבן אין דערזעלבער פּאָזיציע, אַזוי ווי נישט אים וואָלט מען עס געמיינט.

זעענדיק אַז די אַלע ווייכע וואַרעמענדיקע רייד העלפן נישט, האָט פּעלצ-מאַן געפּרואווט ריידן שטרענגער און אויפגעפּאָדערט ברוכן ער זאָל אַ ביסל אַרויסגיין פון דעם קעמערל אויף דער לופט און ווען ברוך האָט ווייטער נישט געענטפערט, האָט ער אים פּשוט אָנגענומען אונטערן אָרעם, אים אונטערגעהויבן און ער איז איבערראַשט געוואָרן ווען דער אומגליקלעכער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום ווידערשטאַנד, נאָר געלאָזן זיך פירן פון אים און ער האָט אים אַרויסגעפירט דורך די קאָרעדאָרן אויפן באַלקאָן צו דער פרייער לופט.

אָבער אויך דאָ האָט ברוך געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, אַז ער זעט גאָרנישט אַרום זיך, אַז די גאַנצע וועלט האָט זיך פאַר אים אויסגעלאָשן און אַז ער אַליין עקזיסטירט נישט מער. שטייענדיק נעבן באַריער, האָט ער אָנגעשפּאַרט די עלנבויגן און ווי פריער אין דעם קעמערל, האָט ער

אויך דאָ אָנגעשפּאַרט זיין פּנים אויף די האַנט-פלאַכן, פאַרשטעלנדיק פון זיך די וועלט, פאַר וועלכער ער האָט פאַרלוירן אפילו דעם קלענסטן אינ-טערעס.

עטלעכע מאָל האָט פעלצמאַן געפּרואווט ריידן צו אים, וועקן זיין באַוואוסטזיין; טרייסלען אים, אָבער אומזיסט, ברוך איז געבליבן פאַרזונקען אין זיין מעלאַנכאָליע און פעלצמאַנען איז נישט געבליבן מער צו טאָן, ווי צוריקפירן דעם אומגליקלעכן אין זיין קעמערל, וואו ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אין זיין פריערדיקער פּאָזע.

מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ האָט זיך פעלצמאַן געלאָזן צוריק אַראָפּגיין אין דריטן קלאַס, פילנדיק אַז ער וועט זיך דאַרט נישט קענען לאַנג אויפהאַלטן, ווייל ער וועט מוזן צוריק אַרויפגיין אַ קוק טאָן צום אומגליקלעכן.

דאָס וועטער איז געווען שיין און די שיף האָט זיך פּאַמעלעך אָבער זיכער דורכגעשניטן דעם וועג איבערן וואַסער און אונטן, אין דריטן קלאַס, האָט אָנגעהאַלטן דער פריילעכער ריטם פון זאָרגלאָזן לעבן.

נאָך אינטענסיווער ווי ביז לאַס פּאַלמאַס האָט די יוגנטלעכע מאַסע איצט אויסגעשטורעמט די פרייד פון האַרצן.

עסן איז פאַראַן אויף דער שיף גענוג און כאָטש די איטאַליענישע גראָבע מאַקאַראָנעס קריכן שוין פון האַלדז, זעטיקן זיי אָבער גאַנץ גוט דעם מאָגן און מיט דעם טיפן גלויבן אין זיך, אַז מיט אַרבעט און מי וועט מען אין די נייע היימען פאַרדינען אויף ברויט צו דער זעט, בלייבט מען אינאַגנצן זאָרגלאָז, באַמיט מען זיך נישט צו דערמאָנען דעם נעכטן און ניט צו טראַכטן וועגן מאָרגן, נאָר מען וואַרפט זיך אין דער אומגעצוימטער פרייד פון איצט און די שפּילן גייען אָן מיט מער אימפּעט, מיט מער אויפברויז און עס פאַרגרעסערן זיך אויך די צאָל פּאָרלעך וואָס קאָנצענטרירן זיך אויף דעם אינטימען ווינקל, איבער דער נאָז פון דער שיף.

אַראָפּגייענדיק פון די טרעפּלעך פון צווייטן קלאַס, האָט זיך פעלצמאַן אויסגעווישט די אויגן און ער איז געגאַנגען זוכן פיינהאָלצן.

ער האָט אים געפונען זיצנדיק אויף טערקישן אופן מיט די פיס אונטער זיך, אַריינקוקנדיק אין זיין ווערטער-בוך.

ער האָט אים געוואָלט דערציילן ווי אַזוי ער האָט געטראָפן דעם אומגליקלעכן, ער האָט געוואָלט ריידן וועגן דעם געשעענעם אומגליק, וועגן דער טיפקייט פון דעם גרויסן בראָך וואָס האָט געטראָפן דעם יונגן מענטשן, אָבער פיינהאָלץ האָט בלויז באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן: — אַן אומגליק איז אַן אומגליק און וואויל איז דעם וועמען ער טרעפט נ י ש ט!...

פעלצמאַן האָט נאָך געפּרואווט אויפווייזן, אַז נישט אַזוי די פרוי וואָס

האָט זיך מיט איר טראַגישן טויט בעת אַ פּריצייטיקן קימפּעט געהייליקט און איר גוף איז געוואָרן די שפּייז פאַר פיש, נאָר דער אומגליקלעכער מאַן וואָס איז געבליבן אָן איר און ער איז אינגאַנצן געבראָכן פיזיש און גייס־טיק און עס מוז זיך געפינען עמיץ וואָס זאָל אים ביישטיין אין אָט אַ די שווערע שעהן; אָבער ריידנדיק האָט ער דערפילט אַז דאָס יונגע אינגל איז נאָך נישט גענוג רייף צו קענען מיטפילן אַזאַ גרויליקע געשעעניש און ער איז אַוועק פון אים.

ער האָט זיך געלאָזן אין דער ענגשאַפט צווישן די פאַרשידענע גרופּעס וואָס האָבן פאַרבראַכט ביי די קאָלעקטיווע שפּילן, מאַנכע פון די אינטע־ליגענטן האָבן אים געפּרואווט פאַרהאַלטן כדי צו לופטערן די געדאַנקען ביי אַ נייער דיסקוסיע, אָבער פעלצמאַן האָט איצט נישט געפילט צו ריידן מיט מענטשן, ער האָט איצט באַדאַרפט אַז עמיץ זאָל אים אַרויסהויבן פון זיין פיינפולער שטימונג און דער עמיץ וואָלט נאָר געקאָנט זיין גי־מעלע, — אָבער וואו איז זי?

ער האָט זיך שוין דורך די ענגשאַפטן דורכגעשטויסן אין אַלע זייטן אויף דער גרויסער שיף־דעק און אים איז איינגעפאַלן, אַז אפשר פילט זי זיך שלעכט און זי איז איצט אויף איר בעטל אָן איינזאַמע אין דער גרויסער קעלער־קאַמער און ער איז אַהין אַוועק, אַ קוק טאָן.

אָבער אויך דאָרט איז זי נישט געווען.

ערשט איצט איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז אפשר געפינט זי זיך אויף דער אַנדערער זייט שיף, אויף דעם „אינטימען ווינקעלע” וואָס אי־בער דער נאָז פון דער שיף.

ווידער האָט ער זיך געמוזט דורכשלאָגן דעם וועג מיט די עלנבויגנס. יאָ, ער האָט זי דאָרט געטראָפן; זי איז געזעסן ביים באַריער פון שיף און געקוקט אויף דעם גרויסן און ווייטן ים וואָס קומט איר אַנטקעגן און ווען פעלצמאַן האָט זי געפרעגט פאַרוואָס זי האָט זיך דאָ אַזוי אַליין אַוועקגע־זעצט, האָט זי אַרויפגעקוקט צו אים און אַ זאָג געטאָן: — איך האָב גע־וואַרט אויף אייך:

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר, זי האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און באַלד האָט זיך געלאָזט הערן איר קלינגענדיקע שטים:

— פאָרט אַ שיף איבער ווייטע ימען
דורך שטורמען און דורך ווינט,
ערגיצוואו דאָרט ווײנט אַ מאַמע
נאָך איר איינציק קינד...

— :: —



## אַ בירגערין פון דער שיף „אַטלאַנטאַ"

פאַר די פּאַסאַזשירן צווייטע קלאַס, איז די געבורט פון דעם פּריצייטיקן עופהלע געווען אַ שפּאַנענדע סענסאַציע.

ביים טיש, איז נאָך יעדן עסן געווען דער בעסטער דעסערט צו ריידן וועגן דעם ניי-געבוירענעם עופהלע און כּמעט קיינער פון די פּאַסאַזשירן האָט עס נאָך נישט געהאַט געזען, האָבן אַ סך פון זיי, איבערהויפּט די פרויען, געפּרואווט מאָלן דאָס אויסזען פון קינד און עס האָבן זיך געהערט פאַרשידענע גוזמאות וועגן די פּיצלקייט פון דעם מענטשעלעכן באַשעפע-נישל, וואָס זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס איז ווי אַ פייגעלע די גרויס.

דעם ערשטן טאָג נאָך דעם אַרויספאָר פון לאַס פּאַלמאַס, ווען קיינער האָט נאָך נישט געגלויבט אַז דאָס קינד וועט בלייבן לעבן, האָט מען מער גערעדט וועגן דער מוטער וואָס איז ביי אַזעלכע טראַגישע אומשטענדן געשטאָרבן און געפונען איר קבר אין די טיפענישן פון ים.

און כּמעט קיינער פון צווייטן קלאַס האָט זי פריער נישט געהאַט גע-זען און זי נישט געקענט, האָבן די פרויען זייער פיל גערעדט וועגן איר אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, און צווישן זייערע ווערטער האָט זיך זייער אָפט געהערט דאָס וואָרט „מאַדאָנאַ".

אפילו די גרופּע פון אַכט, זיינען באַהערשט געוואָרן פון דער הויפּט-טעמע פון טאָג.

דער מאָלער האָט אויסגעדריקט זיין גרויס באַדויערן וואָס ער האָט נישט געזען די אומגליקלעכע פרוי אין די טראַגישע מאָמענטן פון ברענ-גען אַ ניי לעבן אויף דער וועלט, פאַר דעם פּרייז פון איר אייגענעם לעבן; דער איטאַליענישער קאָמיסאַר האָט זיך פאַרטרויט, אַז ער האָט שוין גע-מאַכט אַ סך רייזעס איבער ימים, אָבער דאָס וואָס ער האָט איבערגעלעבט ביי דער רייזע, וועט ער שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן און נישט אַזוי די גרויסע געפאַר פון שיף-אונטערגאַנג, ווי די שטילע לויה וואָס ער איז גע-

ווען איינער פון אירע באַגלייטער און דאָס אַראָפּלאָזן דעם קאַסטן מיט די רעשטן פון דער אומגליקלעכער פרוי אין וואַסער אַריין...

די שרייבער האָבן באַדויערט וואָס אין דיזעלבע צען-צוועלף שעה האָט די שיף מיט אירע מענטשן באַדאַרפט איבערלעבן אַזויפיל געשעענישן; — ווי אַזוי באַשרייבט מען דאָס? קאָן מען דען וועגן דער איבערגעלעבטער שרעק, נאָכדעם ווי די שיף האָט זיך אָנגעשטויסן אָן אַ פעלז, שרייבן בלויז אַ טרוקענעם באַריכט? און די געשעעניש מיט דער פרוי, דוכט זיך אַ בלויזער אַקצידענט, אָבער צי קאָן מען דען דורכלאָזן די עפעקטן און די ווירקונגען פון דער געשעעניש אויף די אַריבער טויזנט מענטשנקינדער וואָס געפינען זיך אויף דער שיף?

דער פוילישער קאָנסולאַרער באַאַמטער האָט זיך געפּרואווט ווויצלען, ער האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן יידן, אַז זיי זיינען דאָ זייער אַ סך אין פוילן און זיי האָבן שוין אַזאַ מזל די יידן, אַז ווען איינער שטאַרבט, ווערן אויף זייער פּלאַץ געבוירן צוויי נייע יידן...

דער פּויליש-יידישער שרייבער איז אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ און ווען די איטאַליענישע מוזיקער, מאָלער און אַנטיקוואַר האָבן זיך דערוואוסט וואָס דער פּאָליאַק האָט געזאָגט, האָט זיך אויך דער מוזיקער אויפגעשטעלט און געזאָגט, אַז דאָס איז אַ חזירײַ אַזוי צו ריידן און אַט אַ דער קליינער אינצידענט האָט געווירקט, אַז דער פּאָליאַק איז געבליבן זיצן איינער אַליין און פון דעם מאָמענט אָן, איז ער פון דער גרופּע געוואָרן אַן אָביעקט פון חוזק, וועלכן זיי האָבן אים געגעבן צו פילן אויף שריט און טריט.

די פרויען האָבן געמאַכט באַמיאונגען צו קענען צוקומען אַ קוק טאָן אויף דעם קינד, אָבער דער קאַפּיטאַן האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל צו דעם קינד קיינעם נישט צולאָזן, דער דאָקטאָר מוז עס שטרענג אָפּהיטן און בלויז די זייגערין פון דריטן קלאַס איז רעגלמעסיק יעדע עטלעכע שעה אַרויפגערופן געוואָרן און גרויס איז געווען די פרייד פון דאָקטאָר, זעענדיק ווי דאָס ברעקל פרעסט צו די ליפּעלעך אַרום דעם ברוסטוואָרצל און עס זויגט מיט אַ ווילדן אַפּעטיט די מילך פון איר ברוסט.

דעם דאָקטאָר איז עס ממש געגאַנגען אין לעבן אַז דאָס קינד זאָל דערהאַלטן ווערן; ניט נאָר וואָס ער האָט געדענקט דעם צוזאָג פון קאַפּיטאַן אַז ער וועט זיין וויכטיקע לייסטונג נישט פאַרגעסן, נאָר ער אַליין, כאָטש נישט שולדיק אין דעם טראַגישן טויט פון דער יונגער מוטער, האָט זיך דאָך געפילט אויף אַזוי פיל שולדיק, אַז ער מוז ווייניקסטנס זען צו ראַטעווען דאָס לעבן פון קינד און ער האָט טאַקע נישט דורכגעלאָזן קיין שעה, סיי בייטאָג ווי ביינאַכט, ער זאָל צום קינד נישט אַ קוק טאָן.

אויפן דריטן טאָג האָט מען שוין בלויז גערעדט וועגן דעם קינד.

ידיעות וועגן צושטאַנד פון קינד האָט געבראַכט צו די פּאַסאַזשירן אַמאָל דער דאָקטאָר, אַמאָל אַ שיף־אָפיציר און אַמאָל אויך דער סאַניטעט־מאַטראָז, וואָס הגם ער האָט איצט שוין גאָרנישט געהאַט צו טאָן אין דער שפּיטאָל־אָפּטיילונג פון שיף, איז ער דאָך געקומען אַ קוק טאָן צום קינד, וואָס ער האָט אָפּגענומען פון דער שטאַרבנדיקער מוטערס שויס.

אויך אין דריטן קלאַס האָט מען גערעדט בלויז וועגן קינד און אָן דער מוטער האָט מען כמעט ווי פאַרגעסן. יעדע ידיעה אַז דאָס קינד נעמט צו וואָג, אַז עס איז דורך די עטלעכע טעג געוואָרן ווי צוויי מאָל אַזוי גרויס, האָט אַלעמען הנאה געטאָן און פרומע ווייבער האָבן געדאַנקט דעם רבונו של עולם, וואָס אויב ער האָט צוגענומען דעם בוים, זאָל ער כאָטש ראַטעווען די פרוכט.

די זייגערין פון קינד, גאָלדע פּערלבערג, אַ געזונטע הויכע דרייסיקיעריקע פרוי פון אַ דערפל נישט ווייט פון וואַרשע, איז פּלוצלינג געוואָרן אַ פּערזענלעכקייט, צו וועלכער אַלע אויגן זיינען געווענדט ווען זי לאָזט זיך אַראָפּגיין פון די טרעפּ פון צווייטן קלאַס.

זי האָט דאָס געבראַכט די באַריכטן און אויך זי האָט מער נישט דערמאָנט מיט קיין וואָרט וועגן שרהלען, נאָר בלויז גערעדט וועגן קינד, אַז עס ווערט אַ לייט...

בלויז דער סופר האָט שרהלען נישט געקאָנט פאַרגעסן. זי איז געווען זיין דבורהלעס חברטע און ווי אָפּט האָט זיך דבורהלע אין אירע בריוו צו אים אָנגעפרעגט אויף שרהלען? און איצט, אַז ער פאָרט שוין צו זיין טאָכטער קיין אַרגענטינע, וועט ער האָבן פאַר איר אַזאַ שווידערלעכע בשורה...

אויך פעלצמאַן וואָלט זי נישט אַזוי לייכט פאַרגעסן, ווען ער קאָנצענטרירט נישט זיין געדאַנק און זיינע געפילן אויף אים, אויף ברוכן אין וועלכן ער האָט געזען און געפילט דעם אידעאַלן פאַרליבטן וואָס קאָן נישט קומען צו זיך נאָך זיין גרויסן אומגליק.

עטלעכע מאָל אין טאָג האָט פעלצמאַן באַזוכט ברוכן. ער האָט אים אַרויסגענומען פון קעמערל און ברוך האָט זיך געלאָזט פון אים פירן, נישט אַרויסווייזנדיק דעם קלענסטן סימן פון באַוואוסטזיין.

און דאָך, האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן באַוועגן אין זיין מוח און עס האָט געמוזט זיין אויפן פערטן טאָג אינדערפרי, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן עפּעס דערמאָנען פון דעם געשעענעם, ווייל ווען פעלצמאַן האָט אים באַזוכט, האָט ער אים געטראָפן זיצן ווי געוויינלעך, נאָר שוין נישט מיט דעם אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ איינגעגראָבן מיטן פּנים אין זיינע האַנט־פלאַכן, נאָר ער איז געזעסן גלייך, די הענט האָט ער געהאַלטן אויפן שויס און אין זיי, ווי שפּילנדיק זיך דערמיט, איז געלעגן דאָס קייטעלע מיט

דעם מעדאַליאָנדל וואָס מען האָט געהאַט אַראָפּגענומען פון שרהלעס האַלדז.

דאָס איז געווען פאַר פעלצמאַנען אַ בולטער סימן, אַז דער אומגליק-לעכער הויבט שוין ענדלעך אָן רעאַגירן אויף דער געשעעניש און ער וועט האָפנטלעך קומען צו זיך.

ער האָט געפּרואווט עפּעס ריידן צו אים, אָבער ברוך האָט אים צוערשט אָנגעקוקט מיט אומצוטרוי אין זיינע בליקן, ער האָט שנעל באַהאַלטן דאָס קייטעלע אין קעשענע און זיך אַוועקגעזעצט אין דערזעלבער פּאָזע ווי נעכטן, מיט דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט די האַנט-פלאַכן פאַרשטעלט דאָס פּנים.

פעלצמאַן האָט פאַרשטאַנען אַז דאָ מוז עפּעס געטאָן ווערן, אַז מען מוז דעם אומגליקלעכן קומען צו הילף און זעענדיק אַז זיינע ווערטער און דאָס טרייסלען ברוכן העלפט נישט, האָט ער באַשלאָסן אויפצוזוכן דעם דאָקטאָר פון שיף און אים איבערגעבן ווי די זאַך האַלט, אַז שטיינבערג האָט געמוזט האָבן געקומען צו זיך און איצט איז ער ווידער פאַרזונקען אין זיין טיפער מעלאַנכאָליע.

אויך דער אידישער שרייבער פון פּוילן האָט זיך אינטערעסירט מיט שטיינבערגס מצב, ער האָט אים שוין עטלעכע מאָל באַזוכט און איצט, ווען ער איז ווידער געגאַנגען צו זיין קאַמעראַטל, האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט פעלצמאַנען.

פעלצמאַן האָט אים איבערגעגעבן וועגן זיין אָבסערוואַציע און דער שרייבער האָט עס גענומען ערנסט און זיי זיינען צוזאַמען אַוועק זוכן דעם דאָקטאָר, כאָטש דער שרייבער האָט נישט געגלויבט אַז דער דאָקטאָר זאָל דאָ קענען עפּעס העלפן.

נישט פאַרשטייענדיק וואָס ער וויל פון אים, וואָלט דער דאָקטאָר פעלצמאַנען אפילו נישט אין אַכט גענומען, אָבער דאָ איז געווען מיט אים דער שרייבער וועמען ער האָט איינמאָל געזען שפּילן אין שאַך מיטן קאַ-פּיטאַן און ער האָט זיך באַצויגן צו אים מיט רעספּעקט און ער האָט צוגע-רופן אַן אַלטן מאַטראָז וואָס האָט גערעדט אויך דייטש און אַזוי האָבן זיי זיך פאַרשטענדיקט.

אָבער די לאַגע האָט זיך נישט געענדערט. זיי האָבן געטראָפן ברוכן אין דערזעלבער פּאָזע ווי פעלצמאַן האָט אים געלאָזן און וויפל זיי האָבן נישט געפּרואווט אים אַרויסצונעמען פון זיין אַפּאַטישער גלייכגילטיקייט, עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן, ברוך איז געבליבן אַבסאָלוט גלייכ-גילטיק און נישט געגעבן קיין סימן פון רעאַגירונג.

דער שרייבער מיטן דאָקטאָר זיינען אַוועק און ווען פעלצמאַן האָט שוין אויך געוואָלט אַרויס פון דעם קעמערל, איז אַריינגעקומען דער סופר.

דער סופר, אַ הויכער דאַרער, איד, מיט אַ לענגעכדיק פּנים, מיט אַ גלייך-פּאַרקעמטער מיטלמעסיק-לאַנגער באָרד, פון וועלכער עס זילבערן אַרויס אַ היפּש ביסל ווייסע פעדעם און אין די טיפע שוואַרצע אויגן שפּיגלט זיך אַ ים פון תמימות, האָט שווייגנדיק געקוקט אויף פעלצמאַנען.

שוין קנאַפּע דריי וואָכן ווי זיי פאָרן צוזאַמען אויף איין שיף, מיטגע-מאַכט דיזעלבע איבערלעבענישן און זיי האָבן זיך ביז איצט פערזענלעך נישט געקענט.

פעלצמאַן איז געבליבן.

דער סופר האָט זיך געזעצט אויף דעם געלעגערל נעבן ברוכן, אַרומ-גענומען און צוגעדריקט אים צו זיך מיט פּאַטערלעכער וואַרעמקייט, פון די אויגן האָבן אים גענומען פליסן די טרערן און האַלב פאַרשטיקט פון די טרערן וואָס ער האָט זיך באַמיט צו פאַרהאַלטן, האָט ער זיך גענומען בעטן:

— ברוכל... קום צו זיך... דו ביסט נישט אַליין אין דיין אומגליק... זע, פריינט קומען דיך באַזוכן... מען קומט דיך מנחם-אבל זיין... מען קומט דיך טרייסטן... ברוכל... דו דערקענסט דאָך מיך?! קוק אויף מיר... איך בין דבורהלעס טאַטע... דו געדענקסט דאָך מיין דבורהלע... ברוכל, שטאַרק זיך, ד׳נתן וד׳ לקח...

פעלצמאַן האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אפשר טאָר מען אַזוי צו אים נישט ריידן? איר דערמאָנט אים אָן אומגליק און דאָס ווירקט אפשר אויף אים צום שלעכטן...

— ניין, קינד מיינס; איך מיין פאַרקערט מען דאַרף אים דערמאָנען אָן זיין אומגליק, כדי ער זאָל עס דערפילן און אָנהויבן אויסשרייען זיין ווייטיק...

און דער סופר האָט ווייטער גערעדט צו אים, געוועקט אים, אָבער אָן דערפאָלג.

דעם סופרס בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט פעלצמאַנס בליקן, ביידע האָבן איינער אין דעם אַנדערנס בליקן געזוכט אַן ענטפער וואָס מען דאַרף דאָ אָנהויבן טאָן און דער ערשטער אויף צו נעמען אַ וואָרט, איז געווען דער סופר.

— איך גלויב, אַז מען מוז אים אַרויסנעמען פון דעם קעמערל, פון זיין יחידות.

— איך פיר אים יעדן טאָג אַרויס אויפן באַלקאָן, אויף דער לופט.

—דאָס איז ווייניק. ער דאַרף זיך געפינען צווישן מענטשן, ער דאַרף זען זיינע באַקאַנטע שיף-ברידער און שיף-שוועסטער און זעענדיק זיי, וועט ער זיך אפשר דערמאָנען אָן זיך אַליין און אָן זיין אומגליק; מען מוז געפינען אַ מיטל ווי אַזוי אים צו מאַכן ווײנען און אַרויסשרייען פון זיך זיין ווייטיק און צער.

נאָך דעמזעלבן טאָג נאָכמיטיק, ווען אויף דער שיף דאָרט אונטן, דריטע קלאַס, האָט געהערשט דער טומלדיקער הו-האַ פון די זאָרגלאָזע יונגע עמיגראַנטן, האָט פעלצמאַן, האַלטנדיק ברוכן אונטערן אָרעם, פאַרזיכטיק אים אַראָפּגעפירט פון די טרעפּלעך, אויספאָלגנדיק די מיינונג פון דעם אַלטן אידן.

די וואוילע יונגען האָבן זיך געגרייט צו דעם יום-טוב וואָס די שיף וועט פראַוועוןביים קרייצן דעם עקוואַטער און זיי האָבן צוגעטראַכט נייע שפּילן.

אָט פאַרנעמט זיך איין גרופּע מיט גימנאַסטישע איבונגען, מען טרענירט זיך אין שפּרינגען און איינער שפּרינגט איבער דעם אַנדערן וואָס שטייט אַביסל געבויגן און פּלוצלינג פאַרוואַנדלט זיך דאָס בילד און די אַלע וואָס זיינען נאָר וואָס געשפּרונגען, פאָרמירן זיך אין אַ קרייז און איינער שפּרינגט פלינק אויף דעם צווייטנס אַקסלען, בלייבט שטיין און כאַפּט אַרויף אַ צווייטן און עס דויערט בלויז סעקונדן, דערזעט מען אַ שיינע פּיראַמידע פון אַכט יונגע געזונטע פעסט-מוסקולירטע יאַטן און די גאַנצע פּיראַמידע טראָגט אויף זיך, אויף זיין קאָפּ, אויף די אַקסלען און אויף די אונטערגעשפּאַרטע עלנבויגנס, איין יונגער יאַט, יאַשקע דער שטאַרקער, אַ שמיד פון פאַך, וועלכער האָט שוין געוויזן אַזויפיל קונצן פון בייגן אייזערנע פרענטעס און פון טאַנצן טראָגנדיק אויף זיך אַן אייזערנעם פרענט, אויף וועלכן עס האָבן זיך אָנגעהאָנגען צען יאַטן.

אַביסל אָפּגערוקט פון זיי, איז אַן אַנדערע גרופּע וואוילע יונגען שטאַרק פאַרנומען ביי אַן אַכט מעטערדיקן הויכן אייזערנעם שטאַנג, אויף וועלכן יעדער פרואווט אַרויפצוקריכן און ווער עס באַווייזט נישט אַרויפצוקומען ביז צום שפּיץ, דעם דערלאַנגט מען ביים אַראָפּלאָזן זיך אַ פעסטן כמאַל אין הינטן.

מיידלעך שטייען און קוקן זיך צו צו די שפּילן און עס הערן זיך זייערע קוויטשערייען פון התפּעלות און פרויען, יינגערע און עלטערע שטייען ביי דער רייע וואַשקראַנען, זיי וואַשן וועש און אַ פרוי צעקרעכצט זיך: — זיי זאָלן דאָרט אַזוי כוח האָבן צו לעבן, ווי איך האָב כוח צו וואַשן וועש, נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אַז זיי האָבן ערגיץ באַגראָבן אונדזערע קוישן מיט זאַכן און אַ העמד דאַרף מען דאָך בייטן!...

עטלעכע מאַמעס זיצן אין אַ רייע אויפֿן דעק מיט די קינדער אויף די שויסן, מיט אָפּגעדעקטע ברוסטן, וועלכע זיי שטופּן יעדע ווײַלע אין קינדערשע פּיסקלעך אַרײַן; דווקא נישט ווײַט פֿון די יונגע מאַמעס, האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ קרײַז אַ צענדלינג האַלב-שוואַרצע שפּאַניאָלן, וואָס זענען אויפֿגעשטיגן אין לאַס פּאַלמאַס און צוויי פֿון זיי שפּילן אויף גיטאַרעס אַ מאָדנע מוזיק, און אַלע איבעריקע פּאַטשן צו ביי יעדן רעפֿריין צום טאַקט.

די גרופּע אינטעליגענטע יונגעלייט פֿאַרשלאָפֿן אויך נישט די צײַט; זיי דיסקוטירן ווי געוויינלעך, איינער מיט מער און איינער מיט ווייניקער פּאַטאָס, אָבער די דיסקוסיע פֿאַרציט זיך לענגער, ווײַל עס פֿעלט פֿעלצמאַן וואָס קאָן מיט זײַן אויטאָריטעט אַ סוף מאַכן צו איר.

און אינמיטן פֿון דעם טומלדיקן הו-הא האָט זיך איצט פֿעלצמאַן געפֿירט מיט ברוכן דורכשלאָגנדיק זיך אַ וועג ביז צו דער אַנדערער זײַט, צו די אַרײַנגאַנגען אין די גרויסע קעלער-קאַמערן, נעבן וועלכע עס זיצן געוויינלעך די גרופּע פֿרומע אידן.

פֿאַרבײַגייענדיק פֿאַר דער רייע יונגע מאַמעס, וואָס זענען געזעסן מיט זייערע קינדערלעך אויף די שויסן, האָט זיך פּלוצלינג איין פֿרוי געכאַפּט וועמען מען פֿירט דאָ, האָט זי אַרויסגעריסן די ברוסט פֿון קינדס פּיסקל, צוגעוואָרפֿן דאָס קינד אויף דער שכנהס שויס און אַ זעץ געבנדיק זיך מיט ביידע הענט אויף די קניען, האָט זי ווי נישט מיט איר קול אויסגעשריגן: — אוי, אַ ווייסטע בראָך האָט מיך געטראָפֿן, דאָס איז דאָך ער!...

און צוזעענדיק ווי ברוך מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ לאָזט זיך ווי אַ קעלבל פֿירן פֿון פֿעלצמאַנען, האָבן זיי זיך צעוויינט און ערשט איצט האָבן זיי זיך ווי דערמאָנט, אַז זיי האָבן גאָר פֿאַרגעסן, אַז די שיינע אומגליקלעכע שרהלע האָט איבערגעלאָזן אַן אַלמן, און עס איז אַוועק אַ גערייד, וואָס ער וועט נעבעך טאָן מיט דעם ניי-געבוירענעם עופֿהלע אין דעם פֿרעמדן ווײַטן לאַנד...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אויך אין צווייטן קלאַס, דאָרט אויבן, האָט מען זיך געגרייט צום שיף-יום-טוב וואָס וועט געפּראַוועט ווערן בעתן קרייצן דעם עקוואַטער.

דאָ זענען די צוגרייטונגען צוגעגאַנגען שטילער און מיט ווייניקער פּאָמפּע, ווײַל געגרייט האָבן זיך נאָר געציילטע פּערזאָנען.

דער קאַפּיטאַן האָט פֿאַרגעלייגט אַ פּלאַן, אַז אַזוי ווי עס געפֿינען זיך אויף דער שיף דריי שרײַבער, איז נישט מער ווי רעכט, אַז מען זאָל אַרויס-

געבן אַ הומאָריסטישע אויסגאַבע וואָס זאָל פאַרגעלייענט ווערן אויף דעם ספּעציעלן באַנקעט וואָס ער וועט געבן לכּבֿוד די פּאַסאַזשירן.

דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן און די שרייבער זיינען איצט געווען פאַרנומען מיט שאַפן עפּעס ספּעציעלעס אין שייכות מיטן אַריבערגיין פון איין האַלבן ערד-קיילעך אויפן אַנדערן און די גרעסטע שוועריקייטן זיינען געווען, ביים איבערזעצן אַט אַ די שאַפונגען אויף איטאַליעניש, ווייל מען האָט זיך דערצו געמוזט באַנוצן מיטן דאָלמעטשער, וועלכער האָט זייער גוט געקאָנט פּאַרטיימשן אויף איטאַליעניש, ווען די עמיגראַנטן האָבן געפּאָדערט ווייניקער מאַקאַראָנעס און מער פלייש, אָבער ער האָט נישט געקאָנט איבערזעצן קיין ליטעראַרישע אַרבעט.

נאָר, מען האָט זיך אַן עצה געגעבן און די רעדאַקציע האָט באַקומען מיטאַרבעטונגען פון שיף-אָפיצירן, אויך דער אַנטיקן-הענדלער האָט אָנגעשריבן אַ קורצע הומאָרעסקע וועגן דער גוטסקייט פון איין העלפט ערד-קיילעך לגבי דער צווייטער און ער האָט אויסגעפירט, אַז בעסער איז אַלעמאָל אויף דעם האַלבן ערד-קיילעך, אויף וועלכן ער געפינט זיך נ י ש ט...

אָבער נאָך פאַר דער פייערונג פון קרייצן דעם עקוואַטער, האָט דער קאַפּיטאַן מיטגעטיילט וועגן אַן אַנדערע פייערונג וואָס וועט פאָרקומען שוין מאָרגן.

מיט אַ שפּאַסיקן טאָן, אָבער מיט נישט ווייניק פריייד, האָט דער קאַ-פּיטאַן דערקלערט, אַז אויף דער שיף געפינט זיך אַ פּאַסאַזשיר וואָס קיי-נער ווייסט נישט זיין נאָמען, אַ פּאַסאַזשיר וואָס איז נישט אויפגעשטיגן אויף דער שיף נישט אין טריעסט און נישט אין די וויטערדיקע פּאָרטן און דאָך געפינט זיך דער פּאַסאַזשיר אויף דער שיף אָן אַ שום דאָקומענט און ווייטער אַזוי קאָן עס נישט גיין און דעריבער טיילט ער מיט, אַז דאָס קינד וואָס איז ביי אַזעלכע שווערע באַדינגונגען געבוירן געוואָרן אויף דער שיף, וועט מאָרגן באַקומען אַ מעטריקע מיט אַ נאָמען, און פאַר דעם כּבֿוד וואָס ער נעמט זיך צו זיין דער קוואַטער, וועט ער מכבּד זיין די פּאַסאַזשירן מיט אַ באַנקעט פון אַ ספּעציעל געגרייטן מעניו און מיט שאַמפּאַניער.

די פּאַסאַזשירן האָבן אַפּלאָדירט און אַמלענגסטן האָט אַפּלאָדירט דער אַלטער מוזיקער פון וועגעדיק און ווען עס איז שטיל געוואָרן, האָט זיך דער מוזיקער אויפגעשטעלט, געוויזן אויף עטלעכע נאָטן-בלעטער וואָס ער האָט געהאַט אויפן שטול נעבן זיך און געזאָגט, אַז ער וועט ביי דעם באַנקעט געבן אַ פּיאַנאָ-קאָנצערט, ער וועט שפּילן זיין איצט-געשאַפענע פּאָעמע, וועלכע ער באַטיטלט מיט דעם נאָמען: — „אַ לעבן פאַר אַ לעבן".

די מעלדונג פון קאַפּיטאַן האָט אַרויסגערופן אַ הייטערקייט צווישן די פּאַסאַזשירן, מען האָט אויפסניי געזומען ריידן וועגן דער שרעקלעכער נאַכט און באַמיענדיק זיך אויסצומיידן דעם אומגליקספאַל מיט דער יונגער פרוי, האָט מען בלויז גערעדט וועגן דעם ניי-געבוירענעם קינד, וואָס איז אין בעסטן צושטאַנד, אַזוי, אַז מען קאָן שוין זיין זיכער, אַז עס וועט לעבן.

און דער קאַפּיטאַן אַריסטו קאָסוליטש האָט טאַקע געהייסן פאַרגרייטן אַ ספּעציעלן מעניו און ער אַליין האָט זיך אפילו מטריח געווען אין קיך צו די קוכער און זיי געגעבן פאַרשידענע באַפעלן. קאַפּיטאַן קאָסוליטש איז געווען אין גוטן הומאָר. נאָך יעדער ידיעה פון דאָקטאָר אַז מיט דעם קינד גייט עס כסדר בעסער, האָט זיך אים אויך געבעסערט דער הומאָר. נישט אַזוי די געשעעניש מיט דער שיף אין דער שוידערלעכער שטורם-נאַכט, ווי די טראַגישע פּאַסירונג מיט דער אומגליקלעכער פרוי האָט אים באַאומרואיקט, וויסנדיק אַז דאָס וועט זיכער געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די צייטונגען און אַבי דאָס קינד וועט זיין געראַטעוועט, וועט עס באמת זיין אַ גרויסע לייסטונג לטובת זיין שיף-קאָמפּאַניע.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

עס איז געווען צומאָרגנס באַלד נאָך האַלבן טאָג, ווען דער דאַלמע-מעטשער איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּלעך פון צווייטן קלאַס און זיך געלאָזן זוכן ברוכן.

די זון איז געשטאַנען אינדערמיט הימל און ממש אַראָפּגעשאָטן מיט פייער און כמעט אַלע עמיגראַנטן האָבן זיך געפונען אין די קעלער-קאַמערן אויף זייערע געלעגער, וואו כאָטש די לופט האָט געשטיקט, איז אָבער געווען אַ סך קילער.

אָבער דער סופר איז אין דער צייט נישט געזעסן אין קעלער, ווייל ער האָט נישט געקענט זיך צוהערן צו די פאַרשידענע ניבל-פה-רייד פון אַ טייל וואוילע יונגען און ער האָט געפלעגט אַראָפּגיין זיך צולענען, ווען זיי זיינען אַרוים זיך שפּילן.

איצט איז ער דאָ געזעסן נישט ווייט פון קעלער הינטער אַ ווענטל וואָס האָט אים באַשיצט פון דער ברענענדיקער זון און נעבן אים איז גע-זעסן ברוך.

דער סופר האָט מיט אַ שטילן ניגון געזאָגט תהילים וואָרט ביי וואָרט, וואָרפנדיק בלויז פון צייט צו צייט אַ בליק צו ברוכן, וועלכער איז געזעסן צונויפגעקורטשעט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ ווי אַן אַ ברעקל לעבן.

ווען דער דאַלמעטשער האָט זיי דערזען און נאָך פונווייטן אויסגע-

שריגן דעם נאָמען ברוך שטיינבערג, האָט עס אויסגעזען אַז ברוך האָט עפּעס געהערט, ווייל ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיטן קאָפּ צום אויפ־הויבן אים און אַ קוק טאָן וועך עס רופט אים, אָבער דער קאָפּ איז אים באַלד ווידער ווי שווער צוריקגעפאַלן און דער דאָלמעטשער האָט אים גע־מוזט אָננעמען אונטער די אָרעמס, אויפהויבן אים און ברוך האָט זיך שוין געלאָזן פירן פון אים איבער דער לענג פון אַ האַלבער שיף, אַרויף אויף די טרעפּלעך און באַלד זיינען זיי געווען אין דעם קליינעם קאַמעראַטל, וואו דער דאָלמעטשער האָט צורעכט געמאַכט אויף ברוכן די קליידער און געבעטן זיך ביי אים, ער זאָל קומען צו זיך, ווייל ער פירט אים צום יום־טוב פון אַ נאָמען געבן זיין קינד.

ברוך האָט נישט געענטפערט. איגנאַנצן ווילנלאָז און שטום האָט ער געלאָזט מיט זיך טאָן וואָס מען האָט געוואָלט און ווען דער דאָלמעטשער האָט אים גענומען צום גיין, איז ער געגאַנגען.

אין גרויסן שפּייז־סאַלאָן איז דערווייל פאָרגעקומען דער באַנקעט.

דער קאַפּיטאַן האָט געוואוסט וועגן צושטאַנד פון פאָטער פון קינד און ער האָט באַשלאָסן, אַז מען זאָל אים אַריינברענגען צום שלום, ווען ער יועט אים דאַרפן איבערגעבן די מעטריקע פון קינד.

מיט אַ בראַוואָ פּאַטשעריי האָבן די פּאַסאַזשירן אויפגענומען דעם ערשטן ספּעציעלן טעלער וואָס איז באַשטאַנען פון פיין־געפּרעגלטע זשאַ־בעס, פון וועלכע די צווייטע קלאַסניקעס האָבן ממש געלעקט די פינגער און עס איז געווען אַ ביטערער צער אַ קוק צו טאָן אויף דעם פּויליש־יידישן שרייבער, וואָס האָט נישט געוואוסט וואו די אויגן אַהינצוטאָן, כדי נישט צו קוקן אויפן טעלער...

די שפּייזן זיינען סערווירט געוואָרן שנעל איינס נאָכן צווייטן און ענדלעך איז דער קאַפּיטאַן אויפגעשטאַנען, געהאַלטן אַ קורצן טאָסט פאַר דעם געזונט פון דער נייער בירגערין פון דער שיף „אַטלאַנטאַ" און איצט האָט מען אַריינגעבראַכט ברוכן.

דער דאָלמעטש איז מיט אים געבליבן שטיין אָן אַ זייט און בעת מען האָט פאַר אַלעמען אָנגעגאָסן די גלעזער מיט שאַמפּאַניער, האָט דער קאַ־פּיטאַן אַרויסגענומען אַ בויגן און גענומען לייענען אַ פאַרפליכטונג פון דער קאָסוליטש־שיף־געזעלשאַפט, אַז אויב אַ קינד ווערט געבוירן אויף איינער פון אירע שיפן, בלייבט עס אויף אייביק דער בירגער פון דער שיף און קאָן לעבנס־לאַנג פאָרן אויף דער שיף אָן אַ וועלכן אָפּצאָל.

און דאָס וועט אויך זיין גילטיק, האָט דער קאַפּיטאַן פאַרגעזעצט, פאַר

אונדזער נייער בירגערין ס אַ ר אַ ש ט יי נ ב ע ר ג וואָס איז ביי אַזעל-
כע שווערע...

אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ פאַרצווייפלטער אויס-
געשריי, וואָס האָט איבערגעשלאָגן דעם קאַפּיטאַנס רייד :

— שרהלע! מיין שרהלע!...

דאָס האָט אויסגעשריגן ברוך און איז געפאַלן אין חלשות.





# איבער דער מיט פון דער וועלט

אויף דער שיף „אטלאנטא" האט מען זיך געגרייט צום יום-טוב.

אנגעהויבן האבן זיך די אינטענסיווע צוגרייטונגען, נאכדעם ווי דער דאלמעטשער האט אכט אזייגער אינדערפרי אויסגערופן אויף יידיש, פויליש, דײטש און רוסיש, אז ער בעט די אלע עמיגראנטן וועלכע זיינען עלעקטריזיסטן פון פאך, זיי זאלן זיך קאנצענטרירן ביי די טרעפ וואס פירן צום צווייטן קלאס.

עטלעכע יידישע יאטן האבן זיך באלד צוגעשטעלט צום באשטימטן פונקט. דארט האט זיי אן אונטער-אפיציר מיטגעטיילט וועגן וואס עס האנדלט זיך, מען וויל אילומינירן דעם גאנצן דעק פון דריטן קלאס און עס איז נויטיק זייער הילף.

מאטראזן האבן געבראכט דראטן און חברה האט זיך באלד גענומען צו דער ארבעט און ביז צוויי שעה שפעטער, איז אויסגעוואקסן א נעץ פון עלעקטרישע דראטן אויף וועלכע עס זיינען געהאנגען לעמפלעך און איצט האבן מאטראזן געארבעט ביים פארפעסטיקן דעם אכט מעטערדיקן הויכן אייזערנעם שטאנג, וואס אויבן, אויפן שפיץ, האט מען אויף א האקן אנגעהאנגען א פעקל שאקאלאד, א שאכטל סארדינעס, א ראזיר-מאשינקע און נאך עטלעכע נוצלעכע זאכן, וואס האבן געלאקט די בליקן צו זיך.

דער אייזערנער דראנג האט באדארפט זיין די הויפט-אטראקציע פון יום-טוב, ווייל עס איז געווען באשטימט, אז דער וואס וועט באווייזן זיך ארויפצודראפעי ביז אויבן און אראפנעמען דאס בינטל זאכן, וועט עס זיין זיינס.

חברה יאטן האבן געלאכט:

זאל מען זיי נאר צולאזן צום דראנג, וועלן זיי באווייזן די קונץ שוין איצט; איינער האט זיך אפילו געפרואווט צוכאפן און ער איז שוין ארויף ביז א העלפט, ווען א מאטראז האט אים שטרענג באפוילן, אז ער זאל זיך

צוריק אראָפּלאָזן, ווען נישט וואַרפט ער אום דעם דראַנג מיט אים אינ־איינעם.

באַלד איז אויסגעוואַקסן אַ באַריער פון שטריק וואָס האָט אַרומגע־רינגלט אַ שטח פון עטלעכע מעטער אַרום דעם דראַנג און אַ מאַטראַז איז געבליבן אויף דער וואַך, אַז קיינער זאָל זיך צו אים נישט צוכאַפּן.

נישט ווייט פון דאָרט האָט מען אויך אַרומגעצוימט פלעצער מיט אימפּראָוויזירטע באַריערן, אויף די פלעצער האָבן באַדאַרפט פאָרקומען די פאַרשידענע אַנדערע שפּילן.

אין די טיפקייטן פון דער שיף איז אויך אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע אַרבעט.

די קיך־מאַנשאַפט איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון פרייוויליק־געמאָל־דענע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן פון די פריר־קאַמערן געשלעפּט גאַנצע שעפּסלעך וואָס האָבן אויסגעזען ווי נאָר־וואָס געקוילעט; פון די פריר־קאַמערן האָט מען אויך געשלעפּט גרויסע הילצערנע שעפלעך אָנגעפילטע מיט צעעפנטע הינער און דאָס אַלץ האָט מען געפירט אין קיך אַריין, פאַר דעם ספּעציעלן מאָלצייט אויף ביינאַכט, צום יום־טוב פון אַריבערקרייצן דעם עקוואַטער.

די גרויסע מאַיאָריטעט פון די עמיגראַנטן דריטע קלאַס האָבן אפילו נישט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס די גדולה מיט אַן עקוואַטער און מאַנכע האָבן געלאַכט: — ווער מיר עקוואַטער און וואָס מיר עקוואַטער, אַבי עס וועט זיין פריילעך און עס וועט זיין אַ גוטער מאָלצייט און דאָס איז דער עיקר...

אָבער די אינטעליגענטע בחורים האָט פאַרדראָסן אַזאַ מין איגנאָראַנץ און זיי האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן, אַז די וועלט איז געטיילט אין גראַדן און אַז דער עקוואַטער איז דער מיטל־פונקט פון דער וועלט און יעדעס מאָל ווען אַ שיף פאָרט אַריבער אָט אָ דעם מיטל־פונקט, ווערט געפּראַוועט אַ יום־טוב...

חברה האָט געלאַכט:

— ווייס איך וואָס! מיטל־פונקט, שמיטל־פונקט, רעדט אידיש! — מען פאָרט אַריבער פון איין האַלבער וועלט אויף דער צווייטער! דאָס הייסט, אַז איין האַלבע וועלט האָבן מיר שוין געפּאַטערט און הלוואי די צווייטע האַלבע וועלט זאָל א ו נ ד ז נישט פּאַטערן!...

אויך אויבן, אין דער צווייטער קלאַס האָט מען זיך געגרייט.

עפּעס איז געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיילונג, וועלכע מען האָט פריער גאָרנישט געזען און די אָפּטיילונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיין־דעקאָרירטן סאַלאָן מיט פאַרשידן־קאָלירנדיקע עלעקטרישע לעמפּלעך און

עס איז געווען באַשטימט, אַז אונטן, אין דריטן קלאַס, וועט דער יום־טוב געפּראַוועט ווערן פון זעקס ביז צען אַזייגער אָוונט און דאַן וועט מען ערשט פּראַווען די סעודה אין דער צווייטער קלאַס און פון צוועלף ביינאַכט וועט געפּראַוועט ווערן אַ באַל אין דעם סאַלאָן.

די פּאַסאַזשירן צווייטע קלאַס האָבן אָבער גוט געוואוסט, אַז די הויפּט־אַטראַקציע פון דער פייערונג, וועט זיין די דריטע קלאַס.

קיין בעלער און גוטע שפייזן, זענען די פּאַסאַזשירן פון צווייטע קלאַס נישט זשעדנע און זיי האָבן געוואוסט, אַז די עמיגראַנטן וועלן שוין אַרויס־ליפערן פאַר זיי גענוג עמאָציאָנירנדיקע פרייד וואָס וועט זיי מאַכן פאַר־געסן די אַלע פיינלעכע איבערלעבונגען אויף דער שיף ביז היינט.

אויך דער קאַפּיטאַן האָט שוין פון דערפאַרונג געוואוסט דאָסזעלבע, אַז די עמיגראַנטן דאַרפן זיין די אַטראַקציע פון עקוואַטער־יום־טוב און ער האָט גוט אָבסערווירט, אַז צווישן די עמיגראַנטן וואָס מאַכן מיט די איצטיקע רייזע, זענען פאַראַן אַ סך אַטראַקטיווע ספּאָרטלער און געוואַגטע יונגען און ער האָט דעריבער געוואָלט, אַז דער אויבער־דעק פון דריטן קלאַס זאָל זיין וואָס בעסער באַלויכטן און אויף זיין באַפעל זיינען אינדער־הויך, איבער דער צווייטער קלאַס אַוועקגעשטעלט געוואָרן צוויי גרויסע רעפלעקטאָרן וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט צו די אַרומגעצוימטע שפּיל־פּלע־צער און די פּריוווילקע עמיגראַנטן־עלעקטריציסטן האָבן באַוויזן צו מאַכן די אַרבעט אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן.

פון הינטן אויף דער שיף, דאָ וואו עס געפינען זיך די טירן פון די טי־פּע קעלער־קאַמערן פאַר די עמיגראַנטן, האָט מען פריי געמאַכט אַ גרויסן פּלאַץ און מען האָט אויסגעשטעלט טישן מיט בענק.

די אַרבעט איז צוגעגאַנגען שנעל און פריידיק, אָבער די פרומע אידן וואָס זיינען דאָרט געזעסן אין פאַרשידענע ווינקלען נעבן די טירן פון די קאַמערן, וואו זיי האָבן זיך ווי עס איז באַשיצט קעגן דער ברענענדיקער זון, זיי האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף דעם וואָס קומט דאָ פאָר. די וואָס זיינען געזעסן ביחידות האָבן געזאָגט תהילים אָדער אַרייגעקוקט אין אַן אַנדער ספר און די וואָס זיינען געזעסן צו צוויי און דריי, האָבן שטיל געריעדט צווישן זיך, אויסדערציילט איינער דעם אַנדערן שטיקער געשיכטע פון זייער לעבן, וועגן צער גידול בנים און מיט וואָס דאָס ווערט באַלוינט, אַז מען דאַרף אויף דער עלטער בלייבן אַליין, אָדער גאָר פאָרן אַזוי וויט מעבר לים, זוכן אַביסל נחת ביי די קינדער וואָס זיינען זיך ווי די שוואַלבן צעלאָפן און צי וועט מען כאָטש דאָרט דאָס ביסל נחת געפינען?...

אַ קרעכץ האָט געוויינלעך באַגלייט די אַלע אינטימע שמועסן...

מיט עטלעכע מינוט פריער, זיינען דאָ אויך געזעסן ברוך מיט זיינע

אַכטונג-געבער דער סופר מיט פּעלצמאַנען, אָבער ברוך האָט ווידער באַ-קומען די אַטאַקע פון פאַרצווייפלונג און ער האָט דווקא געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון זיינע שומרים כדי צו שפּרינגען אין ים אַריין און זיי האָבן אים אויף כוח אַראָפּגעפירט אין דער קאַמער, וואו ער ליגט איצט אויף זיין געלעגערל און העשעט פון געוויין.

זייט דעם מאָמענט ווען ברוך איז געקומען צו זיך נאָך זיין פאַלן אין חלשות ווען דער קאַפּיטאַן האָט אויסגערופן דעם נאָמען פון זיין קינד, האָבן אים פּעלצמאַן און דער סופר גענומען אונטער זייער אויפזיכט.

אין דער קאַמער האָבן זיי געפּועלט אַז מען זאָל זיך בייטן מיט די גע-לעגערס, אַזוי, אַז זיי זאָלן קענען ליגן פוןביידע זייטן נעבן ברוכן און דאָס באַוואַכן אים איז טאַקע זייער נויטיק געווען, ווייל זייט דעם מאָמענט ווען ער איז געקומען צו זיך און אָנגעהויבן באַגרייפן די גרויס פון זיין אומגליק, האָט ער כסדר באַקומען אַטאַקעס פון פאַרצווייפלונג און היסטע-ריע און ער האָט זיך נאָר געוואָלט וואַרפן אין וואַסער אַריין.

יעדעס מאָל, ווען זיינע שומרים האָבן אים אַראָפּגעשלעפּט אויף כוח אין דער קעלער-קאַמער, האָט זיך ברוך געוואָרפן אויפן געלעגערל און אַזוי לאַנג געוויינט און געהעשעט אין זיך אַריין, ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף און דער סופר מיט פּעלצמאַנען האָבן געוואַכט נעבן אים און ביי אַזעלכע געלעגנהייטן האָט זיך פּעלצמאַן דערוואוסט ביים סופר געוויסע איינצלהייטן וועגן ברוכן מיט שרהלען.

ברוך שטיינבערג איז געווען אַ זון פון אַ באַלעבאַטיש-פאַרמעגלעכע היים אין דעמביצע, אַ שטעטל צווישן טאַרנאָוו און פּשעמישל, אין גאַליציע.

בעת דער מלחמה, ווען די רוסן האָבן זיך דערנעענטערט צו זייער שטעטל, זיינען זיי אַנטלאָפן קיין עסטרייך, וואו זיי זיינען געבליבן ביז נאָך דער מלחמה און ווען די משפּחה שטיינבערג האָט זיך אין יאָר 1918 צוריקגעקערט אַהיים, האָבן דעמאָלט די סאָלדאַטן פון גענעראַל האַלער, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן: די „האַלערטשיקעס" און די „פּאָזנאַנטשי-קעס" באַלעבאַטעוועט אויף די באַנען, זיי האָבן געשניטן ביי יידן בערד און פּאות און געוואָרפן פון די פאָרנדיקע באַנען און אַזוי איז עס געשען, אַז די „העלדישע" סאָלדאַטן פון דער באַפרייטער פּוילן, האָבן ברוכס פאָ-טער, ר' קלמן שטיינבערג אַראָפּגעוואָרפן פון פאָרנדיקן באַן, ער האָט צע-בראָכן אַ פוס און נאָך חדשים-לאַנגען קרענקען, איז ער געשטאָרבן.

די משפּחה שטיינבערג איז געבליבן רואינירט. ברוכס אַן עלטערער ברודער האָט באַוויזן באַלד צו אַנטלויפן פון דעם באַפרייטן פּוילן און ער איז שוין לאַנג אין אַמעריקע און ברוך איז געבליבן מיט זיין מוטער און

צוויי שוועסטער און פון זייער אַמאָליקן גרויסן געשעפט פון גאַלאַנטעריע, האָבן זיי איצט געהאַט אַ קליין קרעמל, פון וועלכן זיי האָבן אַרויסגעשלעפט דאָס טרוקענע שטיקל ברויט און אַ נס איז געווען, וואָס ברוכס ברודער האָט געשיקט פון צייט צו צייט עטלעכע דאָלער.

ווען עס איז געקומען די מלחמה צווישן פּוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט מען ברוכן גערופן צום מיליטער, ער זאָל פאַרטיידיקן דאָס באַפרייטע פאָטערלאַנד. ברוך האָט אָנגעגעבן אַ פּאַפּיר אין וועלכן ער האָט אויפגע־וויזן, אַז זיין פאָטער האָבן פּוילישע סאָלדאַטן דערהרגעט און ער איז גע־בליבן דער איינציקער שפּייזער פון זיין פאַמיליע, אָבער די אַפּעלאַציע האָט נישט געהאָלפן און נישט קענענדיק פאַרגעסן וואָס די ערשטע פּוי־לישע סאָלדאַטן האָבן געטאָן צו זיין פאָטער, האָט ער באַשלאָסן נישט צו גיין דינען צוזאַמען מיט די פּאָגראָמשטשיקעס און מורא האָבנדיק צו בלייבן אינדערהיים, מען זאָל אים קענען נעמען מיט געוואַלט, איז ער אַוועק און איז געקומען צו אונדז קיין בריגל, אַ יידיש שטעטל נישט ווייט פון באָכ־ניע און דאָ האָט ער זיך איינגעדונגען מיט קעסט און קוואַרטיר ביי ר׳ זעליקן דעם מלמד.

ר׳ זעליק איז געווען אַ בלוט אָרימאַן, ער האָט געהאַט עטלעכע קינ־דער, נאָר זיין פרייד איז געווען זיין עלטסטע טאָכטער שרהלע, וואָס איז געווען שיין ווי די וועלט און אַ בריהטע איז זי געווען, אַז וואָס די אויגן אירע האָבן געזען, האָבן אירע הענט באַוויזן צו מאַכן.

ווען דער סופר האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן שרהלען, האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן און ווישנדיק די טרערן מיט זיין רויטן טאַשנ־טוך, האָט ער דערציילט ווי אַזוי שרהלע פלעגט קומען צו זיין טעכטערל דבורהלע זאָל לערנען, כדי צוזאַמען צוטראַכטן וועגן אויפנייען אַ ניי קליידל און ווען מען האָט אין שטעטל געזען ביידע מיידלעך צוזאַמען, האָט מען זיי באַוואונדערט און מען האָט געזאָגט: — זעט, די צוויי אָרימע פּרינצע־סינס מיט די גאָלד־בלאָנדע קעפּ גייען!...

עטלעכע חדשים האָט ברוך פאַרבראַכט אַלס קוואַרטיראַנט ביים מלמד, אָבער דאָס איז געווען גענוג, אַז די צוויי יונגע קינדער זאָלן זיך ליב באַקומען אַזוי ווי יעקב מיט רחלען און וויפל רייכע בחורים פון בריגל און אפילו פון טאַרנאָוו עס האָבן זיך אָנגעהויבן שדכענען צו איר און אפילו אונטערגעשיקט שדכנים און צוגעזאָגט איר און די גאַנצע אָרימע משפחה צו באַגליקן. האָט זי פון קיינעם נישט געוואָלט הערן; ווען ברוך איז אַוועק קיין טאַרנאָוו, האָט זי גאַנצע נעכט געלייענט און געשריבן בריוולעך צום אויסדערוויילטן פון איר האַרץ.

די טעג פון אירע בענקשאַפטן, האָט שרהלע פאַרבראַכט ביי מיר

אין שטוב, מיט מיין דבורהלען. ברוך איז נישט געווען ווייט פון אונדז, ער איז געווען אין טאָרנאָוו, אָבער אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט צו קו־מען קיין בריגל, ווייל מען האָט אים געהאַט אונטערגעמסרט אַז ער איז אַ „באַהאַלטענער", האָבן שרהלע און דבורהלע באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין טאָרנאָוו, כלומרשט עפּעס איינקויפן און דאָרט האָט זיך שרהלע גע־טראָפן מיט איר באַשערטן און זי איז שוין דאָרט געבליבן אין טאָרנאָוו.

ווען מיין טאָכטער איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט זי זיך אויף דער באַן באַקענט מיט אַ יונגענמאַן פון אַמעריקע, אַ גאָר וואוילער יונגערמאַן און אַ רייכער, ער איז געקומען זען זיין אַלטע מוטער אין לעמבערג און איצט, אויף זיין צוריק־רייזע קיין אַמעריקע, האָט ער זיך באַקענט מיט מיין טאָכ־טער און שיין ווי זי איז געווען, האָט ער זי שוין נישט געוואָלט אָפּלאָזן, ער איז אַראָפּ אין בריגל און געקומען צו מיר צו גאַסט און — גאַנץ בריגל האָט מיך מקנא געווען מיט דעם גליק וואָס מיך האָט געטראָפן פאַר מיין דבורהלען.

ווידער האָט זיך דער סופר געווישט די טרערן און ווייטער דערציילט:

— דעם אמת געזאָגט, בין איך נישט געווען אַזוי שטאַרק צופרידן; וואָס איז? אויב שוין יאָ אַ שיין געראָטן קינד, פאַרוואָס זי לאָזן אַוועק־פאָרן מעבר לים? צי קאָן זי דען דאָ נישט טאָן אַ גוטן שידוך, צי קומען ווייניק שדכנים וואָס היימישע רייכע בחורים שיקן אונטער? אָבער אַזוי איז געווען גאָטס ווילן, זי האָט אים ליב באַקומען, ער האָט איר געקויפט שיינע מתנות און איך האָב געשריבן תנאים.

דערווייל האָט מיין אַמעריקאַנער חתן באַקומען בריוו און טעלעגראַ־מעס, אַז מען דאַרף אים דאָרט און ער האָט אָנגעהויבן צואיילן מיט דער חתונה, בקיצור, ער האָט געפּראַוועט אַ חתונה כיד המלך, עס איז נאָר געווען אַן עגמת־נפש וואָס זיין מוטער האָט געשריבן פון לעמבערג, אַז זי קאָן נישט קומען, זי איז קראַנק און אַ וואָך נאָך דער חתונה, האָבן מיר זיך געזעגנט און מיין טאָכטער מיטן איידעם זיינען אַוועק קיין אַמע־ריקע, וואו מיין איידעם האָט שוין טעלעגראַפיש געהייסן צוגרייטן אַ שיי־נע היים.

ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען נישט געפאָרן אין דעם ריכטיקן אַמעריקע, נאָר קיין אַרגענטינע, וואָס איז אויך אַמערי־קע, אָבער... אָבער וואָס? אַבי איך האָב באַקומען פון מיין טאָכטער גוטע בריוו, בין איך שוין געווען צופרידן.

יעדעס מאָל, ווען דער סופר האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן זיין טאָכ־טער, האָט פעלצמאַן אים צוריק אַרויפגעפירט אויף דער טעמע ברוך און

שרהלע, ווייל דאָס האָט אים אַמשטאַרקסטן אינטערעסירט און ער האָט זיך דערוואוסט ביי אים, אַז ברוך און שרהלע האָבן ערשט מיט אַ יאָר צוריק חתונה געהאַט טאַקע אין טאַרנאָוו, דערווייל האָט ברוכס עלטערער ברודער פאַרלאַנגט פון אים אַז ער זאָל קומען קיין אַמעריקע און אַזוי ווי אַמעריקע האָט שוין געהאַט פאַרשלאָסן די טויערן, איז געבליבן, אַז זיי וועלן פאָרן דורך אַרגענטינע, דאָרט פאַרבלייבן אַ ביסל און פון דאָרט וועלן זיי זיך שוין לייכט אַריבערכאַפּן קיין ניו־יאָרק. און ווי איר זעט, האָט די השגחה אַזוי געפירט, אַז מיין ווייב, אין ליכטיקן גן־עדן רוט זי, איז מיר אָפּגעשטאָרבן און מיין דבורהלע האָט מיר צוגעשיקט געלט, אַז איך זאָל קומען צו איר און מיר איז באַשערט געווען צו פאָרן דאָ צוזאַמען מיט ברוכן און שרהלען, כדי איך זאָל דאַרפן איבערלעבן דעם גרויסן צער צוליב דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט זייביידן געטראָפן...

דעם סופרס גאַליציאַנער אויסשפּראַך האָט דער ליטוואַק ניט אַזוי לייכט אויפגעכאַפּט, אָבער די ווערטער אין דעם פּאַר אים פרעמדן דיאַלעקט האָבן נאָך שטאַרקער געווירקט אויף זיין געמיט און וויפל זיין חבר פיינ־האַלץ האָט אים נישט געוואָלט אָוועקרייסן פון דעם אומגליקלעכן, האָט עס זיך אים נישט איינגעגעבן, נאָר פאַרקערט, פיינהאָלץ האָט נאָך צומאָל פאַרמאַכט זיין ווערטער־ביכל און געקומען צו פעלצמאַנען, און צוזאַמען מיט אים פאַרבראַכט שעהן נעבן ברוכן.

אויך איצט איז פיינהאָלץ אַראָפּגעקומען צו פעלצמאַנען און געבליבן דאָרט נעבן ברוכס געלעגערל, בעת דער סופר איז אַרויס אויבן און זיך געשטעלט דאַווענען מנחה.

אינדרויסן איז שוין אַלץ געווען געגרייט.

אמת, קיין טישטיכער האָט מען אויף די טישן נישט געלייגט, אָבער ריינע בלעכערנע טעלער זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט און הונגעריקע יאַטן האָבן שוין געוואָרט אַז עס זאָל זיך אָנהויבן.

אַ גלאָק האָט געקלונגען און די יאַטן וואָס האָבן זיך פרייוויליק גע־מאָלדן אַלס קעלנער, האָבן אָנגעהויבן צו פאַרטיילן ווייסע ברויטן און באַלד האָבן זיי אויך געבראַכט גרויסע טאַצן מיט געפּרעגלטע פיש און זיי האָבן פלינק פאַרטיילט די פּאָרציעס און דאָס געקלאַפּעריי פון די גאָפּלען אויף די בלעכערנע טעלער האָט פול געמאַכט די לופט.

פיר מינים געקעכצן האָט מען דערלאַנגט און דער וויכטיקסטער טע־לער איז געווען דאָס געבראָטענע שעפּסן־פלייש און באַלד דערויף האָבן זיך צעצונדן די לאָמפּן און עמיץ האָט דורך אַ מעגאַפאָן עפּעס אַראָפּגע־שריגן פון דערהויך אין איטאַליעניש, באַלד האָט דער דאָלמעטשער דאָס־

זעלבע געמאָלדן אין דריי אַנדערע שפּראַכן, אַז מען זאָל זיין גרייט, אין אַ האַלבע שעה הויבט זיך אָן דאָס שפּיל.

און חברה איז געווען גרייט. די האַלבע שעה האָט זיך פאַר זיי גע־צויגן ווי אַן אייביקייט און אַ סך האָבן זיך געדרייט אַרום דעם פּלאַץ וואו דער אייזערנער דראַנג איז געשטאַנען און זיי האָבן זיך געטראַכט: — אוי, ווי קאָן מען שוין צוקומען צו אים, מיט איין שפּרונג וועט מען דערגרייכן דעם שפּיץ און אַראָפּכאַפּן דאָס בינטל זאַכן פון אויבן...

די נאַכט איז שנעל צוגעפאַלן און וואָס טיפער די זון האָט זיך אַרונ־טערבאַהאַלטן דאָרט ווייט הינטערן ים אַלץ ליכטיקער האָבן דאָ די לאָמפּן אָנגעהויבן שעמערירן און פּלוצלינג האָט די שיף־סירענע אַרויסגעבלאָזן פון זיך אַ לאַנגן באַסאָווע פייף, אינדערהויך האָבן זיך אָנגעצונדן די צוויי רעפלעקטאָרן וואָס האָבן קאָנצענטרירט זייערע ליכט־שטראַלן אויף דעם פּלאַץ וואו עס איז געשטאַנען דער דראַנג מיט די מתנות.

די פּאַסאַזשירן פון צווייטן קלאַס זיינען געשטאַנען אָנגעלענטע אויף די באַריערן פון באַלקאָן איבער דער גאַנצער ברייט פון שיף און אַראָפּגע־קוקט צו דעם העל באַלויכטענעם פּונקט.

חברה וואָילע יונגען האָבן געוואַרט אויפן סיגנאַל און כדי זיי זאָלן זיך נישט ממיתן איינער דעם אַנדערן האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין רייע, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט שטיין, ווייל אַ שאָד דאָס שטיין, האָבן זיי געטענהט, דער ערשטע וועט באַלד אַראָפּכאַפּן די מתנות און עס וועט מער נישט זיין וואָס צו טאָן...

זיי האָבן אָבער געמאַכט אַ טעות; אַט האָט זיך דאָס שפּיל אָנגעהויבן, אַ וואָרשעווער יאַט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום דראַנג, עס האָט נישט גע־דויערט קיין צוויי סעקונדן, איז ער שוין געווען העט־אויבן, איבער דער גרעסערער העלפט, אָבער וואָס איז געשען? ער קאָן עפּעס העכער נישט קומען; מען זעט ווי ער האַלט זיך פעסט אָן דראַנג, די אָדערן שפּאַרן אים פון די הענט און אָט קומט ער אַביסל העכער, נאָר באַלד גיט ער אַ פאַל צוריק נידעריק און עס ווערט אַ געמורמל, אַז דער דראַנג איז אינדערהויך באַשמירט מיט פעטס און מען וועט שוין אַזוי לייכט נישט צוקומען צום שפּיץ...

דער ערשטער איז שוין אַראָפּ אַ באַגאַסענער פון שוויים און מיט אַ וואָרשעווער קללה אויף די ליפּן און אַ צווייטער האָט באַלד געטיילט מיט אים דעמזעלבן גורל און אַזוי האָבן איינער נאָך דעם אַנדערן געפּרואווט זייער מזל און זייערע כוחות, מאַנכע האָבן שוין געהאַט באַוויזן זיך אַרויפ־

צובאַקומען אַט אַט צום שפּיץ, אָבער פּלוצלינג האָבן זיי ווי נאָכגעלאָזן די כוחות און זיי האָבן זיך אַ גליטש אַראָפּגעטאָן ביז אונטן.

ביי יעדן דורכפאַל פון אַזאַ איינעם, איז געוואָרן אַ הו-האַ באַגלייט פון אַ שטורמישן געלעכטער און אַמשטאַרקסטן האָבן זיך געהערט די קווויטשעדיקע געלעכטערס פון אויבן, פון צווייטן קלאַס, פונוואַנען מען האָט זיך אַ סך בעסער געקאָנט צוקוקן צו דעם מאָדנעם און דאָך פּראָסטן ספּעקטאַקל.

ווען חברה יאַטן זיינען שוין געשטאַנען אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און עס האָט אויסגעזען אַז אַלע האָבן שוין רעזיגנירט פון געדאַנק אַז עמיץ וועט נאָך היינט באַווייזן אַראָפּצובאַקומען דאָס בינטל זאַכן פון דער הויך, איז פּלוצלינג אָנגעקומען יאָשקע דער שטאַרקער, אָדער יאָסל ריטער, דער שמיד.

אַ נייע האָפענונג האָט אויפגעלויכטן ביי די אַרומשטייענדיקע און געוועזן צווישן זיי אויך אַזעלכע, טאַקע פון די שטאַרקע, וואָס האָבן גע-וואָלט זען יאָשקעס דורכפאַל.

יאָשקע איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין, געקוקט אויף דעם דראָנג פון אונטן ביז אַרויף און דערנאָך צוריק, פון אויבן ביז אַראָפּ, ער האָט אים באַטראַכט אַזוי ווי מען באַטראַכט פריער אַ שטאַרקן קעגנער מיט וועמען מ׳דאַרף זיך גיין באָרען און פּלוצלינג האָט ער געטאָן אַ שפּרונג, אַרומגע-קלאַמערט מיט די צוויי געזונטע לאַפּעס דעם דראָנג און אַרומנעמענדיק אים אויך מיט די פיס, האָט ער זיך אָנגעהויבן אַרויפהויבן אַלץ העכער און העכער און זייענדיק שוין אויף אַ זעקס-מעטערדיקער הויך, האָט ער אַראָפּגעקוקט, אַוועקגענומען די הענט פון דראָנג, ווייזנדיק ווי אַזוי ער האַלט זיך מיט די אַרומגעקלאַמערטע פיס אויפן דראָנג און אַט איז ער שוין נאָך העכער, ער מאַכט דיזעלבע קונץ, ער האַלט זיך מיט די פיס און די הענט ווישט ער אָפּ אָן די הויזן און אַזוי קומט ער העכער און הע-כער און אַט איז ער ביים שפּיץ, אַ בראַוואָ-פּאַטשערײַ פאַרהילכט די לופט, יאָשקע האָט שוין אַראָפּגענומען דאָס בינטל פון האָקן, געכאַפּט עס מיט די ציין ביים שטריקל און ער לאָזט זיך אַראָפּ אַלס זיגער...

חברה כאַפּן אים אויף די אַקסלען און הויבן אים אַרויף אינדערהויך און יאָשקע האַלט דאָס בינטל זאַכן אינדערהויך ווי אַ קריגס-טראָפּיי און ער לאַכט אַרויף צו די אַפּלאָדירנדיקע פּאַסאַזשירן פון צווייטן קלאַס.

עס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אַנדערע שפּילן, אַט האָבן זיך די שטראַלן פון די רעפלעקטאָרן קאָנצענטרירט אויף אַ צווייטן פּונקט וואו עס האָבן זיך פאַרמאָסטן צוויי יונגע יאַטן אין אַ רוימישן קאַמף, שפּעטער

איז באַלויכטן געוואָרן אַ פּלאַץ וואו אַ חברה יאַטן האָבן געמאַכט גימנאַ-סטישע איבונגען און פאַרענדיקט מיט אויסשטעלן זיך אין אַ פּרעכטיקע פּיראַמידע, און ווען די אַטראַקציעס פון מוסקולירטע יוגנטלעכע זיינען געווען אויסגעשעפּט, האָבן זיך דאָ פאַרלאָשן די לעמפּלעך און אַנדערע האָבן זיך אָנגעצונדן דאָרט ווייטער, וואו פריער זיינען געשטאַנען די טישן, דאָרט איז שוין געזעסן אַ גרופּע מיט זייערע גאַרמאָניעס און באַלד האָבן זיי אויפגעשפּילט און חברה יונגוואַרג האָט זיך גענומען טאַנצן.

דעמאָלט האָט זיך אין צווייטן קלאַס אָנגעהויבן דער באַנקעט.

אויך אויבן האָט מען פאַרגרייט פאַרשידענע שפּילן: קודם האָט מען געמאַכט אַ „דעפילאַדע", יעדער האָט געמוזט אַליין דורכגיין איבער דער שוועל אין סאַלאָן אַריין און ווען דער פּוילישער קאָנסולאַרער באַאַמטער איז אַריבער די שוועל, האָט זיך פונעדרהויך פּלוצלינג אָפּגעריסן אַ וויאַד-רע מיט וואַסער און ער איז אַריינגעקומען אין סאַלאָן ווי אַן אָפּגעצוואָגענע קאַץ, אונטער די הילכיקע געלעכטערס פון די איבעריקע פּאַסאַזשירן.

דעם „טריק" מיטן וואַסער וואָס ווערט ביי יעדער רייזע דורכן עקוואַ-טער דורכגעפירט, האָט מען דאָסמאָל מכבד געווען דעם זייער אומסימפּאַ-טיש-געוואָרענעם פּאָליאַק.

דער מאָלצייט האָט זיך דאָ פאַרצויגן לאַנג, ביז די סירענע האָט זיך צעפּיפּן מיט אַ ירגזון און דער קאַפּיטאַן האָט געמאָלדן, אַז איצט געפינט זיך די שיף פּונקט אויפן מיטלפּונקט צווישן די צוויי האַלבע וועלטן.

אין דער צייט איז ברוך געלעגן אויף זיין געלעגערל און שטיל געוויינט אין זיך אַריין, פעלצמאַן איז געלעגן אויף דעם געלעגערל נעבן אים אויף דער רעכטער זייט און געשלאָפן, און דער סופר, כדי ער זאָל נישט אַנ-דרימלט ווערן און לאָזן דעם אומגליקלעכן אָן השגחה, איז ער געזעסן אויפן געלעגערל לינקס און שטיל, מיט אַ ניגון, אויסגעוויינט קאַפּיטלען תהילים...



ו

# גיטעלע און פראַנסואַ

נאָך דעם אַריבערקומען פון איין העלפט ערד-קיילעך אויפן צווייטן, האָט זיך די פּאַנאָראַמע אויף דער שיף אָנגעהויבן בייטן.

אַ קליינער טייל פון דער בונטער עמיגראַנטן-מאַסע האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צום אָפּשטייגן אין בראַזיל און דער קליינער טייל האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן פון פערזאָנען וואָס האָבן זיך ביז היינט באַטייליקט אין די אַלע טעטיקייטן פון די פאַרשידענע גרופּעס.

ביז היינט, האָבן זיך די עמיגראַנטן כמעט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וואוהין איינער פאָרט; אַלע האָבן געוואוסט אַז די רייזע איז אַ ווייטע, מען פאָרט קיין זיד-אַמעריקע; נישט ווייניק פון די עמיגראַנטן האָבן אפילו נישט געוואוסט וואו עס געפינט זיך דאָס לאַנד וואוהין זיי פאָרן און מאַנכע האָבן געמיינט אַז אַרגענטינע איז אַ הויפּטשטאָט פון בראַזיל און אַנדערע האָבן געמיינט פאַרקערט, אַז בראַזיל איז די הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע.

די גרויסע מערהייט פון דער עמיגראַנטן-מאַסע איז באַשטאַנען פון מענטשן פון קליינע שטעטלעך און פון דערפער און אויב עס האָט אויבנ-אויפיק אויסגעזען אַז אויף דער שיף געפינט זיך אַן אויסשליסלעך שטאָטי-שער עלעמענט, איז עס נאָר געווען דערפאַר, ווייל די עמיגראַנטן וואָס זיי-נען געקומען פון גרעסערע שטעט און איבערהויפּט פון וואַרשע, לאָדזש, לעמבערג און לובלין, האָבן מיט זייערע פאַרשידנאַרטיקע אַקטיוויטעטן אויף דער שיף גענומען די אויבערהאַנט, בעת די אַנדערע זיינען געווען פּאַסיווע, נישט דרייסטע און אין בעסטן פאַל — בלויזע תמימותדיקע מיט-גייער, וואָס האָבן מיט באַוואונדערונג געקוקט אויף די קלוגע אויפטוען פון די גרוים-שטאָטישע.

דער פאַקט, וואָס באַלד וועט אַ געוויסער טייל פון די שיף-ברידער פאַרלאָזן די שיף, אַז דער טייל איז שוין געקומען צום ענד-ציל פון דער לאַנגער נסיעה, האָט ווי אָפּגעקילט די צעברויזטע טעמפּעראַמענטן און פלאַץ געמאַכט פאַר אַ רואיקן נאָכדענקען.

צווייי פון די פרומע אידן, וועלכע זיינען געפאָרן איינער צו אַ זון אין סאַן פּאַולאָ און דער צווייטער צו אַ טאָכטער אין ריאָ דע זשאַניירא, האָבן כסדר אויסגעדריקט באַדויערונג וואָס זיי דאַרפן שוין אַראָפּגיין פון שיף, וואו זיי האָבן זיך שוין אַזוי איינגעלעבט מיט די אַנדערע פרומע אידן און ווער ווייסט, צי זיי וועלן דאָרט אין דעם בראַזיליען האָבן מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט וועגן יידישקייט און צי זיי וועלן דאָרט כאָטש האָבן אַ מנין וואו מען זאָל קענען אָפּגעבן צו גאָט אַ לויב פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט זיי ענדלעך צונויפגעפירט מיט זייערע קינדער...

געוועזן אויך עטלעכע פרומע פרויען וואָס זיינען געפאָרן צו זייערע מענער אין פאַרשידענע שטעט פון בראַזיל, די מענער האָבן געהאַט עמי-גרירט אַהין נאָך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה און איצט פאָרן די פרוי-ען צו זייערע מענער נאָך אַ צען-צוועלף יאָר צעשיידט זיין און אין זייערע הערצער פלאַטערט די שרעק, צי זיי וועלן נאָך איצט זייערע מענער געפעלן און זיי וואָלטן גערן עפּעס געטאָן, עפּעס אַזוי אויספּוצן זיך, אַז די מענער זאָלן זיי אויפנעמען מיט פרייד און מיט ליבע.

אַ היפּשע גרופּע יונגוואַרג איז אויך געווען, וואָס זיי האָבן גענומען שיפסקאַרטן קיין בראַזיל, נאָר דערפאַר, ווייל די רייזע האָט געקאָסט ביליקער און זיי זיינען איצט מקנא די אַלע וועלכע פאָרן ווייטער און זיי ריידן צווישן זיך מיט באַדויערן, אַז בראַזיל איז נישט בוענאָס איירעס און ווער ווייסט צי מען וועט נישט מוזן זוכן די ערשטע געלעגנהייט ווי אַזוי צו קומען אַהין.

און עס זיינען ווידער געווען אַ סך פון די וואָס האָבן באַדאַרפט פאָרן ווייטער, וועלכע האָבן מקנא געווען די גרופּע וואָס האָט שוין דערגרייכט דעם ענד-ציל פון זייער רייזע און זיי וועלן באַלד טרעטן אויף פעסטן באָדן פון אַ נייער היים און עס איז אויסגעקומען עפּעס אַזוי, ווי מאַנכע וואָלטן מורא געהאַט, אַז די וואָס גייען פריער אַראָפּ פון שיף, וועלן אויסכאַפּן די גליקן און פאַר זיי וועט שוין זיין שווער זיך צו עפּעס צוצושלאָגן...

אַפילו די וואוילע-יונגען האָבן זיך געענדערט; זיי האָבן אָנגעהויבן פילן די אָנקומענדיקע זאָרג וואָס וועט אויף זיי אַרויספאַלן אין דעם מאָ-מענט ווען אויך זיי וועלן דאַרפן פאַרלאָזן די שיף און כאָטש זיי האָבן זיך כסדר געטרייסט דערמיט וואָס זיי האָבן געזונטע הענט און איינער האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט אויסשטרעקנדיק וואויל-יונגעריש די הענט: — אַז מען קומט אויף אַ יריד מיט געזונטע הענט, וועלן נישט פעלן קיין קונים וואָס זאָלן וועלן קויפן זייער קראַפט!... אָבער, דאָס זיינען געווען ווערטער וואָס האָבן בלויז אויפן מאָמענט געהויבן דעם מוט און באַלד האָט די זאָרג אויפסניי אָנגעהויבן דריקן אויף זייערע געמיטער.

די אינטעליגענטע גרופּע וועלכע האָט זיך אויך באַדאַרפט גרויגענען מיט צוויי חברים, האָט אויסגעשפּרייט אַ מאַפּע און זיי האָבן געמאָסטן די דיסטאַנץ פון סאַנטאָס וואו די חברים דאַרפן אַראָפּגיין פון דער שיף, ביז בוענאָס איירעס און זיי האָבן אויך פעסטגעשטעלט, אַז די צוויי חברים וועלן פון סאַנטאָס דאַרפן פאָרן אַ גענוג היפּשע שטרעקע ביז קוריטיבאַ, וואו עס וואוינען זייערע קרובים און פון אַט די ידיעות וואָס זיי האָבן געשעפּט פון דער מאַפּע, איז אַנגעפאַלן אַן אומעט אויף די וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּשטייגן אין סאַנטאָס, פון וואַנען זיי וועלן ערשט דאַרפן פאָרן מיט באַן און ווער ווייסט ווי לאַנג און ווי אַזוי, ביז זיי וועלן ענדלעך אָנקומען צו זייער ציל.

אויך אַ טייל פון די נייע עמיגראַנטן וואָס זיינען אַרויף אויף דער שיף אין לאַס פּאַלמאַס, האָבן זיך געגרייט אַראָפּצוגיין אין סאַנטאָס און זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די איבעריקע, אַזוי ווי זיי וואָלטן פּלוצלינג געוואָרן צוויי באַזונדערע מחנות וואָס איינע געהער זיך גאָרנישט אָן מיט דער אַנדערער.

פון צווייטן קלאַס האָבן זיך אויך עטלעכע פּאַסאַזשירן געגרייט אַראָפּצושטייגן אין סאַנטאָס, צווישן זיי זיינען געווען דער פּוילישער קאָנ-סולאַרער באַאַמטער און די פראַנצויזישע פאַמיליע, וואָס מען האָט שוין אויף דער שיף געוואוסט אויף פּאָזיטיוו, אַז דער יונגער שיינער אינטעלי-גענטער קאַבאַזשעראָ, איז נישט זייער זון.

דער יונגער עלעגאַנטער קאַוואַליער, פראַנסואַ, האָט אין דער נאַכט פון דער פייערונג לכבוד דעם קרייצן דעם עקוואַטער, געשלאָסן נענטערע באַקאַנטשאַפט מיט גיטעלע האַבער.

שוין אַ רייע טעג ווי ער האָט פונדערהויך געוואָרפן אַן אויג אויף דעם יונגן שיינעם מיידל פון דער דריטער קלאַס; פון באַהאַלטענע ווינקלען האָט ער דורך אַ שפּאַקטיוו אָבסערווירט אירע גראַציעזע באַוועגונגען ווען זי האָט אַרומשפּאַצירט אויף דער שיף און ענדלעך האָט זיך אים איינ-געגעבן צו ציען איר אויפמערקזאַמקייט און נאָך עטלעכע מאָל וואָס ער האָט זי פאַרטשעפּעט מיט כלומרשט אומשולדיקע ווערטער און מיט וואַ-רימען שמייכל, האָט זיך אים איינגעגעבן צו געווינען איר סימפּאַטיע און ענדלעך, ווען אַלע אויף דער שיף זיינען געווען פאַרנומען צוקוקנדיק זיך צום ספּעקטאַקל וואָס די וואוילע יונגען האָבן געגעבן, איז דער קאַוואַליער אַראָפּ אין דריטן קלאַס און אויף זיין וואונק, איז גיטעלע געגאַנגען נאָך אים צו דער אַנדערער זייט שיף, צום „אינטימען ווינקעלע" און דאָרט האָט זי געשעפּט אַן אַ שיער פאַרגעניגן שמועסנדיק מיט דעם עלעגאַנטן פראַנ-

צויז וואָס האָט אויך געקענט אַ פיינעם דייטש און איר געהאָלפן רעצי-טירן דייטשע לידער.

גיטעלע האָבער איז געווען געבוירן און דערצויגן אין איר באַלעבאַ-טישער היים אין באָכניאַ, נישט ווייט פון קראָקע, אָבער זי האָט זיך גע-פילט אַבסאָלוט ווי אַ גרויס-שטאָטישע, ווייל נישט נאָר וואָס זי איז גאַנץ אָפט געקומען קיין קראָקע, נאָר זי האָט דאָרט שטודירט גאַנצע צוויי יאָר, ביז די אַרויפגעלייגטע שטייערן האָבן רואינירט אירע עלטערן און זי האָט געמוזט איבעררייסן די סטודיום און קומען אַהיים.

ווען גוסטאַ, ווי אירע חברטעס און חברים האָבן זי אינדערהיים גערופן, האָט געמוזט איבעררייסן די סטודיעס, האָט זי זיך גענומען צום לייענען ביכער און האָבנדיק אַ נייגונג צו לירישע ראָמאַנטיק, האָט זי מיט ליידנ-שאַפט געלייענט די פוילישע און דייטשע קלאַסיקער און איר גרעסטער נחת איז געווען, ווען זי האָט פאַר עמיצן געקאָנט רעציטירן פון אויסנ-ווייניק שטיקער מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי און אויך שילער, געטע און היינע.

ווען אירם אַ נאָענטע חבֿרטע, פאַני בוקסבוים האָט חתונה געהאַט און באַלד נאָך דער חתונה אַוועק קיין אַרגענטינע, איז אויך גוסטען גע-וואָרן ענג אין איר פּאַראַרימטער היים און זי האָט זיך איבערגעשריבן מיט איר חברטע אין אַרגענטינע אַזוי לאַנג, ביז זי האָט באַשלאָסן צו פאַר-לאָזן איר היים און עס האָבן נישט געהאָלפן די טענות פון די עלטערן, גיטעלע האָט זיי איבערצייגט, אַז אין פוילן קאָן זי נישט דערוואַרטן קיין צוקונפט און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז זי האָט מיטגענומען מיט זיך איר ביסל זאַכן און דעם אַדרעס צו איר חברטע אין בוענאָס איירעס און זי געפינט זיך דאָ אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ”.

בעת אַנדערע פון די עמיגראַנטקעס האָבן געשלאָסן שנעלע באַקאַנט-שאַפטן און זיך אָנגעשלאָסן צו די פאַרשידענע גרופּעס, האָט זיך גיטעלע נישט אַזוי שנעל געקאָנט צופּאַסן צו דער אָדער יענער גרופּע, זי איז גע-ווען אינטעליגענט און סענסיטיוו און עס האָט זי געקרענקט ווען מען האָט אירם אַ רעציטירט ליד נישט אויפגענומען מיט דער געהעריקער אויפ-מערקזאַמקייט, ביז זי האָט זיך באַקענט מיט פעלצמאַנען, וואָס כאָטש אַ ליטוואַק און זי פאַרשטייט אים קוים וואָס ער רעדט, האָט זי אין אים געזען דעם צאַרטן סענסיטיוון אינטעליגענט וואָס פאַרשטייט זי בעסער ווי די אַלע אַנדערע.

און עס קאָן זיין, אַז ווען פעלצמאַן זאָל זי נישט געווען פאַרנאַכלעסיקן צוליב זיין גרויסן אינטערעס צו דעם אומגליק פון שרה שטיינבערג און צו דער נאָך גרעסערער אויפמערקזאַמקייט וואָס ער ווייזט אַרויס צו דעם בייסטיק געריר̈טן ברוכן, וואָלט זי נישט געווען אַריינגעפאַלן אין די פיינ-

מאניקירטע נעגל פון דעם פראנצויזישן גאלאן; זי וואלט אויף דער שיף אויסגעלעבט און אויסגעלאדנט אירע פאעטיש-ראמאנטישע נייגונגען פאר דעם צארט-שטילן, און אין איר געזעלשאפט — פארחלומטן ליטוואק און זייער פריינטשאפט וואלט אפשר פארוואנדלט געווארן אין ליבע, אזוי ווי עס האט פאסירט מיט עטלעכע אנדערע פארלעך אויף דער שיף און זייער פריינטשאפט און ליבע וואלט אנגעהאלטן אויך דארט, אין בוענאס איירעס; אבער פעלצמאן האט זיך ווייניק-וואס אויסגעקענט אויף די בענק-שאפטן פון דעם יונגן ראמאנטיש-געשטימטן מיידל פון דער באלעבאטיש-פארמעגלעכער היים, וואס אפילו די נייע לאגע אירע, מיט די אלע באַ-זארגטקייטן וועגן איר ווייטערדיקן לעבן אין דעם ווייטן לאנד, האבן נישט געקאנט דערשטיקן אין איר די ראמאנטישע, האלב באהעמישע זארגלאַ-זיקייט; פארקערט, פעלצמאן, וועלכער האט זיך געזוכט צו אימפאנירן אויף איר מיט עפעס א גרויסער טאט, האט געמיינט, אז מיט דעם אפגעבן זיך אינגאנצן צו דער אויפזיכט איבער דעם אומגליקלעכן שטיינבערג, וועט ער אויסוואקסן אין אירע אויגן צו א מענטשן מיט א גרויס הארץ פאר אנדערע און דאס איז געווען זיין טעות.

ערשט ווען שטיינבערג האט פאמעלעך אנגעהויבן קומען צו זיך און פאמעלעך, מיט דער מיטהילף פון פעלצמאנס און דעם סופרס טרייסטווער-טער, אנגעהויבן שלום מאכן מיט זיין גורל, האט זיך פעלצמאן אוועקגע-לאזן אויף דער גאנצער גרויס פון דער שיף זוכן גיטעלען און נאך א לאנגן ארומזוכן זי, האט ער באמערקט ווי זי קומט אראפ פון די טרעפלעך פון צווייטן קלאס און איר צעפלאמט פנים מיט דעם וואוילינגערישן וואָרף מיט דער מעלענע, האט אים ווי א פייער א שלאג געטאן אין קאפ אריין.

זי איז מיט אים פונדעסטוועגן אוועק צום אינטימען ווינקל, אבער נישט מער מיט דער אינטימיטעט פון מיט עטלעכע טעג צוריק. זי האט געפרואווט עפעס זאגן, אבער נישט דערזאגט און ווען זיי האבן זיך אוועק-געזעצט אביסל אפגערוקט איינער פון אנדערן, האט פעלצמאן שווייגנדיק געקוקט אויף איר און פון זיינע בליקן האט ווי ארויסגעוויינט געבעטן מיט ארויספאדערונג אינאיינעם.

גיטעלע האט זיך געהאלטן פריי. צעפלאמט ווי זי איז נאך געווען, האט זי אים גאנץ אפן דערקלערט, אז זי האט אים זייער ליב באקומען, ווייל ער איז אזא צארטער און סענסיטיווער, אבער זי האט זיך איבער-צייגט, אז ער איז שוין אביסל צו סענסיטיוו און אן א ברעקל מענלעכקייט און אז אפילו די פאעזיעס וואס זי האט פאר אים רעציטירט, האט זי באַ-מערקט, אז אנשטאט זיי זאלן אין אים צעשפילן די בלוטן, האבן זיי אים בלויז זיס איינגעשלעפערט...

אין דערזעלבער צייט ווען זיי זיינען דאָ אַזוי געזעסן, האָט מען דער-וויַיל אויף דער אַנדערער זייט שיף אַנגעהויבן ארויפציען פון א טיפן קע-לער די באַגאַזשן פון די עמיגראַנטן וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּשטייגן אין סאַנטאָס, מען האָט אַרויפגעצויגן גרויסע קוישן, קופערטעס און גרויסע וואַליזעס און אויך גרויסע פּאַרנייטע זעק, אין וועלכע מען האָט אין די אַלטעהיימען אַריינגעשטאָפּט פּערענעס און קישנס און אַנדערע שטוב-זאַכן וואָס מען האָט מיט זיך מיטגענומען אויף דעם וויַיטן וואַנדער-וועג און עס האָט זיך שוין גוט אָנגעזען די ענדערונג פון דער פּאַנאָראַמע וואָס די איבערגרופּירונגען פון די וואָס דאַרפן אָפּשטייגן און די וואָס בלייבן אויף דער שיף האָבן פאַראורזאַכט.

די וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּשטייגן אין סאַנטאָס, כאָטש זיי האָבן ביז היינט אָנגעהערט צו די פאַרשידנסטע גרופּעס עמיגראַנטן, זיינען איצט געשטאַנען אַרום דעם קעלער ווי איין גרופּע, זיי האָבן אָבסערווירט ווי מען ציט אַרויס די באַגאַזשן פון קעלער און יעדעס מאָל האָט זיך געהערט ווי אַ פריידנס-אויסרוף פון איינעם וואָס האָט דערקענט זיין באַגאַזש, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען באַלד ווי ער איז אַרויף אויף דער שיף.

ווען די באַגאַזשן זיינען שוין געווען אַרויפגעצויגן און די גרויסע עפע-נונג צום טיפן קעלער איז ווידער געווען געשלאָסן, האָט שוין די נאַכט אָנגעהויבן צופאַלן, מאַטראָזן האָבן אָנגעהויבן טרייבן די עמיגראַנטן אין די קאָמערן, דעמאָלט איז פעלצמאַן אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט שיף, ער איז גלייך אַראָפּ אין דער טיפער קעלער-קאָמער און נישט אויסריידנ-דיק אפילו קיין וואָרט צום סופר און צו ברוכן וועלכע זיינען געזעסן און עפּעס גערעדט צווישן זיך, האָט ער זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגערל, איבערגעדעקט זיך מיט דער קאָלדרע און וויפל דער סופר האָט אים נישט געפּרואווט פרעגן צי ער פילט זיך עפּעס נישט גוט, האָט ער נישט באַקו-מען קיין ענטפער און פעלצמאַן איז לאַנג, לאַנג געלעגן און שטיל, אָן אַ קול, געוויינט אין זיך אַריין, ביז ער איז ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן.

צומאָרגנס אינדערפרי, איז שוין די שיף געשטאַנען געאַנקערט אין פּאָרט פון דער בראַזיליאַנער שטאָט ס אַ נ ט אָ ס.



# י״א

## אַ האַרץ קען מען נישט גנבֿנען...

די ערשטע וואָס האָבן אין פּאָרט פון סאַנטאָס פאַרלאָזן די שיף, זײַנען געווען די פּאַסאַזשירן פון צווייטן קלאַס.

פאַרן פאַרלאָזן די שיף, האָט פראַנסוא נאָך באַוויזן צו האָבן אַ שמועס מיט גיטעלע האַבער; מיט מאַנירלעכער צוריקגעהאַלטנקייט האָט ער זיך מיט איר געזעגנט און דערבײַ זי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זי דאַרף זיך היטן פאַר פרעמדע מענטשן, אַז עס דרייען זיך אַרום האַרצלאָזע ברואים וואָס זוכן צו פאַנגען קרבנות אין זייערע נעצן און ער וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטן, ווען ער זאָל חלילה דאַרפן בלויז נאָכטראַכטן, צי עס איז מיט איר נישט עפּעס געשען...

ער האָט איר געגעבן זײַן וויזיט קאַרטע מיטן אַדרעס קיין ריאָ דע זשאַנײַראָ און זי געבעטן, זי זאָל אים באַלד שרײַבן און טאָמער חלילה געפינט זי זיך אין וואָס פאַר אַ עס איז פאַרלעגנהייט, זאָל זי אים אַפילו טעלעגראַפירן און ער וועט נישט פאַרלירן קיין מינוט, איר צו קומען צו הילף מיט אַלץ וואָס וועט נאָר זײַן אין זײַנע מעגלעכקייטן...

זײַן דײַטשע אויסשפּראַך געמישט מיט פראַנצויזישע ווערטער, האָבן פאַר איר געקלונגען ווי מוזיק און זי האָט אים געקוקט אין די אויגן און עס איז איר אויף אַ מינוט געקומען אין געדאַנק, אַז זי וואָלט אויך באַדאַרפט דאָ אַראָפּגיין, זאָל זײַן אין בראַזיל, אַבי זי זאָל אָט אַ דעם עלעגאַנטן פײַן-דערצויגענעם און וויזט אויס — נישט אָרימען דזשענטעלמאַן נישט פאַרלירן און ווען זי האָט געזען ווי זײַנע אויגן ווערן פײַכט, דיכט זיך, פאַרלאָפן פון טרערן, האָט זי געפילט ווי זיך צו וואַרפן אין זײַנע אָרעמס; אָבער דאָ האָבן זײַנע „עלטערן", די דיקע מיט שמוק-באַהאָנגענע דאַמע און דער אַלטער דיקער מאַן אים גערופן, האָט זי אים בלויז באַוויזן וואַרים צו דריקן די האַנט און ווען ער איז אַראָפּ פון שיף, האָט זי אים לאַנג נאָכגעפאָכעט מיטן טיכל און עס האָט זי געקאָסט מי, צוריקצוהאַלטן די טרערן וואָס האָבן זיך איר געשפּאַרט אין די אויגן.

עס איז אויך אַראָפּ דער פּוילישער קאָנסולאַרער באַאַמטער און דריי פֿאַרלעך און באַלד זיינען אויך אַראָפּ די עטלעכע צענדלינג עמיגראַנטן פֿון דריטן קלאַס און זיי האָבן זיך אונטן געלאָזן פֿירן פֿון אָנווייזער וואו זיי דאַרפֿן גיין צו אַ קאָנטראָל און מינוטן שפּעטער האָבן זיי זיך אויף דער גרויסער פּאָרט-פּלאַטפֿאָרמע אויסגעמישט מיט די הונדערטער מענטשן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפֿינען אַ גרויסער פּראָצענט נעגער און מולאַטן, וואָס האָבן דאָ מיט זייער דינסט-גרייטקייט געזוכט אַ פֿאַר-דינסטל.

נאָכדעם ווי די עטלעכע צענדלינג עמיגראַנטן זיינען שוין געהאַט אַראָפּ פֿון שיף, האָבן די איבעריקע עמיגראַנטן אויך באַקומען די דער-לויבעניש אַראָפּצוגיין זען די שטאָט, אָבער מיט דעם אָנזאָג, אַז ביז פֿיר אזייגער נאָכמיטיק, מוז אַלעם זיין צוריק, ווייל פּונקט האַלב נאָך פֿיר, וועט די „אַטלאַנטאַ" פֿאַרזעצן איר וועג קיין בוענאָס איירעס.

מיט פֿריידיקן יובל האָבן די יונגע עמיגראַנטן באַגריסט די דערלוי-בעניש אַראָפּצוגיין פֿון שיף און ענדלעך נאָך פֿינף און צוואַנציק טעג זיין אויפֿן וואַסער, דערפֿילן פֿעסטן באָדן אונטער די פֿיס.

אַ סך זיינען אין איילעניש אַראָפּגעלאָפֿן אין זייערע קעלער-קאַמערן, כדי צו בייטן די קליידער, נעמען אויף זיך אַ בלוזע, מען גייט דאָך עפּעס אַראָפּ אין אַ פֿרעמדער שטאָט צווישן מענטשן און עס האָט נישט געדוי-ערט קיין האַלבע שעה, זיינען שוין אַ זעכציק פּראָצענט פֿון די עמיגראַנטן אַראָפּ און זיך צעשפּרייט איבער די געסלעך נישט ווייט פֿון פּאָרט.

געבליבן אויף דער שיף זיינען די פֿרומע אידן און אַ היפּשע גרופּע פֿרויען וואָס זיינען געפֿאָרן קיין ב. איירעס צו זייערע מענער; ס'זיינען אויך געבליבן דער רעשט פֿון די שפּאַניאָלן וואָס זיינען אַרויפֿגעשטיגן אין לאַס פּאַלמאַס און כמעט אַלע קריסטלעכע פּאָליאַקן און אוקראַינער, וואָס מאַנ-כע פֿון זיי האָבן אפשר יאָ געהאַט אַ חשק צו זען די פֿרעמדע ווייטע שטאָט, אָבער זיי האָבן זיך נישט געטרויט, זיי האָבן מורא געהאַט אַז זיי וועלן מיט זייער פּוילישער אָדער אוקראַינישער שפּראַך ווייט נישט אָנ-קומען און נאָך מער האָבן זיי מורא געהאַט, אַז טאָמער וועלן זיי אַריינ-פֿאַלן ערגיץ-וואו אין אַ שענקל, קענען זיי זיך פֿאַרטרונקען און פֿאַרגעסן דעם וועג צוריק צו דער שיף...

צווישן די געבליבענע זיינען אויך געווען פֿעלצמאַן, דער סופֿר מיט ברוכן און גיטעלע האָבער, וועלכע איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען בייס באַריער פֿון דער שיף און נאָכגעקוקט צו דער זייט וואו עס איז פֿאַר-שוואונדן דער גאַלאַנטער פֿראַנצויזישער קאַוואַליער און דערנאָך האָט זי זיך צוריקגעצויגן און איינע אַליין זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם „אינטימען

ווינקעלע״ און געקוקט אויף די פילע שיפן און אַרומשווימענדיקע שיפעלעך וואָס האָבן זיך ווי אַן אַ טאָלק באַוואויגן אין אַלע זייטן.

זי האָט מער נישט געוואָלט קוקן צו דער מענטשן-מאַסע אונטן אויף דער פּלאַטפאָרמע; אפילו אויף די שיפן און שיפלעך, אויף וועלכע זי האָט יאָ געקוקט, האָט זי אויך נישט מער געזען ווי איין מענטשן, אים, דעם עלעגאַנטן פראַנצויז און זי האָט יעדע ווײַלע אַ קוק געטאָן אויף דער וויזיט-קאַרטע זײַנער, וועלכע זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין האַנט.

אויף די פּוילישע און אוקראַינישע יונגע קריסטן איז באמת געווען אַ רחמנות. זיי האָבן זשעדנע אַראָפּגעקוקט און נאָכגעקוקט ווי די פילע יונגע זשידקעס זײַנען פריידיקע אַראָפּ פון שיף און ערגיץ-וואו פאַרשוואונדן דורך פאַרשידענע אַרויסגענג פון פּאָרט און זיי האָבן נישט געקאָנט פאַר-היימלעכן זייער קנאה צו די יידישע בחורים, בעת זייערע שמועסן צווישן זיך.

— די זשידקעס זײַנען איבעראַל אינדערהיים; — האָט איינער אַ זאָג געטאָן און אַ צווייטער האָט באַלד צוגעגעבן:

— אוודאי, ווייל זיי זײַנען מער געלערנט עפּאַר אונדז; ווייל זיי קענען שרייבן און לייענען; ווייל זיי קענען ריידן אויף פאַרשידענע שפּראַכן...

— נישט נאָר דאָס, האָט אַ דריטער אונטערגעכאַפּט: — עס איז ווייל זיי העלפן זיך איינער דעם אַנדערן! איר האָט נישט געזען? נאָך אין טריעסט; מיר זײַנען געלעגן אין דעם עמיגראַנטן האָטעל ווי די קעלבער אין שטאַל, מיר האָבן זיך מורא געהאַט אַרויסצורירן פון דאָרט און איז איינער פון אונדז אַרויס, האָט מען אים אינמיטן דער נאַכט צוריקגעבראַכט מיט פּאָליציי אַ טויט שיכורן און זיי, די זשידקעס, האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומשפּאַצירט אין שטאָט, איינגעקויפט פאַרשידענע זאַכן פאַר ביליק געלט, ווייל זיי ווייסן אויך וואו און וואָס צו קויפן און בײַנאַכט האָבן זיי אויף זייערע געלעגערס דערציילט וואָס זיי האָבן אַלץ נישט געזען און געהערט פון די איטאַליאַנטשיקעס, די מאַקאַראָנעס...

אַ פערטער האָט דערציילט וועגן די יידן פון זײַן דאָרף, געווען דאָרט אײַנגאַנצן זעקס יידישע פאַמיליעס, האָבן זיי אַלע געהאַט אין זייערע כאַלופּעס הילצערנע פּאָלן און זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אין דאָרף אַ יונגן געלערנטן זשידעק און איינער האָט אים אָפּגעגעבן אַ שטוב פאַר אַ „כ. יי ד ע ר״ און זייערם אַ קינד, אַבי עס איז אַלט געוואָרן דריי יאָר, האָט עס שוין געמוזט אָנהויבן לערנען...

אַ פינפטער האָט גערעדט מיט קנאה וועגן דעם יידישן שבת: — זיי ווייסן ווי אַזוי צו פּראַווען זייערע שאַבאַסן! מיר קומען אָפּ די זונטיקס אינדרויסן, אויף דער גאַס, אָדער אין שענק און אונדזערע ווייבער און

קינדער ליגן איינגעלייגט אין די כאַלופּעס און וואַרטן ביז מען הויבט אונדז אַרויס פון רינשטאָק און מען טראָגט אונדז אַהיים; אָבער זיי, די זשידקעס, זיי טוען זיך אָן די זיידענע און פוטערנע שאַבאַסאָווקעס און זיי באַקומען אַן אויסזען פון אידישע כראַביעס און זיי פּראַווען זייער שבת ביי זיך אינדערהיים, צוזאַמען מיט זייערע ווייבער און קינדער און זיי זינגען הייליקע לידער און די קינדער מוזן איבערזאָגן פאַר די טאַטעס וואָס זיי האָבן געלערנט אַ גאַנצע וואָך אין זייער חדר...

— איר רעדט אַלע אַזוי, ווייל איר זענט אוודאי אין אייערע היימען געווען „שבת-גויים"; איר האָט אַראָפּגענומען די לייכטער פון די יידישע שבת-טישן און געהייצט אין די ווינטער-שבתים זייערע אויוונס און דער-פאַר באַקומען אַ גלאָז שאַבאַסאָווקי און אַ שטיק ווייסע חלה און דאָס האָט אייך פאַרשמעקט און איר בענקט דערנאָך...

דאָס האָט מיט שוים אויף די ליפּן געזאָגט יענדזשעי פּראַכניק, אַ יונ-גער גוי פון אַ שטעטל אין מזרח-גאַליציע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומ-געקוקט אין אַלע זייטן און פעסטגעשטעלט, אַז קיין זשידעק שטייט דאָ נישט נאָנט וואָס זאָל קענען הערן זיינע רייד.

יענדזשעי האָט פיינט געהאַט יידן, אָבער זיין פיינטשאַפט האָט גע-שטאַמט פון זיין גרויסער קנאה וואָס האָט אים נישט אויפגעהערט פּרעסן.

ער האָט צוגעגעבן, אַז דאָס אַלעס וואָס די פריערדיקע האָבן דאָ אויס-גערעכנט, איז טאַקע אמת, אָבער פאַרוואָס איז עס אַזוי? ווייל מיר זיינען נאַרישע שאָף וואָס לאָזן זיך פון זיי שערן!.. ווייל פאַר די געלטער וואָס זיי פאַרדינען ביי אונז מאַכן זיי די רייכע שבת-סעודות און מיר זיינען גליק-לעך צו זיין זייערע שבת-גוים, כדי צו באַקומען פון זיי אַ טרונק בראָנפן מיט אַ שטיק ווייסע חלה...

נאָכאַמאָל האָט ער זיך אַרומגעקוקט צי עס דערנענטערט זיך נישט קיין זשידעק און ער האָט געהאַלטן אַ גאַנצע דרשה וועגן די נייע אידע-אַלן פון באַפרייטן פוילן, וועגן „סוואָי דאָ סוועגאָ" און מיט פרייד האָט ער באַגריסט דעם פאַקט וואָס די זשידקעס אַנטלויפן מאַסנהאַפט פון פוילן און דאָס פרייע פוילן וועט ערשט קענען אָנהויבן צו אָטעמען...

— אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס ביזטו עפּעס אַוועקגעפאָרן פון פוילן? — האָט איינער, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן, זיך אָפּגערופן: — פאַרוואָס ביזטו נישט דאָרט פאַרבליבן וואַרטן ביז די זשידקעס וועלן אַלע אויס-וואַנדערן, דו זאָלסט קענען געניסן פון די פוילישע גליקן?...

דאָס האָט געזאָגט אַנטעק סטעפּאַנסקי, אַ זון פון אַן אָרימען פויער נעבן פּשעמישל, וואָס איז אַנטלאָפן פון דאָרף און געדינט ביי יידן אַלס

פּאַראַבעק, ביז די שטייערן האָבן רואינירט זיינע באַלעבאַטים און ער איז געבליבן אָן אַרבעט און אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט צוריקגיין אין דאָרף אַריין צו דער מיזעריע, האָט ער פאַר דעם ביסל געלט וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט ביי זיין יידישן באַלעבאָס געקויפט אַ שיפקאַרט קיין אַרגענטינע און ער האָט, אַז מיט זיינע געזונטע הענט וועט ער דאָרט נישט פאַרלוירן גיין און ער ווייסט פּאַראויס, אַז אין דער ווייטער פרעמד וועט אים זיין גענוג שלעכט, אויב ער וועט זיך נישט קענען צו-טוליען צו יידישע גוטע מענטשן...

דאָס האָט אַנטפּלעקט אויף שנעל איבערגעגעבן זיין געשיכטע ווי אַזוי ער געפינט זיך דאָ אויף דער שיף, אָבער יענדזשעי האָט זיין געשיכטע נישט געקאָנט דערציילן, ווייל ער האָט געהאַט אויף זיין געוויסן אַ סך בייזע מעשים און אַגב האָט ער אַליין אויך געוואוסט, אַז עס קאָן אים אויס-קומען אין דער ווייטער פרעמד זיך צו חברן מיט יידן און ער האָט זיך איצט דערפאַר צוריקגעצויגן פון דער גרופּע און אַוועק שוויינגנדיק, ווי ער וואָלט גאָרנישט געזאָגט.

צווישן די פרויען וואָס זיינען געפאָרן צו זייערע מענער, האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע פּוילישע פרויען, שוין אין די מיטעלע יאָרן, וואָס זייערע מענער זיינען נאָך פאַר דער מלחמה פון 1914 געהאַט אַוועק אין דער ווייטער אַרגענטינע און עס האָט גענומען גאַנצע פינף יאָר נאָך דער מלחמה, ביז זיי האָבן באַקומען די שיפקאַרטעס פון זייערע מענער.

אָט אַ די פּוילישע קריסטלעכע פרויען האָבן דוקא זייער גוט געלעבט מיט די יידישע פרויען, זיי האָבן זיך צוגעדינט איינע די אַנדערע און זיי האָבן זיך אַפילו פאַרטרויט וועגן זייער באַהאַלטענער שרעק, אַז די מענער דאָרט וואָס האָבן שוין זיכער פאַרזוכט פון אַ סך פרעמדע טישן, זאָלן נאָר נאָך האָבן געפילן אויך פאַר זיי און ווער ווייסט צי זיי וועלן גאָר אָפּוואַרטן זיי ביים פּאָרט אין בוענאָס איירעס.

צוויי יידישע פרויען, ברכה גאָלדבערג און חנה שטיינמאַן, ביידע פון קליינע שטעטלעך, איינע פון טשענסטאָכאָווער געגנט און די אַנדערע פון לובלינער געגנט, האָבן זיך דעם גאַנצן וועג געהאַלטן צוזאַמען, ווייל נאָך זייענדיק אין אימיגראַנטן האָטעל אין טריעסט, האָבן זיי זיך באַ-קענט און זיך דערוואוסט איינע פון די אַנדערע, אַז ביידע פאָרן זיי אום-געבעטענע צו זייערע מענער.

ברכה גאָלדבערגס מאַן, לייביש, אַ קאַמאַשן-שטעפּער פון פאַך, איז נאָך אין יאָר 1910 אַוועק קיין אַרגענטינע, איבערלאָזנדיק זי מיט צוויי קליינע קינדער.

דאָס ערשטע יאָר האָט זי באַקומען פון אים וויינענדיקע בריוו, אַז ער מוטשעט זיך, אַז ביי זיין פאַך האָט ער נישט וואָס צו טאָן און ער וואַרפט זיך יעדעס מאָל צו עפּעס אַנדערש, אָבער עס גייט נישט, און ווען ער קאָן אָפּשפּאָרן אויף הוצאות, וואָלט ער באַלד צוריקגעפאָרן אַהיים...

ערשט אין 1913 האָט ער איר אָנגעהויבן שיקן פון צייט צו צייט צו צען-דאָלער, דאָס האָט ער געטאָן בלויז עטלעכע מאָל און אין 1914 האָט ער איר שוין נישט געשיקט נישט קיין געלט און נישט קיין בריוו אין זי האָט געהאַלטן אין איין שרייבן צו אים און אין איין בעטן רחמים ביי אים, ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיינע צוויי שיינע טעכטערלעך, קיין ענטפער איז אָלץ נישט געקומען און דערווייל איז אויסגעבראָכן די מלחמה, זי האָט אָלץ ווייטער געשריבן, אָבער זי האָט שוין נישט גע-וואוסט אויף זיכער צי ער דערהאַלט אירע בריוו, ווייל קיין ענטפער איז אָלץ נישט געקומען.

זי האָט זייער פיל געליטן דורך די יאָרן. זי איז אַוועק קיין טשענסטאָ-כאָוו, געזוכט אַרבעט אין באַלעבאַטישע הייזער, אָבער צוליב די קינדער פון עלף און דרייצן יאָר שוין, האָט זי אין באַלעבאַטישע הייזער קיין פּלאַץ נישט באַקומען און זי האָט זיך איינגעדונגען אין אַ קליין קעלער-שטיבל און געגאַנגען איבער די הייזער וואַשן וועש, כדי צו דערנערן אירע קינדער.

ערשט צוויי יאָר שפּעטער, האָט זי שוין דאָס עלטערע קינד אַוועק-געשיקט דינען אין אַ רייכער שטוב, אַ יאָר שפּעטער איז אויך איר יונגער טעכטערל געגאַנגען דינען און אַזוי האָט מען זיך דערוואַרט ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט און זי האָט אויפסניי אָנגעהויבן שרייבן, אָבער קיין ענטפער איז אָלץ נישט געקומען, ביז 1920, ווען אַ טשענסטאָכאָווער פאַר-פאָלק וואָס איז געהאַט געפאָרן קיין אַרגענטינע, האָט איר געשריבן, אַז איר מאַן, לעאָן גאָלדבערג, שטייט מיט אַ גרויס געשעפט, לאַנדסלייט האָבן שוין מיט אים גערעדט און ווי עס ווייזט אויס, וואוינט ער מיט אַן אַנדער ווייב און ער וויל פון גאָרנישט וויסן.

באַקומענדיק אַזאַ ידיעה, האָט שוין די אָרימע פרוי נישט גערוט, זי האָט געשריבן צום פּויליש-יידישן פאַרבאַנד, צום צענטראַל-קאָמיטעט פאַר מלחמה-געליטענע יידן און צו דעם פאַר-פאָלק און אַזוי האָט עס זיך געצויגן גאַנצע דריי יאָר, ביז גוטע מענטשן אינדערהיים, מיט דער מיטהילף פון דעם טשענסטאָכאָווער פאַרפאָלק אין בוענאָס איירעס, וואָס האָבן ביי לאַנדסלייט געמאַכט אַ פּאָר דאָלער און צוגעשיקט איר, אַז זי זאָל האָבן אויף הוצאות צו קומען און לערנען דעם האַרצלאָזן דרך-ארץ,

דערמאָלט האָט זי איינגעפּאַקט איר אָרים בינטל וועש מיטן בעט-צייג, אױ-בערגעלאָזן אירע טעכטער אַלס דינסטן אין רייכע הייזער און זיך געלאָזן אויף דעם ווייטן וועג צו איר מאַן, וועלכער שטייט מיט אַ גוט געשעפט און ער וויל פון איר און אירע קינדער גאָרנישט וויסן...

ענלעך איז געווען די געשיכטע פון חנה שטיינמאַן פון לובלינער געגנט, מיט דעם בלויזן חילוק, וואָס וואָלף שטיינמאַן איז ערשט אוועק פון איר אין אָנהויב 1914, ווען זיי זיינען געווען ערשט אַ יאָר נאָך דער חתונה, און קיין קינד האָבן זיי נאָך נישט געהאַט, און חנה איז געווען יונגער פון ברכה׳ן מיט אַ צען-צוועלף יאָר.

אודאי האָבן די צוויי אומגליקלעכע פרויען געקוקט מיט קנאה אויף די איבעריקע פרויען וואָס זיינען געפאָרן אַרויסגעפאָדערטע פון זייערע מענער און וואָס נענטער זיי זיינען געקומען צום ענד-ציל, איז די שטיי-נערנע מאַסע וואָס איז געלעגן אויף זייערע הערצער, געוואָרן שווערער.

די אַלע וואָס זיינען איצט געבליבן אויף דער שיף, בעת די גרעסערע העלפט פון די עמיגראַנטן האָבן אַרומגעשלייעט איבער די גאַסן פון דער פרעמדער שטאָט סאַנטאָס, האָבן ווי אויפגעלעבט נאָכדעם ווי עס איז געוואָרן גערוימער אויף דעם אויבערדעק פון שיף.

די קליינע צאָל פּוילישע און אוקראַינישע קריסטן האָבן זיך ווייזט אויס געפילט געגוג זינדיק קעגן די יידן און זיי האָבן זיך דעם גאַנצן וועג געהאַלטן צוריקגעצויגן און נאָר אין קליינע אויסנאַמס-פאַלן האָט זיך עמיץ פון זיי פאַרטשעפּעט מיט אַ יידישן עמיגראַנט און ער האָט טאַקע באַלד באַקומען זיין אָפּשניט פון אַ וואוילן יונג און ער האָט זיך צוריק-געצויגן ווי אַן איבערגעשראָקענע מויז אין מויזן-לאָך; איצט האָבן זיי זיך גרופּירט און גערעדט פריי און בחברותא באַטראַכט זייער מצב און זייע-רע אויסזיכטן אין דעם ווייטן לאַנד.

די קריסטלעכע פרויען וואָס זיינען געפאָרן צו זייערע מענער און אפילו די עטלעכע פרויען וואָס זיינען געפאָרן צוזאַמען מיט זייערע מע-נער, האָבן זיך כסדר געחברט מיט די יידישע פרויען, און איצט האָבן זיי זיך גרופּירט צוזאַמען און גערעדט אויף אַ פרייערן אופן, נישט מורא האָבנדיק, אַז די וואוילע יונגען וועלן זיך מיט זיי פאַרטשעפּען און ערשט איצט, האָט גאָלדע פּערלבערג געקאָנט אויספּאַקן די גאַנצע געשיכטע ווי אַזוי מען האָט זי אינמיטן דער שרעקלעכער נאַכט פאַר לאַס פּאַלמאַס אַרויפגעבעטן אין דער צווייטער קלאַס און ווי אַזוי זי האָט געמוזט אַריינ-שפּריצן איר מוטער-מילך אין דעם פּיטשענאַטשקילע מיילעכל פון דעם ערשט-געבוירענעם זיבעלע וואָס איז געווען געוויקלט אין וואַטע און ווי

די אַפּשטאַרבנדיקע יונגע מאַמע האָט געקוקט אויף איר מיט אַזעלכע אויסטערלישע בליקן ביז זי האָט צוגעמאַכט אירע אויגן אויף אייביק.

זי האָט אַרויסגעריסן די ברוסט פון איר אַכט-חדשימדיק קינדם מיי-לעכל און זיך גענומען ווישן מיטן פאַרטוך די אויגן און כמעט אַלע ווײַ-בער האָבן געטאָן דאָסזעלבע און ווי כדי צו הויבן די שטימונג, האָט גאָלדע אויסגערופן: — אָבער, איר וואָלט באַדאַרפט זען ווי אַזוי דאָס זי-בעלע גיט איצט אַ כאַפּ אָן די ברוסט! דאָס עופּהלע וויל פון גאָרנישט וויסן, יאָ מאַמע, נישט מאַמע, אַבי די ברוסט גיט מילך, ציט עס און עס ציט ווי אַ זעקס חדשים קינד און איך האָב מורא, אַז מיין יאָסעלע ווערט דערמיט באַעולה׳ט..

דאָס זאָגנדיק, האָט זי צוריק אַרייַנגעשטופּט די ברוסט אין איר קינדם מיילעכל און ווייטער דערציילט וועגן אירע וויזיטן אין צווייטן כּלאַס.

אויך די פרומע אידן זיינען כמעט אַלע געבליבן אויף דער שיף, אַ חוץ די צוויי וואָס זיינען געפאָרן קיין בראַזיל און זיינען אַראָפּ אין סאַנטאָס.

ערשט איצט האָבן זיי זיך געפילט פרייער און זיי האָבן אַ ביסל אַרומשפּאַצירט אויף דעם גרויסן אויבערדעק פון שיף, שמועסנדיק וועגן זייערע ענינים פון נעכטן און וועגן זייערע זאָרגן פאַרן מאָרגן, וואָס זיינען געווען אַזוי ענלעך ביי אַלעמען, אַז עס האָט זיי פאַראייניקט און יעדער קרעכץ וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הערצער, איז געקומען פון איין און דעמזעלבן קוואַל.

ערשט איצט האָבן זיי גערעדט פרייער און געקאָנט אַרויסגעבן פון זיך די התנצלות איינער פאַרן אַנדערן, ווייל די חברה „לאַבוסעם״, אייגנט-לעך וואוילע יונגען, אָבער רויע, אַמעראַצים, זיינען אַראָפּ פון שיף און קיינער שלאָגט זיי דאָ נישט איבער מיט גראָבע ווערטער, שקאַצערייען און ניבול פּה...

פאַרשטייט זיך, אַז דער סופר און ברוך זיינען אויך געבליבן אויף דער שיף און מיט זיי — דוד פעלצמאַן.

ווען בערנאַרד פיינהאָלץ איז אַראָפּ פון שיף און געוואָלט אים מיט-נעמען, האָט זיך פעלצמאַנען אפילו זייער שטאַרק געגלוסט מיטצוגיין, אָבער דערזעענדיק פונוויטן, אַז גיטעלע איז נישט אַראָפּ, נאָר זי איז אַוועק אויף דער צווייטער זייט שיף, האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר פיינ-האָלצן, אַז ער פילט זיך נישט אַזוי גוט און ער וויל בעסער בלייבן.

לעבן רופט צום לעבן און מעג דער לעבעדיקער מענטש זיין ווי דער-

שלאָגן, אַבי דער מוח איז ביי אים אין אָרדענונג, כאַפּט זיין האַרץ אויף אַלע מינדסטע שפּירונגען פון לעבן און זיי זאַמלען זיך אָן און נעמען וואַרימען דאָס געמיט און ווי גרויליק עס זאָלן נישט זיין די דערמאָנונגען פון איבערגעלעבטער פּיין, האָט שוין דער לעבנס-אינסטינקט דעם כח זיי צו באַהערשן און אַזוי איז עס געווען מיט ברוכן.

יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך דערמאנט אָן זיין גרויסן אומגליק, האָט ער זיך נאָר געוואָלט וואַרפן אין ים אַריין, אָדער ער איז אַריינגעפאַלן אין זיין טיפער מעלאַנכאָליע, וואָס האָט געקאָנט זיין פיל געפערלעכער פאַר אים ווי זיינע אימפּולסיווע אַטאַקעס און נאָר די וואַרימע ברידערלעכע באַציאונג פון סופר און פון דוד פעלצמאַן, האָבן געראַטעוועט דאָס לעבן פון דעם יונגען אומגליקלעכן מענטשן און נאָכדעם ווי ער האָט אַ סך געוויינט און אַראָפּגעוויינט זיין גרויסן ווייטיק פון האַרצן, האָט ברוך פּאַמעלעך אָנגעהויבן קומען צו זיך און ער האָט אָנגעהויבן שלום מאַכן מיט זיין גורל.

אַרום צוויי שעה האָבן דוד, דער סופר און ברוך אינדערמיט, אַרומשפּאַצירט אויפן שיף-דעק און גערעדט און געטרייסט און געזוכט צו מאַכן ברוכן פאַרגעסן אָן זיין אומגליק און גלייכצייטיק האָט דוד געקוקט אין אַלע זייטן, אפשר וועט ער דערזען גיטעלען.

ער איז געווען זיכער אַז זי איז נישט אַראָפּ פון שיף. ער האָט גוט געזען ווי זי איז אַוועק אויף דעם צווייטן עק פון שיף, צום אינטימען ווינקל, און ער האָט דערנאָך גוט אָבסערווירט דאָס בריקל און דעם וועג צום בריקל דורך וועלכן די עמיגראַנטן זיינען אַראָפּגעגאַנגען און ער האָט זי נישט געזען און שוין עטלעכע מאָל ווי ער האָט זיך געוואָלט אַנטשולדיקן פאַר ברוכן און פאַרן סופר און אַוועקלויפן אַהין, צום אינטימען ווינקל, וואו ער איז געווען זיכער זי צו טרעפן, אָבער אַ ווייטיקלעכער געפיל פון מורא אַז ער זאָל נישט דאַרפן ליידן פון אַ נייער אַנטוישונג, האָט אים אָפּגעהאַלטן פון גיין אַהין.

צוויי שעה האָט ער אַזוי אויסגעהאַלטן מיט זיינע קוווינקלענישן, ביז פּלוצלינג האָט ער זיך אַנטשולדיקט, געזאָגט אַז ער קומט צוריק און ער איז אַוועק צום אינטימען ווינקל.

אַליין איז זי דאָרט געזעסן אויף אַ שאָטנדיקן פּלאַץ און אַריינגעקוקט אין אַ בוך.

דוד איז פונווייטן געבליבן שטיין. דאָס האַרץ האָט אים געטיאָכקעט און ער האָט מורא געהאַט זיך צו דערנענטערן צו איר; ער האָט באַשלאָסן צוואוואַרטן אַ ביסל, אפשר וועט זי אַרויסקוקן פון בוך און אים באַמערקן.

זי איז אָבער געווען פאַרטיפט אין בוך און ערשט נאָך אַ היפשער ווײַלע, האָט דוד מיט גאַנץ שטילע פּאַמעלעכע שריט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו איר און זייענדיק שוין גאַנץ נאָנט, האָט זי אים ערשט באַמערקט.

— וואָס גנבהט איר זיך עפּעס אַזוי אונטער, אַזוי ווי אַ גנב? — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— ווען איך וואָלט געקאָנט גנבענען אייער האַרץ, וואָלט איך באַדאַי געוואָרן אַ גנב...

זיין ענטפער איז איר שטאַרק געפעלן און זי איז אויפגעשפּרונגען מיט פרייד און אים פאַרבעטן ער זאָל זיך זעצן נעבן איר.

ביידע האָבן זיך אָוועקגעזעצט און זי האָט אים אָנגעוויזן אויפן בוך וואָס זי לייענט, דאָס זיינען לידער פון היינריך היינע און אָט האָט זי גראָד געלייענט זיינס אַ געדיכט אין וועלכן דער קלאַסיקער זאָגט, אַז אַ פרויען-האַרץ קאָן מען נישט גנבענען, נאָר מען דאַרף עס דעראָבערן!...

זי האָט זיך דערביי שטאַרק צעלאַכט און זעענדיק ווי דוד האָט ממש ווי פאַרלוירן זיין לשון, האָט זי אים שטיפעריש אַ צעשויבער געטאָן די טשופּרינע, זוכנדיק אים צו דערמוטיקן, ער זאָל איר עפּעס זאָגן און ווען ער האָט אַלץ געשוויגן, האָט זי שוין מיט אַ געמאַכטן כעס אָנגעהויבן טרייסלען מיט אים און אים פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס ער פירט זיך און האַלט זיך ווי אַ קינד ביי דער מאַמעס פאַרטוך און אַז דאָס פּאַסט נישט פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן...

דוד האָט זיך געשטאַרקט, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַ פּאָר שאַרפע שטאַרקע ווערטער, אָבער זיין מוח וואָס האָט אים אַלעמאָל אַזוי גוט געדינט ווען ער האָט באַדאַרפט האָבן אַרגומענטן צו באַזיגן זיינע קעגנער בעת אַ דיסקוסיע, דער זעלבער מוח איז אין איצטיקן פאַל געווען ווי טעמפּ און ער האָט די שטאַרקע ווערטער נישט געקאָנט פאָרמולירן און אנשטאָט זיי האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ געדריקטן טאָן:

— ווייל איך האָב קיין יוגנט נישט געהאַט... גיטעלע... איך בין דערוואַקסן אין יאָרן; איך האָב אַ סך געלערנט און נאָך מער געליטן, נאָר קיין יוגנט האָב איך נישט געהאַט און קיין פרייד האָב איך אויך קיינמאָל נישט געהאַט... אויב איך האָב אַמאָל יאָ געהאַט פרייד, איז עס געווען אַ פרייד וואָס האָט בלויז אָנגעפילט מיין מוח, אָבער די פרייד וואָס דערוואַרימט אַ האַרץ, האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט, ביז... ביז...

— ביז וואָס? — האָט זי אים אונטערגעכאַפּט:

— ביז איך האָב זיך דאָ אויף דער שיף מיט אייך באַקענט... דאָ האָט מיר שוין אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז אַ נייע זון הויבט אָן פאַר מיר שיינען, וואָס אירע שטראַלן דרינגען דורך מיין געמיט און צינדן אָן אַ ליכטיקע פרייד אין מיין האַרצן... אָבער...

— וואָס אָבער? — האָט זי ווייטער געצויגן פון אים ווערטער:

— אָבער די פרייד איז געקומען באַגלייט מיט אַ סך ווייטיקן און פיין . . .

גיטעלע האָט אים מיט דער האַנט פאַרשטעלט דאָס מויל און אים נישט געלאָזן ווייטער ריידן.

— אויב איר ווילט ריידן נאַרישקייטן, איז שוין בעסער איר זאָלט שווייגן.

די באַרירונג פון איר האַנט אויף זיין פּנים, האָט אים ווי עלעקטרי-זירט און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מיטביידע הענט איר הענטל נישט לאָזנ-דיק אַז זי זאָל עס אַוועקנעמען פון זיין מויל און אַזוי האָט ער גענומען קושן איר וואַרימע גלאַטיקע האַנטפלאַך.

— גיטעלע... איך האָב קיין יוגנט נישט געהאַט... אַליין האָב איך געאַרבעט אויף זיך פון קינדוויז אָן... און איצט פיל איך, ווי ביאַליק, דער גרויסער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק האָט געפילט, בעת ער האָט אָנ-געשריבן זיין וואונדערלעך ליד:

„זיי אַ שוץ מיר, זיי אַ שוועסטער,
זיי אַ מאַמע מיר אפילו;
לאָז מיין קאָפּ אין שוים דיר לייגן
אויסגיסן פאַר דיר מיין תּפילה..."

לאַנג זיינען זיי דאָ אַזוי געזעסן איינס נעבן אַנדערן, זי האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געהערט אַ אידיש ליד וואָס פעלצמאַן האָט איר אַזוי שטיל און צאַרט אויסגעזונגען און זי האָט אים געבעטן ער זאָל איר נאָך אַנדערע לידער רעציטירן אָדער זינגען און זי האָט אויך רעציטירט און די עטלעכע שעה וואָס זיי האָבן דאָ צוזאַמען פאַרבראַכט, זיינען פאַר פעלצמאַנען געווען די גליקלעכסטע עטלעכע שעה פון זיין גאַנץ לעבן...

*
**

עמיגראַנטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אומקערן פון זייערע שפּאַצירן איבער דער שטאָט און עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז באַלד ווי די ערשטע גרופּע איז אַרויפגעקומען צוריק אויף דער שיף, איז אויסגעבראָכן אַ מהומה, פרויען האָבן געקוויטשעט און עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן מאַט-ראָזן וואָס האָבן זיך גענומען ראַנגלען מיט יאַשקע דעם שטאַרקן ביז זיי

האָבן אים ערגעץ אַוועקגעפירט און עטלעכע מענטשן האָבן געגאָסן וואַ-
סער און געזוכט צו דערמונטערן דעם פאַרחלושטן יענדזשעי פּרוכניאַק.
אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך די סירענע ווילד צעריטשעט, עמיגראַנטן
האָבן זיך געשטויסן ביים בריקל, כדי וואָס שנעלער אַרויפצוקומען אויף
דער שיף און אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָט די „שיף אַטלאַנטאַ" פאַ-
מעלעך זיך אַרויסגעגליטשט פון פּאָרט אין סאַנטאָס.



## י״ב

## דער סוף וואָס מיינט נייער אָנהויב

די מהומה וואָס האָט אויסגעבראָכן אויף דער שיף פאַרן אָפּפאָרן פון סאַנטאָס, איז געווען צוליב יענדזשעיטשיקן, דעם אַנטיסעמיטישן כוליגאַן פון הינטער לעמבערג.

איינזעענדיק, אַז זיינע גיפטיקע רייד קעגן יידן האָבן נישט געפונען דעם דערוואַרטן אָפּקלאַנג, האָט ער מיט כעס פאַרלאָזן זיין פוילישע גרו-פּע, בורטשענדיק, אַז זיי זיינען אַלע הינטישע זין וואָס די יידישע שאַ-באַסאַווקע איז ביי זיי טייערער ווי זייער פוילישער פּאַטריאָטיזם. און אין זיין כעס, האָט ער געזוכט צו באַווייזן, אַז ער רעדט נישט בלויז קעגן יידן, נאָר אַבי ער האָט די געלעגנהייט, גיט ער זיי צו פילן זיין גרויסן האַס.

גראָד זיינען פאַר אים פאַרבייגעגאַנגען צוויי פון די פרומע אידן; איי-נער פון זיי, ר׳ נחמן פון פּשעוואָרסק, וועלכער איז געפאָרן צו זיין זון קיין ראָזאַריאָ, האָט געהאַט אַ היפּש לאַנגע האַלב גרויע באָרד, יענדזשעי האָט זיך אַרומגעקוקט און זעענדיק אַז קיינער פון די יונגע זשידקעס איז דאָ נישטאָ, האָט ער דעם יידן אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער באָרד און זי אָנ-געהויבן רייסן.

דער ייד האָט געמאַכט אַ געוואַלט, און וואָס מער דער ייד האָט געשריגן, אַלץ הילכיקער איז געווען יענדזשעיס געלעכטער, עס זיינען אָנגעלאָפן עטלעכע אוקראַאינישע עמיגראַנטן און זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון דעם ספּעקטאַקל און דאָס האָט יעדזשעיען צוגעגעבן מוט און ער האָט דעם יידן געצויגן ביי דער באָרד אַהין און אַהער און געזאָגט אַז ער מאַכט אים טאַנצן דעם „מה-יפית״-טאַנץ אַזוי ווי די פוילישע שליאַכטע האָט עס אַמאָל געטאָן...

די געשרייען פון ייד האָבן אויך גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַנדערע פרומע אידן און זיי האָבן געוואָלט אַרויסראַטעווען ר׳ נחמנען פון דעם כוליגאַנס הענט, אָבער די אוקראַאינישע שקצים האָבן אָנגעקוואָלן פון דעם ספּעקטאַקל און זיי האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזן.

אין דעם מאָמענט איז אַרויפגעקומען די ערשטע גרופּע פון די יונגע עמיגראַנטן מיט יאַשקען אינדערמיט און הערנדיק ר׳ נחמנס אויסגע-שריי „שמע ישראל“, איז ער מיט איין שפּרונג שוין געשטאַנען נעבן רעדל און זיינע קולאַקעס האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן צווישן די אַרומשטייענ-דיקע אוקראַינער, און נאָך איידער יענדזשעי האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען, האָט ער דערפילט ווי צוויי צוואַנגען וואָלטן אַרומגעכאַפּט די מוסקולן פון זיינע הענט און אַזוי פעסט געדריקט אויף זיי, אַז ער האָט געמוזט נאָכלאָזן דעם יידנס באָרד און פּלוצלינג האָט מען געזען ווי עפּעס פליט אינדערהויך איבער דעם רעדל מענטשן, עפּעס ווי אַ שלעכט צו-נויפגעבונדן בינטל שמאַטעס, דאָס איז דאָס יענדזשעיטשיק אַזוי געפלויגן און שווער אַראָפּגעפאַלן אויף אַ קופּע מיט שטריק וואו ער איז געבליבן ליגן אַ פאַרחלושטער.

עס זיינען באַלד אָנגעלאָפן מאַטראָזן און אַ שיף-אָפיציר און בעת עטלעכע אוקראַינער זיינען צוגעלאָפן זען וואָס מיט יענדזשעיען איז גע-שען, האָבן עטלעכע מאַטראָזן מיט שווערער מי קוים געקאָנט פאַרהאַלטן יאַשקען, וועלכער האָט זיך געריסן צו דעם שייגעץ, כדי אים צו געבן אַ צוגאָב-לעקציע.

אפשר צען מאַטראָזן האָבן זיך באַגאָסן מיט שוויים, ביז זיי האָבן באַהערשט דעם אויפגעקאָכטן יאַשקען און אויפן באַפעל פון אָפיציר, האָבן זיי אים אָוועקגעשלעפּט אין אַ קעמערל נישט ווייט פון דער קיך, אַריינגעשטויסן אים און פאַרשלאָסן די אייזערנע טיר.

ווען יענדזשעי וואָלט נישט געווען געפאַלן אויף דער קופּע שטריק, וואָלט שוין אפשר נישט געווען וועמען צו ראַטעווען; אָבער אויך די האַרטע גראָבע שטריק האָבן אים צעקיילט און צעביילט און די שיף איז שוין געהאַט אַרויסגעפאָרן פון סאַנטאָסער פּאָרט, ווען מען איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַרום אים און צוגעלייגט אים קאַלטע קאָמפּרעסן אויף די ביילן און אויף די מוסקולן פון זיינע ביידע הענט, וועלכע זיינען געווען שוואַרץ-ברוין און בלוי פון יאַשקעס הענט וואָס האָבן זיי געדריקט ווי צוואַנגען.

די „שטאַרקע“ האָבן אָבער נישט געוואָלט פאַרשווייגן די עולה קעגן יאַשקען; זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן צו אַ פּראָטעסט פאַרן קאַפּיטאַן, די הויפּט-אָרגאַניזירער זיינען געווען בערקע, דער פורמאַן פון פּעלצעוויזנע און זיין 19 יעריקער זון הענעך.

— אַזאַ עולה טאָרן מיר נישט פאַרשווייגן! — האָט בערקע געשריגן; נאָר איידער וואָס-ווען, איז ער צוגעלאָפן צו דעם בינטל אוקראַינער וואָס

זיינען געשטאַנען אַרום יענדזשעיען, ער האָט איינעם אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער טשופּרינע און אים אויסגעקערעוועט דאָס פּנים צו זיך און אים אַריינגעשריגן גלייך אין פּנים אַריין: — די חזירישע מאָרדע, מיין נישט אַז דו ביזט דאָרט אין פּוילן אָדער אוקראַינע, וואו דו ביזט געווען אַ שטאַרקער קעגן אַלטע קראַנקע יידן און קעגן שוואַכע פרויען; דאָ, אַז דו וועסט, אָדער עמיץ פון אייך וועט הויבן אַ האַנט אויף אַ יידן, וועט מען אייך...

וואָס מען וועט, האָט שוין געוויזן הענעך. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט אַ נאַסע שמאַטע פון דעם צעממיתטן יענדזשעי און מיט איר גענומען רייבן די נאָז און דאָס פּנים פון דעם צעשראָקענעם אוקראַינער.

אָפּגעגעבן די וואָרענונג זיינען פאָטער און זון צוריק צו צו דער חברה יונגוואַרג וואָס האָט זיך געטומלט און געשריגן אַז מען דאַרף זען באַ־פרייען יאַשקען.

בערקע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף גיין צום קאַפּיטאַן, אָבער נישט אַלע קענען גיין ווייל מען וועט נישט אַרויפלאָזן; מען דאַרף אויסקלויבן אַ פינף פאַרשוינען.

הענעך האָט מסכים געווען מיטן פאָטער, אָבער ער האָט געטענהט, אַז פאַר בלויז פינף, וועט מען זיך דאָרט אויבן נישט אָפּשרעקן, אַז גיין און פאָדערן מען זאָל צולאָזן צום קאַפּיטאַן, דאַרפן גיין אַלע, די גאַנצע שיף!... פאָדערן זאָלן אַלע, נאָר צום קאַפּיטאַן זאָלן גיין בלויז פינף.

מיט בערקען און הענעכן פאַראויס, האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש פון אַריבער זעכציק געזונטע יאַטן, זיי האָבן אָנגעהויבן דעם מאַרש מיט רעש און געפילדער, אָבער וואָס נענטער זיי זיינען צוגעקומען צו די טרעפּ־לעך פון צווייטן קלאַס, האָט זיך דער רעש איינגעשטילט און צוגעקומען צו די טרעפּלעך איז אַ גוט אָרגאַניזירטע דעמאָנסטראַציע און די בליקן פון די דעמאָנסטראַנטן האָבן אַרויפגעקוקט דראָענדיק און אַ סך פון זיי האָבן אַרויפגעהויבן די הענט מיט געבאַלטע פויסטן אין דער הויך.

נעבן די טרעפּלעך האָבן זיך אַרומגעשטעלט עטלעכע מאַטראָזן און פאַרשטעלט דעם וועג.

— מיר ווילן צום קאַפּיטאַן! — האָט בערקע אויסגעשריגן און זיך גענומען באַרואיקן די דעמאָנסטראַנטן וואָס זיינען געשטאַנען הינטער אים און זיי האָבן זיך שוין געוואָלט וואַרפן אויף די מאַטראָזן: — מיר ווילן צום קאַפּיטאַן! מיר ווילן ער זאָל שוין באַפרייען אונדזער שיפברודער, ווייל ער איז נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעך!

אינדערהויך האָט זיך באַוויזן אַן אָפיציר און באַלד איז אָנגעקומען

דער דאַלמעטשער און צווישן די פּראָטעסט-אויסרופן פון אַלע דעמאָנ-סטראַנטן, האָט זיך געהערט בערקעס געזונטע קול: — בלויז פינף פון אונדז ווילן צוקומען צום קאַפּיטאַן!...

דער אָפיציר האָט עפּעס געזאָגט צום דאָלמעטשער און ער האָט עס איבערגעגעבן אויף יידיש:

— דער אָפיציר זאָגט, אַז דאָס וואָס איר טוט דאָ איצט, זעט אויס ווי אַ בונט און דאָס וועט ער בשום אופן נישט דערלאָזן. אויב איר ווילט אַרויפשיקן בלויז דריי פון אייך, וועט ער זיי פירן צום קאַפּיטאַן, נאָר די אַלע איבעריקע מוזן זיך צוריקציען פון דאַנען.

אַ געמורמל און פּראָטעסט-רופן, ביז ענדלעך איז געבליבן נאָכצוקו-מען די פאָדערונגען, חברה האָט זיך גענומען צוריקציען, בלויז בערקע מיט זיין זון און נאָך איינער זיינען געבליבן און מען האָט זיי אַרויפגע-לאָזן איבער די טרעפּ און די גאַנצע גרופּע איז געבליבן שטיין אַ צען מע-טער ווייטער און אַרויפגעקוקט ביז די דריי זיינען דאָרט אויבן אַריין אין אַ טיר.

ווען די דעלעגאַציע איז צוריקגעקומען, איז שוין די שיף געווען גאַנץ ווייט פון פּאָרט און די נאַכט האָט שנעל אָנגעהויבן צופאַלן.

עס קאָן זיין, אַז די דעלעגאַציע וואָלט געווען געפּועלט ביים קאַפּיטאַן די באַלדיקע באַפרייאונג פון יאַשקען, ווען זיי וואָלטן געווען געוואוסט פ אַ ר וו אָ ס יאַשקע האָט דעם שייגעץ אַזוי צעממיתט; זיי האָבן נאָר געטענהט, אַז דער שייגעץ האָט געטשעפּעט מיט אַ אידן און דערפאַר האָט אים יאַשקע געגעבן אַ לעקציע, אַז ער זאָל וויסן, אַז ער געפינט זיך דאָ נישט אין זיין פאַרשאָלטענער היים און אַז דאָ פאָרן נישט קיין מפיל-קינדער...

דער דאָלמעטשער האָט געהאַט אַ סך אַרבעט מיט דעם איבערזעצן די טענות און מן-הסתם האָט ער נישט אַזוי ריכטיק איבערגעגעבן די ווערטער, ווי עס איז דאָרט נישט געווען, דער קאַפּיטאַן האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט די זאַך אויספאָרשן און אַז מאָרגן אינדערפרי וועט ער דעם „שלעגער" באַפרייען, אויב ער וועט צוזאָגן, אַז ער וועט באַהאַלטן זיינע געזונטע הענט פאַר אַרבעט אין דער נייער היים און נישט אויסנוצן זיי דאָ, אויף צו ממיתן מענטשן וואָס פאָרן אויף זיין שיף...

עס האָט אָבער נישט געדויערט קיין גאַנצע צוויי שעה, ווען די עמי-גראַנטן זיינען שוין געלעגן אויף זייערע געלעגערלעך, ווי אין דער קעלער-קאַמער האָט זיך באַוויזן יאַשקע.

ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ הורא, חברה איז אַראָפּגעשפּרונ-

גען פון די געלעגערלעך און זיך געקליבן אַרום אים און ער האָט דערציילט ווי מען האָט אים אַרויפגעבראַכט צום קאַפּיטאַן און ווי דער דאָלמעטש האָט אים איבערגעגעבן זיינע רייד און ווי דער קאַפּיטאַן האָט אים מכבד געווען מיט אַ פיינעם פּאַפּיראָס און ער האָט זיך געבעטן ביי אים, אַז אויף ווייטער זאָל ער קיינעם נישט שלאָגן... ער ווייסט, אַז איך האָב געווינען די פּרעמיע ביים „קוואַטער״ און ער זאָגט, אַז אַזעלכע יאַטן דאַרפן זיך היטן צו הויבן אַ האַנט אויף עמיצן, ווייל וויפל האָט געפעלט, אַז דו זאָלסט אים האָבן דערהרגעט?...

אָבער ער האָט פאַרשטאַנען אַז מיין טענה איז אַ גערעכטע, ווייל — ו'אָב איך געטענהט, — פאַרוואָס האָב איך ביז היינט קיינעם נישט גע-שלאָגן? וואָס בין איך? אַ שלעגער? אָבער עס האָט דאָך מיך אָנגענומען ביים האַרץ, ווען איך האָב געזען ווי דער פּאַגראָמשטשיק רייסט דעם אַלטן יידן ביי דער באָרד און איך האָב דאָך גאָט אין האַרצן, ווי האָב איך דאָס געקאָנט פאַרשווייגן?...

צומאָרגנס אינדערפרי, האָט דער דאָלמעטשער דורך אַ מעגאַפאָן אַראָפּגעשריגן פון דער הויך, אַז אַלע זאָלן זיך צוהערן צו זיינע רייד און כדי זיינע רייד זאָלן האָבן די פולע וואָג, איז נעבן אים געשטאַנען דער אָפיציר:

— אין נאָמען פון קאַפּיטאַן סעניאָר אריסטו קאָסוליטש, וואָרן איך אייך אַלעמען, אַז קיינער טאָר נישט הויבן אַ האַנט אויף אַ צווייטן. אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ״ מאַכט מען נישט קיין חילוק צווישן ראַסע און גלויבן, אַלע האָבן באַצאָלט פאַר זייערע שיפסקאַרטן און אַלע עמיגראַנטן עסן דאָס זעלבע עסן און אַלע זיינען גלייך; די וואָס וועלן נישט אויספאָלגן די וואָרנונג, וועלן איינגעשלאָסן ווערן אין אַן איינצל-קאַמער ביז בוענאָס איירעס און דאָרט קענען זיי ערשט ליידן די פאָלגן פון זייער שלעכטער אויפפירונג.

מיט דעם האָט זיך דער גאַנצער אינצידענט פאַרענדיקט און עס איז מער ווי זיכער, אַז אפילו אָן דער וואָרנונג, וואָלט שוין קיינער פון די אַנטי-סעמיטישע עמיגראַנטן נישט געוואַגט צו טשעפּען מיט אַ יידן, ווייל עס איז פאַר זיי געווען גענוג די לעקציע וואָס יענדזשעי האָט באַקומען פון יאַשקען...

טיילווייז דער אינצידענט און אפשר נאָך מער די דערנענטערונג פון דער שיף צום געגאַרטן ווייטן ציל, האָט אינאַגנצן געענדערט דעם אויסזען אויף דעם אויבערפלאַך פון דער שיף.

די „אַטלאַנטאַ״ האָט דאָך איצט בלויז באַדאַרפט זיך צושלעפּן די לעצ-

טע סטאַציע ביז בוענאָס איירעס און שוין אין עטלעכע טעג אַרום דאַרף זי דאָך אָנקומען אַהין און וואָס וועט זיין ווען מען וועט שוין אָנקומען אַהין? ווער וועט אָפּוואַרטן? וועט מען נישט מאַכן אַ שטרענגן קאָנטראָל מיט די פּאַפּירן, מיט מעדיציניש אונטערזוכונגען? און וואו וועט מען גיין? וועט מען דאָרט געפינען עפּעס אַ יידן ביי וועמען עפּעס צו פרעגן? וועט מען געפינען די אַדרעסן וואָס מען האָט ביי זיך און וואו וועט מען דאָרט איבערשלאָפן די ערשטע נאַכט? אויף דער „אַטלאַנטאַ" אַליין פאָרן דאָך אַריבער טויזנט מענטשן און עס פאָרן דאָך אַנדערע שיפן אויך קיין בוענאָס איירעס, צי וועט די שטאָט האָבן פּלאַץ אויפצונעמען אַזוי פיל עמיגראַנטן? און ווער ווייסט ווי טייער דאָרט איז יעדע קלייניקייט, אויב עס איז דאָרט אַזאַ אָנגעלויף פון עמיגראַנטן-מאַסן פון גאַנץ אייראָפּע?...

יעדער פון די פילע עמיגראַנטן האָט געהאַט גענוג וועגן וואָס נאָכצוטראַכטן, יעדער האָט זיך געהאַט זיין „פּעקל" דאגות וואָס איז ביז איצט געלעגן פאַרפּאַקט אין אַ טונקל ווינקל פון געמיט און איצט האָט עס זיך צעפּאַקט און צעשאָטן איבערן גאַנצן געמיט און עס זיינען מער נישט געלעגן אין זינען די אַלע שפּילן און דאָס פרייע באַוועגן זיך אויף אַ זאָרגלאָזן אופן און כאָטש די שיף האָט זיך פּאַמעלעך געגליטשט אויף דעם רואיקן ים, זיינען אָבער די זאָרגן שנעל אַקעגנגעשוואומען פון דעם ווייטן אומבאַקאַנטן בוענאָס איירעס. יעדער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט זיך אַליין.

די גאַנצע עמיגראַנטן מאַסע איז ביז סאַנטאָס געווען ווי איין גאַנצע איינהייט, וואָס האָט זיך בלויז געטיילט אין גרופּעס, כדי יעדע גרופּע זאָל זיך פאַרשפּילן די צייט פון דער לאַנג-דויערנדיקער רייזע, אויף איר אופן; איצט, מיט דעם אַראָפּשטייגן פון די עטלעכע צענדלינג מענטשן אין סאַנטאָס, איז זיך די איינהייט צעפאַלן און אויך די גרופּעס האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערפאַלן אויף איינצלנע פּערזאָנען, וואָס יעדער באַזונדער איז באַהערשט געוואָרן פון אַנדערע וויזיעס, אַנדערע האָפענונגען, אַנדערע שרעק און אַנדערע זאָרגן.

בלויז איין גרופּע עמיגראַנטן האָבן זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען, דאָס איז געווען די גרופּע אינטעליגענטן.

פיינהאָלץ האָט ווידער געהאַלטן אויסגעשפּרייט די מאַפּע און אָנגעוויזן אויף דעם פּונקט בוענאָס איירעס, וועגן וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע.

אין זיין שפּאַניש-פּויליש ווערטער-בוך, האָבן זיך אויך געפינען אויסצוגן פון די אַרגענטינישע אימיגראַציע-געזעצן און אין דער צייט ווען די

פאראייניקטע שטאטן האבן שוין געהאט פארשלאסן די טויערן איינפירנ־דיק א שטרענגע קוואטע, איז טאקע געווען וואס צו רעדן וועגן דער אויסגעשטרעקטער האנט וואס ארגענטינע דערלאנגט דעם אויסגעווארצלטן אימיגראנט פון די נאך־מלחמה פארארימטע לענדער.

פיינהאלץ האט געזאגט, אז לויט די ארגענטינער אימיגראציע־רע־גלאמענטן, דארף די ארגענטינער רעגירונג אויסהאלטן דעם אנגעקומענעם אימיגראנט מיט עסן און מיט א געלעגער ביז ער באקומט ארבעט און נישט נאר דאס, נאר זי גיט אפילו פרייע באן־בילעטן צו פארן אין וואס פאר א שטאט מען וויל, מעג עס זיין ווי ווייט פון דער הויפטשטאט.

דאס רעדל ארום די אינטעליגענטן איז כסדר געווארן גרעסער. די אלע וואוילע יונגען פון וועמענס פנימער עס האט פאמעלעך אנגעהויבן פאר־שווינדן די אויבנאויפיקע זארגלאזיקייט, האבן זיך אנגעהויבן צושארן צו דער גרופע, פון וועלכער זיי האבן איבערן גאנצן וועג זיך געוויצלט. זיי האבן דערשפירט, אז דא קאן מען זיך דערוויסן א סך וויכטיקע זאכן און אוודאי איז פאר זיי געווען גרויס די פרייד, ווען זיי האבן געהערט וועגן די גוטע ארגענטינע אימיגראציע־געזעצן און נאך מער דערפון, וואס זיי האבן זיך דערוואוסט, אז וועגן ברויט און א געלעגער פאר די ערשטע טעג, וועט שוין פאר זיי זארגן די ארגענטינער רעגירונג און א באגיי־סטערטער האט יאשקע אויסגערופן: — זעט נאר, זעט; פוילן, אונדזער פוילן, וואו אונדזערע טאטעס און זיידעס האבן אוועקגעגעבן זייער גאנצע קראפט און זייער לעבן, האט ביי אונדז צוגענומען דאס לעצטע שטיקל ברויט און ווי בעטלער אונדז קוים ארויסגעלאזן פון אונדזערע היימען און דא, א ווייט פרעמד לאנד, פארזיכערט אונדז ברויט מיט א געלעגער, ביז מיר וועלן געפינען קונים אויף אונדזער ארבעט־קראפט!...

גרויסע מיוחסים זיינען אויך געווארן שמחה פלעכטמאן מיט זיין ווייבל, וועלכע זיינען איצט שוין געפארן צום צווייטן מאל קיין בוענאס איירעס.

שמחה פלעכטמאן איז באלד נאך זיין חתונה מיט דער שיינער מלכה־לע, נאך אין 1920 אוועק פון אטוואצק וואו ער איז געבוירן און דערצויגן געווארן קיין ארגענטינע און נאך אפמוטשען זיך צען חדשים אין דער ווייטער פרעמד, האבן זיי ענדלעך באקומען פון זייערע עלטערן אין אטוואצק אויף הוצאות און זיי זיינען צוריקגעפארן אהיים.

ווען שמחהלע איז אהיימגעקומען, האט ער נישט געהאט קיין איין גוט ווארט וועגן דעם „שרעקלעכן" ארגענטינע.

ער האט נישט אפגעגעבן דעם שלעכטן גרוס ווייל ער האט דערמיט

געוואָלט פאַרטיידיקן זיין צוריקקומען אַהיים, זיין אומקאַפּאַציטעט צו קאָנען זיך דאָרט דערשלאָגן צו אַ פּרנסה, נאָר ער האָט באמת געהאַט זייער שלעכטע דערפאַרונגען אין בוענאָס איירעס, ווייל ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ סביבה פון אַזעלכע מענטשן, וועגן וועלכע מען קאָן קיין גוטע מיינונג נישט האָבן...

ער האָט אפילו געהאַט באַקומען אַרבעט, ער האָט זיך אויסגעלערנט פּרעסן הויזן און ווי ווייניק ער האָט פאַרדינט, איז עס געווען גענוג אויף אַ קאַרג אויסקומעניש, אָבער צוליב זיין מלכהלע, וועלכע איז דעמאָלט ערשט געווען אין ניינצענטן יאָר, האָט ער דאָרט נישט געקאָנט אויסהאַלטן, ווייל צופיל אויגן האָבן אויף איר געקוקט און צופיל געמיינע אָנצוהערעניש האָט מען אים געמאַכט און טויזנטער פּאַסטקעס זיינען געשפּרייט געוואָרן פאַר איר, פאַר מלכהלען און ער האָט זי געוואָלט פאַרהיטן פון דער געפאַר אַריינצופאַלן אין זייער קלעם...

אָבער די לאַגע אין זיין היים-שטאָט אַטוואַצק האָט זיך אינגאַנצן געענדערט; בעת אין אַרגענטינע האָט ער כאָטש געקאָנט פּרעסן הויזן, האָט ער אין אַטוואַצק נישט געהאַט וואָס צו טאָן, די עלטערן זיינען געווען פאַראַרימט, אויסגענאָגטע פון די פאַרשידענע שטייערן און אין וואַרשע האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט ווי אַ פאַרלוירענער און הערנדיק אַז אַזוי פיל מענטשן פאָרן פאָרט קיין אַרגענטינע. האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און נאָכאַמאָל זיך געלאָזן אויף דעם וויטן וועג, כאָטש ער האָט פאַרגעפילט, אַז עס דערוואַרט אים נישט קיין גוטס.

איצט האָט ער קיין שום שלעכטס וועגן אַרגענטינע נישט דערמאָנט.

ער האָט נאָר געזאָגט, אַז אַבי מען באַקומט אַרבעט, קאָן מען מאַכן אַ לעבן און אַז עס וואוינען אין בוענאָס איירעס גענוג יידן, ער ווייסט אַז עס זיינען דאָרט שוין פאַראַן פאַרשידענע געזעלשאַפטן וואָס העלפן, אָבער ער האָט געלעבט אין אַנדערע קרייזן, ער איז פּשוט געהאַט שלעכט אַריינגעפאַלן.

פון אַלע זייטן זיינען געפאַלן פאַרשידענע פראַגן און ער האָט געענטפערט צופרידנשטעלנדיק; יאָ, אַז מען האָט אַ פאַך איז אוודאי בעסער, נאָר אפילו אָן אַ פאַך, באַקומט מען אויך אַרבעט, ביי וואָס נישט איז, אַבי געזונטע הענט, געזונטע פּלייצעס, קאָן מען באַלד ביים פאָרט באַקומען אַרבעט אַבי מען קאָן זיך בלויז באַגנוגן מיט אַרבעט און עסן...

וועגן דעם לעצטן אָנצוהערעניש, האָבן די עמיגראַנטן נאָך אַ סך גערעדט; — אוודאי קאָן נישט אַ מענטש אָפּקומען זיין לעבן מיט בלויז עסן,

נו, איז עס דאָך אַ גרויסע שטאָט, מוז דאָך דאָרט זיכער זיין וואו דורכצו-לעבן די פרייע צייט צווישן אַרבעט, עסן און אָפּרו!...

שמחה פלעכטמאַן וואָס איז קיינמאָל נישט געווען קיין דיפּלאָמאַט, האָט זיך פלוצלינג אויסגעלערנט ריידן דיפּלאָמאַטיש. ער האָט גערעדט האַלבע ווערטער, געגעבן עפּעס אַן אָנצוהערעניש און גענומען ריידן פון עפּעס אַנדערש און אַזוי זיינען געגאַנגען די שעהן און די טעג, די אינטע-ליגענטן האָבן שוין געקענט פון אויסנווייניק די אַרגענטינער אימיגראַציע-געזעצן און געוואוסט אַפילו וויפל איינוואוינער בוענאָס איירעס פאַרמאָגט און מיט דעם וואָס זיי האָבן געוואוסט, האָבן זיי זיך געטיילט מיט די אַלע וועלכע האָבן עס געוואָלט וויסן און ביי דעם פּאָרל, שמחה מיט מלכה-לען, האָבן זיך אויך שוין געהאַט אויסגעשעפּט די רייד, עס האָט נאָך גע-פעלט איין טאָג צום אָנקומען קיין ב. איירעס און די ניי-געשאַפענע גרופּעס זיינען זיך צעפאַלן און די גאַנצע מאַסע איז זיך אויפסניי צעפאַלן אין אַריבער טויזנט יחידים, וואָס יעדער האָט זיך געהאַט זיינע פּערזענ-לעכע זאָרגן.

אויך ברוך האָט שוין געזאָרגט.

ער איז שוין אינגאַנצן געקומען צו זיך און ער האָט איצט ווי אַ מענטש מיט שכל, באַנומען זיין אייגנאַרטיקן שווערן מצב.

אַלע פּלענער וואָס ער האָט געהאַט אויסגעאַרבעט צוזאַמען מיט שרהלען, האָט מען צוזאַמען מיט איר, אַראָפּגעלאָזן אין ים אַריין און איצט איז ער איינער אַליין, ניין, נישט איינער אַליין, נאָר אַ טאַטע פון אַן ערשט-געבוירן קינד און וויפל ער טראַכט נישט נאָך, קאָן ער אַלץ נישט קומען אויף אַ געדאַנק, וואָס ער קאָן אָנהויבן טאָן אין דעם ווייטן לאַנד, און וואו ער וועט זיך אַהינטאָן מיט זיין ערשט-געבוירן עופהלע...

דער סופר האָט אים געטרייסט, אַז מן-הסתם וואוינען דאָך אין ב. איי-רעס יידן, רחמנים בני רחמנים, עפּעס וועט מען שוין טוען, עפּעס וועט מען דאָך מוזן טאָן!... אַגב, ווי נאָר ער וועט זיך זען מיט זיין דבורהלען, וועט זי שוין אוודאי עפּעס צוטראַכטן און אפשר גאָר נעמען דאָס קינד פון איר הברטע ע"ה, איר צו לאַנגע יאָר — צו זיך...

זעענדיק אַז ברוך פילט זיך שוין בעסער, האָט זיך פעלצמאַן שוין גענומען פרייער באַוועגן און די מערסטע צייט פון טאָג פאַרבראַכט מיט גיטעלען אויף דעם אינטימען ווינקל, און ביינאַכט האָט ער אין חלום געזען היינריך היינע, ער איז געשטאַנען איבער אים און מיט אַ ליבלעכן האַלב-וואָרנענדיקן שמייכל האָט ער אים געזאָגט: — „אַ האַרץ פון אַ פרוי קאָן

מען נישט גנבענען, נאָר מען דאַרף עס קאָנען דערגאַבערן!..." און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט שוין גיטעלעס האַרץ דערגאַבערט...

נאָר ניין; ער האָט גיטעלעס האַרץ נישט דערגאַבערט; ער איז געווען צו צאַרט און ביי זיינע אַכט און צוואַנציק יאָר — צו קינדיש-נאַאיוו, אויף צו קאָנען דערגאַבערן דאָס האַרץ פון דער פיפיקער, האַלב-באָהעמי-שער כמעט גרויס-שטעטיש-דערצויגענער אינטעליגענטער גיטעלע.

אמת, זי האָט אים גאַנץ ליב באַקומען, אָבער נאָר ווי אַ שפּיל-צייג צום צייט-פאַרטרייב; זי איז געווען גענוג ערלעך און זי האָט עס אים אפילו גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז זי זעט אין אים אַבסאָלוט נישט קיין מאַטעריאַל פאַר אַ מאַן, מיט וועמען זי זאָל זיך קאָנען פאַרבינדן אויף אַ גאַנץ לעבן, אָבער זי איז גוט געווען צו אים, זי האָט אים רעציטירט און אַרויסגעליי-ענט פון בוך אַזעלכע שיינע לידער און זי האָט אים אַזוי זאַנפט געגלעט דעם שטערן און געשויבערט זיינע האָר, אַז ער האָט אירע אָפנהאַרציקע דערקלערונגען נישט גענומען אין אַכט; ער האָט געפילט, אַז ער איז צו איר געבונדן מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן און זאָל זי עס נאָר פאַרלאַנגען פון אים, איז ער גרייט פאַר איר צו שפּרינגען אין ים אַריין, אַבי זי זאָל דערפון הנאה האָבן, אַבי איר זאָל זיין גוט...

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. ווען די „אַטלאַנטאַ" וואָלט זיך באַ-דאַרפט אָפּשטעלן אין מאָנטעווידעאָ, וואָלט זי שוין איצט געווען אין פּאָרט, אָבער די שיף איז געשוואומען וויים פון אורוגווייער ברעג, מאָרגן גאַנץ פרי, דאַרף זי אַריינפאָרן אין פּאָרט פון בוענאָס איירעס.

די פרויען האָבן שוין געהאַט געמאַכט פּראָבעס ווי אַזוי זיי דאַרפן זיך אָנטון צום אַראָפּגיין פון שיף און איין פרוי האָט געפרעגט ביי דער צווייטער ווי זי זעט אויס און מען האָט זיך געמאַכט קאָמפּלימענטן, בלויז ברכה גאָלדבערג און חנה שטיינמאַן, די צוויי עגונות וואָס פאָרן אומגע-נעבעטענע אָפּזוכן זייערע מענער, זיי האָבן זיך געדרייט ווי די שאָטנס און פאַרביסן די ליפּן פון ווייטיק און פיין.

אויך די פּאַסאַזשירן פון 2-טן קלאַס זיינען פאַר דעם אָנקומען צום ענד-ציל פון דער לאַנגער רייזע, באַהערשט געוואָרן פון אַ נערוועזער שטימונג און מער פון אַלע זיינען געווען נערוועז די דריי שרייבער, וועלכע האָבן מיט אַ טאָג פריער זיך ברייטער פונאַנדערגעשמועסט מיט דעם קאָמיסאַר פון דער איטאַליענישער רעגירונג און זיי האָבן זיך ערשט ביי אים דער-וואוסט, אַז וואָס פאַר אַ גרויסער געפאַר די שיף „אַטלאַנטאַ" האָט זיך געפונען אין דער שווידערלעכער נאַכט פאַר לאַס פּאַלמאַס און זיי האָבן שוין געוואָלט וואָס שנעלער צוקומען צו די ברעגן פון פּלאַטאַ-טייך.

ווען די שרייבער האָבן אַרויסגעוויזן אַ נייגעריקייט צו וויסן ווי אַפּט די „אַטלאַנטאַ" מאַכט דורך די רייזע פון טריעסט קיין בוענאָס איירעס און צי זי פאַרט יעדעס מאָל אַזוי פיל געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, האָט דער קאָמיסאַר פאַר זיי גאַנץ אָפנהאַרציק דערציילט, אַז כאָטש די איטאַליענישע רעגירונג האָט באַלד נאָך דער מלחמה פאַרבאָטן דער קאָסוליטש-געזעל-שאַפט אַז זי זאָל אויף דער „אַטלאַנטאַ" פירן עמיגראַנטן, פונדעסטוועגן מאַכט זי זייט 1921 דורך פיר רייזעס הין און צוריק דורכן יאָר און ביי יעדער רייזע פון טריעסט קיין אַרגענטינע, איז די שיף כמעט אַזוי גע-פּאַקט מיט עמיגראַנטן ווי היינט.

און כדי צו באַווייזן פאַר די שרייבער די סיבות פאַרוואָס די איטאַ-ליענישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן פירן עמיגראַנטן אויף ד ע ר שיף, האָט ער זיי פאַרבעטן אויף אַ שפּאַציר אין די טיפע קאָמערן און אין די מאַשין-אָפּטיילונגען פון שיף און ער האָט זיי געוויזן, אַז די שיף האָט נישט קיין טאָפּלטע דעקן און געפינענדיק זיך אין דער קאָמער וואָס האָט אָמשטאַרקסטן געליטן פון דעם שטורים וואָס די שיף האָט באַקומען פון אַ פעלדז און אָנווייזנדיק זיי אויף דער אייזערנער לאַטע וואָס איז געלייגט געוואָרן אויף דעם לאָך וואָס די וואַנט האָט באַקומען פון שטורים, האָט ער זיי פאַרטרויט דעם סוד, אַז נאָר אַ נס האָט דעמאָלט געראַטעוועט די שיף פון אונטערגאַנג, דער נס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט לאָקאַליזירט דעם ברייטן אַריינגעבראָכענעם שפּאַלט נאָך איידער ער איז פאַרדעקט געוואָרן פון דעם אַריינפליסנדיקן וואַסער.

ווען דאָס וואַסער וואָלט שוין געווען אָנגעפילט די קאָמער ביז איבער דעם שפּאַלט, וואָלט מען אים נישט געפינען און ווען אפילו יאָ, וואָלט די אַרבעט שוין געווען זייער פּראָבלעמאַטיש און פאַקטיש האָט שוין דאָס אַריינגעפלאָסענע וואַסער דערגרייכט כמעט ביז צום שפּאַלט און אַ מינוט שפּעטער וואָלט שוין אוודאי געווען צו שפּעט צו קאָנען ראַטעווען די שיף מיט אַזוי פיל מענטשן...

— אויב די רעגירונג האָט פאַרבאָטן אַז די „אַטלאַנטאַ" זאָל אויפנע-מען פּאַסאַזשירן, טאָ פאַרוואָס טוט זי פונקט קאַפּויער? — האָט איינער פון די שרייבער געפרעגט און דער איטאַליענישער קאָמיסאַר האָט וועגן דעם נעגעבן אַ גאַנץ אָפנהאַרציקע אויפקלערונג:

— די מלחמה האָט רואינירט די עקאָנאָמיע פון אונדזער לאַנד. די שטאָט טריעסט וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו עסטרייך, איז פאַרן סוף פון דער מלחמה אויסגעשעפּט געוואָרן פון אַלע אירע עקאָנאָ-מישע רעסורסן און ראַטעווען די שטאָט פון זיכערן באַנקראָט האָט מען

נאָר געקאָנט מיטן אָרגאַניזירן אַן אַפּטן שיף־פּאַרקער פאַר עמיגראַנטן פון טריעסטער פּאָרט און אַזוי האָט די קאָסוליטש־געזעלשאַפט באַקומען די פּראָוויזאָרישע דערלויבעניש, אַז ביז זי וועט אויפבויען אירע נייע מאָדערנע שיפן פאַר פּאַסאַזשיר־פּאַרקער, זאָל זי זיך דערווייל קאָנען באַנוצן מיט די אַלטע שיפן וואָס זיינען געבליבן מער־ווייניק גאַנץ פון דער וועלט־מלחמה און אַ פאַקט איז, אַז די נייע שיפן פון דער קאָסוליטש־געזעלשאַפט בויען זיך שוין און ווי נאָר זיי וועלן זיין פאַרטיק, וועלן די אַלטע שיפן קאָנען גענוצט ווערן נאָר אַלס לאַסט־שיפן.

פון דער גאַנצער אויפקלערונג, האָבן די שרייבער פעסטגעשטעלט, אַז צוליב דער שווערער פינאַנציעלער לאַגע פון דער שטאָט טריעסט, האָט מען איינגעשטעלט די לעבנס פון טויזנטער עמיגראַנטן וואָס זיינען פאַרלאָקט געוואָרן צוליב די ביליקע פּרייזן וואָס די קאָסוליטש־ליניע האָט גערעכנט פאַר די שיפסקאַרטעס און פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן דערוויסן זיך פון אַזעלכע איינצלהייטן, איז ביי די דריי שרייבער געוואַקסן די נערוועזיטעט און זיי האָבן שוין מיט טויזנט אויגן אויסגעקוקט צו קאָנען זען דעם אַריינפאָר פון דער „אַטלאַנטאַ“ אין פּאָרט פון בוענאָס איירעס...

אויך אַלע עמיגראַנטן אויף דער „אַטלאַנטאַ“ זיינען באַהערשט געוואָרן פון דער נערוועז־פיבערהאַפטער דערוואַרטונג, אַז די שיף זאָל שוין צוקומען צום ענד־ציל פון דער רייזע, כאָטש אַלע האָבן גוט געוואוסט, אַז דער סוף פון דער רייזע, מיינט פאַר זיי אַ נייער אָנהויב...

סוף פון ערשטן טייל



## פון שיף אויף פעסטער ערד

עס איז געווען דעם 14טן יוני 1923, ווען דער ריזיקער קאַסטן וואָס האָט זיך גערופן „שיף אַטלאַנטאַ", איז פון צוויי שלעפּ־שיפן אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם פּאָרט פון בוענאָס־איירעס.

היינט, ווען עס ווערט געשריבן די געשיכטע, פאַרמאָגט שוין בוענאָס־איירעס אַ גאָר גרויסן נייעם פּאָרט, מיט אַ סך קאַפּאַציטעט און אַ גאַנצע רייע דאָקן מיט מאָדערנסטע נאַוועגאַציע־איינריכטונגען, אָבער דעמאָלט איז פאַר פּאַסאַזשיר־שיפן געווען בלויז דער אַלטער פּאָרט, וואו עס געפינען זיך נאָך ביז היינט די נידעריקע בנינים פון דער אימיגראַציע־דירעקציע.

דער איינציקער גרויסער בנין וואָס האָט זיך דעמאָלט געפינען האַרט נעבן דעם פּאָרט, איז געווען דער קאָלאָסאַל־גרויסער אימיגראַנטן־האָטעל, וואָס זיינע פילע פענצטער האָבן פריינטלעך אַנטקעגנגעקוקט צו די אָנקומענדיקע שיפן מיט אימיגראַנטן און שמחה פלעכטמאַן האָט די אַרומשטייענדיקע נייגעריקע אימיגראַנטן אָנגעוויזן אויף זיי, ווען די „אַטלאַנטאַ" האָט זיך נאָך געפינען אויף אַ היפּשן מהלך ווייט פון פּאָרט.

אָבער אָט דערנענטערט זיך שוין די „אַטלאַנטאַ" צום פּאָרט פון בוענאָס־איירעס. צוויי קליינע שלעפּ־שיפן האָבן שוין פאַרוואָרפן די שטריק וועלכע זיינען פלינק אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די מאַטראָזן אויף דער „אַטלאַנטאַ" און אָט ציען זיך שוין דיקערע שטריק פון דער „אַטלאַנטאַ" צו די שיפלעך און באַלד, באַלד, וועט די שיף שטיין אַ צוגעפעסטיקטע צום בוענאָס־איירעסער פּאָרט.

גענוג גרוים ווי די פּלאַטאַפאָרמע פון בוענאָס־איירעסער פּאָרט איז שוין דעמאָלט געווען, איז זי געווען אָנגעפילט מיט מענטשן וואָס זיינען געקומען אָפּוואַרטן נאָענטע און ווייטערע פאַמיליאַנטן און פריינט.

די מאַסע וואָס האָט דאָ אָפּגעוואַרט דאָס אָנקומען פון דער „אַטלאַנטאַ", האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן ענלעכן געמיש פון מענטשן ווי אויף דער שיף, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס די מענטשן האָבן שוין געוואוסט

וואו זיי געפינען זיך און בוענאָס-איירעס איז שוין געווען זייער נייע היים און די אויף דער שיף האָבן ערשט באַדאַרפט באַטרעטן די אַרגענטינער ערד.

דער געפילדער פון פאַרשידענע שטימען און אויף פאַרשידענע שפּראַכן, האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי דאָ וואָלט געווען עפּעס אַ יריד אויף וועלכן עס זיינען זיך צונויפגעפאָרן מענטשן פון פאַרשידענע לענדער און נאָך די הויכע עקזאַלטירטע אויסגעשרייען ווען די שיף האָט זיך באַוויזן פונוויטן, איז פּלוצלינג אינגאַנצן שטיל געוואָרן, אַלעמענס בליקן האָבן זיך געריסן אַהין, צו דער שיף וואָס האַלט זיך אין דערנענטערן און אַ סך פון די בליקן זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טרערן.

דער געפילדער האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסניי, ווען די שיף איז צוגעקומען נענטער און וואָס נענטער די שיף איז צוגעקומען צום פּאָרט, אַלץ העכער איז געוואָרן דער געפילדער און פּלוצלינג האָט זיך געהערט פונוויטן אַ הויכער גרעלער אויסרוף:

— י אַ אַ אַ נ ק ל !...

דאָס האָט גאָלדע פערלבערג נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן ביז די שיף וועט צוקומען צום פּאָרט און זי האָט דאָס אַזוי הויך אויסגערופן איר מאַנס נאָמען און באַלד דערויף האָט זיך טאַקע פון דער אָפּוואַרטנדיקער מענטשן-מאַסע דערהערט אַ הויכער אויסרוף: — ג אָ ל ד ע !... און די צוויי אויסרופן זיינען געווען ווי אַ סיגנאַל פאַר די וואַרטנדיקע אונטן ווי פאַר די אָנקומענדיקע אויבן, אַז מען דאַרף זיך אָנהויבן באַגריסן דורך אויסשרייען די נעמען און די אויסגעשרייען האָבן אַרויסגערופן אַ צעמישונג, ווייל אַ סך שטימען האָבן גערופן די זעלבע נעמען און אַלע האָבן זיך גענומען שטופּן צום ברעג פון דער פּלאַטפאָרמע און פּאָרט-וועכטער האָבן געמוזט צוריקשטויסן די מענטשן-מאַסע, כדי צו פאַרהיטן פון דער געפאַר אַריינצופאַלן אין וואַסער.

ווידער איז אויף אַ ווײלע שטיל געוואָרן, טיכלעך האָבן אויבן אָנגעהויבן פלאַטערן און פון אונטן האָט מען געענטפערט מיט דעם זעלבן און מיט הויבן און פאָכען קאַפּעליושן און היטלען און ווען די שיף איז צוגעקומען נאָך נענטער, האָבן זיך אויפסניי דערהערט גרעלע אויסרופן פון פאַרשידענע נעמען און אָט האָט דער זעלבער יאַנקל דערקענט זיין גאָלדען וועלכע איז געשטאַנען ביים באַריער פון שיף און געהאַלטן איר קינד אויף די הענט און ער האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן מיט זיינע עלנבויגנס דורך דער מאַסע און זיך געלאָזן מיט אַזאַ אימפּעט צום ברעג פון דער פּלאַטפאָרמע, אַז מען האָט אים קוים פאַרהאַלטן נישט אַראָפּצופאַלן אין וואַסער אַריין.

— גאָלדע! איך בין דאָ! — האָט ער געשריגן מיט באַנומענע קולות און זי האָט געהוידעט דאָס קינד אויף די הענט אַלס צייכן אַז זי הערט און זעט אים.

מינוטן שפּעטער איז שוין די „אַטלאַנטאַ" געשטאַנען אַ געאַנקערטע, נאָנט צוגערוקט צום שטיינערנעם ברעג, באַלד האָט מען אַראָפּגעלאָזן אַ טרעפּן־בריקל און פון פּאָרט איז אַרויף אַן אימיגראַציע־קאָמיסיע און אַ ווײַלע שפּעטער האָט מען שוין אַראָפּגעלאָזט די פּאַסאַזשירן פון צווייטן קלאַס.

גרויס זײַנען געווען די קנאה־בליקן אויף די מענטשן וואָס זײַנען שוין אַראָפּ פון שיף. מאַנכע פון זיי האָבן זיך שוין געקושט מיט די וואָס האָבן זיי אָפּגעוואַרט און אַנדערע זײַנען געגאַנגען גלײַך דורך דעם וועג וואָס איז געווען אָנגעצייכנט מיט פאַרצויגענע שטריק, און וואָס האָט געפירט אין דער געביידע פון דער מעדיצינישער רעוויזאַציע.

דער לעצטער פון די פּאַסאַזשירן צווייטע קלאַס איז שוין לאַנג גע־האָט אַראָפּגעגאַנגען און מען האָט שוין קיינעם פון זיי נישט געזען אויף דער פּלאַטפאָרמע, און פון די עמיגראַנטן האָט מען נאָך אַלץ קיינעם נישט אַראָפּגעלאָזן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן הערן אַ געמורמל פון אומ־צופרידנקייט און פון פּראָטעסטן: — וואָס דויערט עפּעס די קאָנטראָל אַזוי לאַנג?...

ענדלעך האָבן זיך אויפן אַראָפּגאַנג־בריקל באַוויזן די ערשטע עמי־גראַנטן, דאָס זײַנען געווען די עטלעכע צענדלינג שפּאַניאָלן וואָס זײַנען אויפגעשטיגן אין לאַס־פּאַלמאַס און באַלד נאָך זיי האָט זיך באַוויזן אַ יונגערמאַן אין חסידישע קליידער, ער האָט געטראָגן צוויי וואַליזעס, די פּאָלעס פון דער בעקעשע צעשפּרייט, איז ער נישט געגאַנגען אויף דעם בריקל, נאָר געלאָפן, ווי ער וואָלט זיך געאײַלט אַרײַנצוכאַפּן אַ קדישא־ברכי...

צווישן די אָפּוואַרטנדיקע האָבן זיך אויך געפונען פאָרשטייער פון אימיגראַנטן־שוץ־פאַריין און פון צענטראַל־קאָמיטעט צו הילף די מלחמה־געליטענע יידן אין אייראָפּע און איינער פון זיי, אברהם פרידמאַן, איז אַקעגנגעגאַנגען דעם יונגנמאַן און אים געפרעגט וואו ער לויפט אַזוי און צי עמיצער וואַרט אים דאָ אָפּ.

דער יונגער מאַן, זעליק מאָשקאָוויטש פון סלאָנים האָט אָנגעקוקט דעם בוענאָס־איירעסער יידן פון אויבן ביז אַראָפּ, עס האָט זיך אים גאָר־נישט געגלויבט, אַז אַ בוענאָס־איירעסער ייד זאָל אויסזען אַזוי געוויינ־לעך, ווי אַ פּראָסטער בשר ודם, אָבער וואָס פאַרהאַלט ער אים דאָ? —

וואָס שטעלט איר מיר שאלות? צו וואָס דאַרפט איר עס וויסן צי איך האָב דאָ עמיצן צי נישט?...

— ווייל איך בין דאָ אַלס פאָרשטייער פון אַ קאָמיטעט וואָס וויל העלפן די ערשט-געקומענע אימיגראַנטן מיט וואָס נאָר מעגלעך — האָט אברהם פרידמאַן פריינטלעך געענטפערט, זוכנדיק צו באַרואיקן דעם נער־וועזן יונגן מענטשן, אָבער זעליקן איז עפּעס די גאַנצע מעשה פאַרגעקו־מען פאַרדעכטיק, ער האָט פעסטער צוגעדריקט די הענט אויף די וואַליזעס וואָס ער האָט געטראָגן און געוואָלט ווייטער לויפן.

— האָט איר עפּעס אַ פּאַך, וואָס זיינט איר? — האָט אברהם פריד־מאַן אַליין געזוכט אים צו באַרואיקן, אָבער זעליק האָט אים שאַרף אָפּגע־ענטפערט:

— איך בין אַ שוחט! איך האָב זיך אַליין געקוילעט וואָס איך בין געקומען אַהער!...

און ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און געלאָזן זיך אין דער לי־ניע צווישן די פאַרצווייגענע שטריק און שנעל פאַרשוואונדן אין דער גע־ביידע פון דער מעדיצינישער רעוויזאַציע.

נאָך זעליקן, האָבן זיך אַנדערע עמיגראַנטן אָנגעהויבן באַווייזן אויפן אַראָפּגאַנג-בריקל, צוערשט איינציקע און שפּעטער צו עטלעכע, די עמי־גראַנטן וואָס זיינען פריער געשטאַנען ביים פאַרענטשש פון שיף אין דער הויך, זיינען כסדר געוואָרן ווייניקער און ווייניקער, זיי האָבן זיך שוין געשטופּט אין דער רייע צוצוקומען צום טיש וואו עס איז געזעסן די קאָנ־טראָל-קאָמיסיע פון דער אַרגענטינער אימיגראַציע-דירעקציע.

איצט, צום אַראָפּגיין פון שיף, האָט מען די עמיגראַנטן דערלויבט אַז זיי זאָלן גיין דורך דער צווייטער קלאַס. נישט נאָר מען האָט זיי דער־לויבט, נאָר מען האָט עס זיי באַפוילן, ווייל די קאָנטראָל-קאָמיסיע איז געזעסן ביי דעם ברייטן טיש אין דער צווייטער קלאַס און די רייע פון די עמיגראַנטן האָט זיך געצויגן דורך די לאַנגע שיף-קאָרעדאָרן פון איין זייט, כדי די קאָנטראָלירטע זאָלן אָפּגיין דורך די קאָרעדאָרן אויף דער צווייטער זייט ביז דעם אַראָפּגאַנג-בריקל.

די קאָנטראָל-קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון עטלעכע אימיגראַציע-באַ־אַמטע, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפינען אַ פאָרשטייער פון יידי־שן אימיגראַנטן-שוץ-פאַריין.

די קאָנטראָל איז צוגעגאַנגען געגוג שנעל, אָבער פון צייט צו צייט האָט מען זיך לענגער געגריבלט אין עמיצנס דאָקומענטן וואָס האָבן אויס־געזען נישט אינגאַנצן אין אָרדענונג און בלויז אין זעלטענעם אויסנאַמס־פאַל, האָט מען אַזאַ עמיגראַנט דערוויל פאַרהאַלטן און באַלד האָט מען

אים אַוועקגעפירט אין אַן אָפּגעצוימטער אָפּטיילונג אויף דער צווייטער זייט שיף.

אונטן, אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָבן זיך דערווייל אָפּגעשפּיגלט דראַמאַטישע סצענעס. היסטעריע, געוויין, געלעכטער, פרייר־אויסרופן, אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אינאיינעם, דער צוזאַמענטרעף פון די נאָענטע מענטשן איז אָבער נישט געווען אויף לאַנג, ווייל באַלד האָבן די עמי־גראַנטן געמוזט אַריינגיין אין דער געביידע וואו מען האָט ערשט געמוזט דורכגיין די מעדיצינישע קאָנטראָל וואָס האָט באַקוקט דעם פּאַקן־צעטל און אונטערזוכט די אויגן און די אַפּוואַרטנדיקע מענטשן האָבן געמוזט גיין דורך אַ צווייטער זייט אין דעם גרויסן הויף פון אימיגראַנטן־האָטעל, פון וואַנען זיי האָבן ערשט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך די דערוואַרטע געסט.

הונדערטער עמיגראַנטן זיינען שוין געהאַט אַראָפּ פון שיף, אויף דער פּלאַטפאָרמע איז שוין די מאַסע געוואָרן שיטערער און יאַנקל האָט זיך אַרומגעדרייט און געבראָכן די הענט, נישט פאַרשטייענדיק די סיבה פאַר־וואָס גאָלדע מיטן קינד באַווייזן זיך נאָך אַלץ נישט אויפן בריקל.

גאָלדע האָט דאָך צו אים אין דעם רעש נישט געקאָנט אַראָפּשרייען, אַז זי האָט געמוזט „קאַרמען" נאָך אַ קינד און זי האָט דאָך נישט גע־וואוסט, אַז מען וועט זי צוליב דעם פאַרהאַלטן.

אין דעם רעש פאַרן אָנקומען פון דער שיף צום פּאָרט, האָט דער דאָק־טאָר וואָס האָט געהיטן דאָס לעבן פון קינד, אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן אָן דער זייגערן און ערשט דער קאַפּיטאַן, וואָס האָט אויף אַלץ געהאַט אַ וואַכזאַם אויג, האָט אַ פרעג געטאָן וועגן איר און באַלד האָט מען דורכן מעגאַפאָן גערופן דעם דאָלמעטשער און אים געגעבן דעם באַפעל, אַז ער זאָל שנעל אָפּזוכן די פרוי גאָלדע פערלבערג.

זי איז שוין געשטאַנען אין דער ריי נישט ווייט צום קאָנטראָל־טיש, ווען דער דאָלמעטשער האָט זי ענדלעך געפונען און איר באַפוילן, אַז זי מוז שוין גיין צום אומגליקלעכן יתומהלע, און זעענדיק אַז זי קווינקלט זיך, האָט ער איר צוגעזאָגט, אַז דערפאַר וועט זי די ערשטע אַראָפּגעלאָזן ווערן פון שיף.

ער האָט זי אַריבערגעפירט אויף דער צווייטער זייט שיף, וואו עס האָט זיך געפינען די מעדיצינישע קאָנסולטאַריע און דאָרט האָט מען זי שוין מיט פאַרשידענע צוזאָגן און דראָאונגען קוים פאַרהאַלטן נעבן דעם אומגליקלעכן עופהלע.

דוד פעלצמאַן האָט דווקא געוואָלט אַראָפּגיין צוזאַמען מיט גיטעלען, ער האָט אָבער אויך נישט געוואָלט פאַרלאָזן ברוכן און ער האָט עס אַזוי

איינגעאָרדנט אַז ער, פיינהאָלץ, דער סופר, ברוך און גיטעלע, זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען און שפּעטער וועט מען שוין זען וואָס מען האָט צו טאָן.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, האָט מען ברוכן פון זיי צו־גענומען.

מען האָט זיי דערקלערט, אַז ברוך מוז בלייבן נעבן זיין קינד און די שיף־אַדמיניסטראַציע וועט שוין זאָרגן דערפאַר אַז זיי זאָל גאָרנישט פעלן, ביז מען וועט באַשליסן ווי אַזוי צו פאַרזיכערן דאָס לעבן פון קינד.

זייענדיק שוין ביים טיש פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, איז פעלצמאַ־נען באַשערט געוועזן צו ליידן נאָך אַ שטאַרקערן ווייטיק.

מען האָט גיטעלען פאַרהאַלטן.

ער האָט זיך געפּרואווט פאַר איר איינשטעלן, אָבער ווער איז ער, וואָס וויל ווערן איר אַפּיטרופּס? — זי איז נאָך נישט אַלט קיין צוויי און צוואַנציק יאָר און זי קאָן נישט אַראָפּ פון שיף ביז אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן וועט זי אַראָפּנעמען.

פּונקט אַזוי ווי ברוכן, האָט פעלצמאַן אויך גיטעלען געזאָגט, אַז ער וועט וואַרטן אין אימיגראַנטן־האָטעל און ער וועט שוין זען עפּעס צו טאָן אַז זי זאָל קענען אַראָפּגיין פון שיף און למען־השם, זי זאָל נישט אַוועק פריער ביז זי וועט אים זען.

דער סופר איז שוין דערווייל אַראָפּ פון שיף און איצט זיינען אויך פעלצמאַן און פיינהאָלץ אַראָפּ און צו זיי איז צוגעלאָפן יאַנקל מיט פאַר־בראָכענע הענט און געפרעגט ביי זיי, צי האָבן זיי דאָרט נישט געזען אַ פרוי מיט אַ זויג־קינד אויף די הענט. פעלצמאַן האָט זיך משער געווען וועמען ער מיינט, האָט ער געזאָגט קורץ און שאַרף, אַז ער זאָל נישט זאָרגן, מען האָט זי פאַרהאַלטן וועגן אַ וויכטיקן ענין און מען וועט זי זיכער באַלד אַראָפּלאָזן.

יאַנקלען איז אָבער דער ענטפער נישט געפעלן: — וואָס הייסט מען האָט זי פאַרהאַלטן צוליב אַ וויכטיקער זאַך? וואָס פאַר אַ זאַך קאָן זיין וויכטיקער ווי זען דעם מאַן און ווייזן אים זיין קינד וואָס איז געבוירן גע־וואָרן שוין נאָך זיין אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע?

אברהם פרידמאַן וועלכער האָט נאָך אַלץ אָבסערווירט די אַראָפּגייענ־דיקע פון שיף, האָט באַמערקט יאַנקלס פאַרצווייפלונג און דערוויסנדיק זיך די סיבה פאַרוואָס ער איז אַזוי אומרואיק, האָט פרידמאַן באַלד אָנ־געהויבן אינטערווענירן, ער איז אַרויף אויף דער שיף און שפּעטער האָט מען פון אויבן דורך אַ מעגאַפאָן אויסגערופן יאַנקלס נאָמען און געבעטן אים ער זאָל אַרויפקומען.

גאָלדע האָט געכליפּעט אין זיינע אָרעמס ווי אַ קינד און ער האָט

אַראָפּגעקושט די טרערן פון איר פּנים און זי געזוכט צו בארואיקן און פלוצלינג האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויסגערופן: — אוי, איך האָב דאָך גאָר פאַרגעסן אַ קוק צו טאָן אויף מיין קדיש!

האָט זי אים דערלאַנגט דאָס קינד אויף די הענט, דאָס קינד האָט געשמייכלט צו אים און ער האָט עס אָנגעהויבן אַזוי ווילד קושן, אַז זי האָט עס געמוזט ביי אים צוריק אַרויסרייסן.

ערשט איצט האָט זי אים דערציילט די סיבה פאַרוואָס מען האָט זי פאַרהאַלטן; — אונדזער יונגאַטש וואָלט דאָך שוין געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווען איך וואָלט נישט באַדאַרפט אַ טייל פון זיין מילך אָוועקגעבן צו אַן אומגליקלעך ניי-געבוירן קינד!...

יאַנקל וואָס האָט געהאַט אַן ערלעך-תמימותדיקן אויסזען פון אַ פּראָסטאַק, האָט זיך געווישט די אויגן און מיטגעוויינט מיט גאָלדען ווען זי האָט אים דערציילט וועגן דעם אומגליקלעכן געבורט פון דעם עופהלע, וואָס איז באַלד נאָכן געבוירן ווערן געבליבן אַ יתומהלע...

די קאָנטראָל-קאָמיסיע האָט געענדיקט איר אַרבעט און ערשט איצט איז צום טיש צוגעקומען דער קאַפּיטאַן קאָסוליטש, ער האָט זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, באַגריסט מיט אַ פריינטלעכן שמייכל און זיי איבערגעגעבן די נייעס וועגן דעם קינד.

— עס האָט אונדז אויף דער שיף געקאָסט אַ סך מי צו דערהאַלטן דאָס קינד ביים לעבן און אין אַכט נעמענדיק די אימיגראַציע-געזעצן פון אַרגענטינע, גלויב איך, אַז עס איז נישט מער ווי רעכט, אַז די אימיגראַציע-דירעקציע זאָל באַזאָרגן דאָס קינד מיט אַן אַם, ביז דער פאָטער וועט עס קענען נעמען צו זיך.

די קאָמיסיע איז אַראָפּ פון שיף און באַלד איז וועגן דעם פאַל מיטגעטיילט געוואָרן צום אימיגראַציע-דירעקטאָר און עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ שנעלע באַראַטונג ווי אַזוי צו לייזן אַזאַ מאָדנע פּראָבלעם מיט אַן ערשט געבוירן קינד וואָס קומט אָן דער מוטער, אַ זאַך וואָס טרעפט צום ערשטן מאָל און די רעגלאַמענטאַציע זעט גאָרנישט פאָר אַזאַ פאַל.

און ביז היינט איז עס געבליבן אַ סוד, ווער עס האָט וועגן דעם גאַנצן ענין מיטגעטיילט אין דער רעדאַקציע פון אַן אָוונט-צייטונג.

עס זיינען פלוצלינג אָנגעקומען רעפּאָרטערן מיט פאָטאָגראַפן, מען האָט אָנגעהויבן אַראָפּנעמען בילדער פון קינד, פון ברוכן און פון גאָלדען מיט איר קינד, צוזאַמען און באַזונדער און אַ רעפּאָרטער האָט געפאָדערט אַז גאָלדע זאָל געבן דעם יתומהלע צו זייגן און דער פאָטאָגראַף האָט אויף שנעל אַראָפּגעכאַפּט אַ בילד ווי זי שטופּט דעם קינד די ברוסט אין מיילעכל אַריין....

צוויי שעה שפעטער, איז אָנגעקומען אַן אַם וואָס די אימיגראַציע־דירעקציע האָט געבעטן ביים קינדער־שפיטאָל (האָספּיטאַל דע ניניאָס), דאָס עופּהלע האָט ווי דערפילט, אַז דאָס איז אַן אַנדער ברוסט, און עס האָט נישט אַזוי לייכט אָנגעכאַפּט די ברוסט צום זייגן, אָבער אַ האַלבע שעה שפּעטער, ווען עס איז געוואָרן מער הונגעריק, האָט עס אָנגענומען די ברוסט פון דער אַם און געזויגן מיט אַפּעטיט.

דעמאָלט האָט דער קאַפּיטאַן אַליין אויסגעדריקט גאָלדען אַ דאַנק און איר דערלאַנגט אַ באַנקנאָט פון פופציק פּעזעס אַלס מתנה און יאַנקל האָט זיך געפרייט, אָנעמענדיק דאָס פאַר אַ סימן מזל, וואָס באַלד ביים אַפּ־שטייגן פון שיף, האָט זי שוין פאַרדינט אַ גאַנצן פופציקער אויף וועלכן ער דאַרף האָרעווען צען טעג!...

זיי זיינען אַראָפּ פון שיף און עס זיינען בלויז געבליבן ברוך, די אַם מיטן קינד און פון אַ קיילעכדיקן פענצטער־לאָך פון אַ קליינער קאַיוטע, האָט אַרויסגעקוקט די פאַרוויינטע גיטעלע.



ב

## דער אימיגראַנטן-האָטעל אין בוענאָס איירעס

די סאַלאָנען פון דער אַרגענטינער רעגירונגס-אינסטיטוציע וואָס האָט זיך גערופן „אימיגראַנטן האָטעל", זיינען געווען ריזן-סאַלאָנען מיט אַ סך פענצטער דורך וועלכע די זון-שטראַלן האָבן אַריינגעקוקט און באַלויכטן די הילפלאָזע עלנטקייט פון די הונדערטער אימיגראַנטן וואָס האָבן זיך געפינען אין יעדער סאַלע.

אַ סך זיינען געווען די סאַלאָנען פון דער זעלבער גרויסער גרויס און האַלטן זיי געווען ליידיק אָדער מיט בלויז שטולן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס זיינען גרויסע טאַנץ-זאַלן, אָבער די סאַלאָנען זיינען געווען אָנגעפּאַקט מיט געדיכט-אויסגעשטעלטע רייען פון טאָפּלטע געלעגערלעך איינס איבערן צווייטן, כמעט אַזוי ווי אין די קעלער-קאַמערן פון דער שיף „אַטלאַנטאַ", נאָר מיט דעם גרויסן חילוק, וואָס דאָ איז געווען ליכטיק און ווען מען האָט געוואָלט, איז מען אַרויסגעגאַנגען אין דעם גרויסן גאָרטן, אין דעם ריזן-פּאַרק וואָס האָט זיך געשפּרייט ווייט אַרום דער האָטעל-געביידע.

אַ חוץ די געדיכט-אויסגעשטעלטע צוויי-שטאָקיקע געלעגערלעך, אויף וועלכע עס זיינען געלעגן אין אומאָרדענונג אָנגעוואָרפענע פּעק און צעפּאַקטע פּעקלעך, האָבן זיך אין יעדער סאַלע געפינען הונדערטער אימיגראַנטן, פון וועמענס פּנימער עס איז פון טאָג צו טאָג מער פאַרשוואונדן די זאָרגלאָזיקייט וואָס האָט פון זיי אַראָפּגעלויכטן ווען זיי האָבן זיך נאָך געפינען אויף דער שיף.

דאָס זיינען געווען די אָנהויב-טעג פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט און פון די נסיונות אָן וועלכער די פילע טויזנטער ערשט אָנגעקומענע פון פאַרשידענע לענדער האָבן זיך אָנגעשטויסן אין דעם ווייטן לאַנד וואָס דאַרף ווערן זייער נייע היים.

דער ערשטער איינדרוק ביים אַריינקומען אין אימיגראַנטן-האָטעל נאָכן אָפּשטייגן פון שיף, האָט זייער וואָרים אָקעגנגעשמייכלט; די רייען וואָס זיינען אָנגעקומען פון דער מעדיצינישער קאָנטראָל האָבן פון די די-

נער באַקומען די אָנווייזונגען וואו צו גיין און אַט זיינען זיי אַריינגעקומען אין אַ היפּשן ליכטיקן סאַלאָן אין וועלכן עס זיינען פוןביידע זייטן גע־שטאַנען גרויסע קוישן מיט פרישע שמעקעדיקע ווייסע ברויטלעך און פּאַרטיילער אין ווייסע כאַלאַטן האָבן יעדן פון די דורכגייענדיקע דער־לאַנגט אַ ברויט; פון דער סאַלע זיינען די אימיגראַנטן אַריינגעקומען אין אַ נאָך גרעסערער סאַלע אין וועלכער עס זיינען געשטאַנען אין גלייכע רייען אַ סך לאַנגע כמעט נייע פיין־געהובלטע ווייסע טישן מיט בענק און אויף די טישן טיפע בלעכענע טעלער.

באַדינער האָבן אָנגעוויזן און נישט פאַרשטייענדיק די שפּראַך, האָבן די אימיגראַנטן פונדעסטוועגן פאַרשטאַנען, אַז דאָס פאַרבעט מען זיי צום טיש און אַט זיצט מען שוין אויסגעזעצט אַרום די טישן און באַדינער פירן אויף אַ קליין ספּעציעל וועגעלע אַ גרויסן קעסל מיט געקעכץ פון וועלכן עס שלאָגט אַ הייסע פּאַרע און בעת איינער גיסט מיט אַ גרויסן לעפל די הייסע זופּ אין דעם בלעכענעם טעלער, דערלאַנגט דער צווייטער מיט אַ צוויי־פינגערדיקן גאָפּל אַ ריזן פּאָרציע פליישׁ.

אָך, ווי די האָפענונגען האָבן אַנטקעגנגעזונגען, באַקומענדיק אַזאַ אויסערגעוויינלעך גאַסטפריינטלעכע אויפנאַמע!

— גיב דעם הונגעריקן ברויט און שפּרייט עס אַפילו אויף די ימים, וועט עס דיר צוריקומען אין פילפאַכיקער מאָס... — אַזוי האָבן אַ סך אי־מיגראַנטן פאַראַפראַזירט דעם ביבלישן זאַץ, בעתן עסן דעם ערשטן מאָל־צייט מיט וועלכן די אַרגענטינער רעגירונג האָט זיי אויפגענומען.

ווען די שיף „אַטלאַנטאַ" האָט געבראַכט די נייע אַריבער טויזנט אי־מיגראַנטן, איז דער אימיגראַנטן־האָטעל געווען כמעט פול־געפּאַקט פון פריער אָנגעקומענע.

דאָס האָבן זיך די אימיגראַנטן ערשט דערוואוסט נאָכן ערשטן גאַסט־פריינטלעכן זאַטן מאָלצייט, ווען מען האָט זיי אַריינגעפירט אין אַזאַ ריזן־סאַלאָן, וועלכער איז אָבער געווען נישט גענוג גרויס און נישט געהאַט גע־נוג געלעגערלעך, פאַר אַלע און די וואָס האָבן נישט באַוויזן באַצייטנס צו דעראָבערן פאַר זיך אַ געלעגערל, האָבן זיך אַרומגעדרייט אומבאַהאָלפענע, געזוכט אין די דערנעבנדיקע סאַלאָנען, אָבער יענע זיינען שוין געווען אַזוי פול געפּאַקט, אַז אַפילו אין די ווינקלען אויף דער ערד איז מער נישט גע־ווען קיין פּלאַץ און נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט מען זיך געמוזט צו־פרידנשטעלן מיט די צוזאָגן, אַז יעדן טאָג פאַרלאָזן דאָ אַ סך אימיגראַנטן דעם האָטעל און אויב נישט היינט, וועט מען מאָרגן באַקומען אַ בעטל און אַזוי האָט מען זיך דערווייל אַוועקגעלייגט דאָס ביסל זאַכן וואָס מען האָט געהאַט מיט זיך אַ חוץ דעם גרויסן באַגאַזש, און געזוכט זיך איינצואָרד־

נעך דערוווייל אין אַ ווינקל אויף דער ערד, ווי מען האָט עס געזען אין די אַנדערע סאַלאָנען.

עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין קאָנפליקטן; די שטאַרקערע האָבן געפּרואווט אויסכאַפּן ביי די שוואַכערע די בעטלעך און די שוואַכערע האָבן געשריגן און געוויינט און זיך נישט געלאָזן און עס האָט געדויערט גענוג לאַנג, ביז די אימיגראַנטן-מאַסע פון דער שיף „אַטלאַנטאַ" האָט זיך באַרואיקט און זיך אונטערגעוואָרפן דעם גורל.

די גרויסע סאַלע האָט איצט באַקומען אַן ענלעכן אויסזען ווי דער אויבערדעק פון דער „אַטלאַנטאַ".

די זעלבע פּנימער, די זעלבע מענטשן, עס האָבן דאָ בלויז געפעלט די עטלעכע צענדלינג מענער און פרויען, וואָס זיינען דאָ אָפּגעוואָרט געוואָרן און די אייגענע האָבן זיי באַלד מיטגענומען צו זיך אַהיים אין שטאָט אַריין.

יאָשקע דער שטאַרקער וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ ווינקל אויף דער ערד, האָט זיך געלאָזט הערן:

— דאָ וואוין איך דערוווייל און ווי ווען זיין דעם, וואָס וועט מיר דאָ עפּעס אָנרירן פון מיינע בעבעכעס וואָס איך לייג דאָ אַוועק.

— מיר זיינען דען געקומען דאָ וואוינען און לעבן אויף קעסט פון מלכות? — האָט בערקע אויסגערופן; — מיר זיינען דאָך געקומען אַר־בעטן און לאָמיך נאָר דאָ אָנקוקן ווי די שטאָט זעט אויס, וועט איר מיך דאָ מער נישט זען!...

בערקע מיטן זון האָבן אַוועקגעלייגט זייערע מטלטלין נעבן יאָשקען און זיך געלאָזן גיין „זען ווי אַ וועלט זעט אויס". זיי זיינען אַרום אין דעם גרויסן גאָרטן פון אימיגראַנטן-האָטעל.

פעלצמאַן און פיינהאָלץ האָבן געהאַט מזל. זיי זיינען אַריינגעקומען פריער און זיי האָבן פאַר זיך באַלד פאַרכאַפּט צוויי געלעגערלעך איינס איבערן אַנדערן און פעלצמאַן האָט גאָר אָנגעקוואָלן זעענדיק ווי פיין פיינ־האָלץ שמועסט זיך דורך מיט אַ באַדינער אויף שפּאַניש און יענער ברענגט אים פון ערגעץ צוויי קאָלדרעס, זיי זאָלן האָבן ביינאַכט מיט וואָס זיך צוצודעקן...

יאָ, אויך קאָלדרעס האָט דער אַרגענטינער אימיגראַנטן-האָטעל פאַר־גרייט פאַר די אויסגעוואָרצלטע מענטשנקינדער וואָס זיינען געקומען דאָ כדי צו שאַפן זיך נייע נעסטן; אָבער דער אימיגראַנטן-שטראָם איז די לעצטע חדשים געוואָרן אַזוי גרויס, אַז עס האָבן נישט געסטייעט און נישט געקלעקט פאַר אַלעמען די צוגעגרייטע נויטווענדיקייטן פאַר די ערשטע טעג אין דער ווייטער פרעמד.

און דאָך, האָבן אָט אָ די אַלע אויפמערקזאַמקייטן וואָס האָבן אוים־

געדריקט ווארימע גאסטפריינטלעכקייט, דערמוטיקט די אלע אנגעקומענע און די אלע וואס האבן דא געגעסן דאס ערשטע אומזיסט-באקומענע פריי־שע ווייסע ברויטל און ביים ווייסן טיש, כאטש אין בלעכענע שיסלען, דעם ערשטן ארגענטינער זאטן מאלצייט, וועלן דאס קיינמאל נישט פארגעסן, כאטש א סך פון זיי האבן דערנאך נישט ווייניק געליטן פון נויט, הונגער, ארבעטסלאזיקייט און עלנט, עלנט, עלנט...

נאכן „איינארדנען" זיך אין דעם גרויסן סאלאן ווי איינער האט גע־קאנט, זיינען די גרויסע מערהייט פון די „אטלאנטא"-אימיגראנטן ארויס אויפן הויף, אין דעם גארטן פון האטעל, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט א בונטע פאנאראמע פון פארשידנארטיק געקליידעטע און פארשידנארטיק אויסזעענדיקע מענטשן פון פארשידענע לענדער פון אייראפע, אזיע און אפריקע.

דא האבן זיך ארומגעדרייט, געזעסן אויף די גארטן-בענק און אויפן גראז טויזנטער אימיגראנטן, וואס א סך פון זיי געפינען זיך שוין דא צו דריי און פיר וואכן, כאטש די אימיגראציע-רעגלאמענטן דערלויבן נאר צו בלייבן אין האטעל ביז פערצן טעג.

דא האבן זיך געפינען מערסטנס יונגע און כמעט אלע, מיט קליינע אויסנאמען, יונגערע פון פערציק יעריקע מענער און פרויען און א נישט קליינע צאל קינדער.

די נאציאנאליטעטן פון די מענטשן האט מען געקאנט דערקענען אן זייערע קליידער, איבערהויפט די פרויען, וועלכע האבן אלע געטראגן די יום-טוב-קליידער פון זייערע אלטע היימען, און די קליידער האבן אראפ־געשריגן פון זיך דעם נאציאנאלן קען-צייכן פון זייערע היים-לענדער.

די בונט-שרייערישע קליידער האבן אבער ווייט נישט הארמאניזירט מיט די אנטמוטיקטע אויסדריקן אויף זייערע פנימער.

די מענער האבן זיך יעדן טאג ארויסגעלאזן, בעסער געזאגט, ווי ארויסגעשאטן פון דעםברייטן טויער און זיך אנגעהויבן ארומבלאנקען איבער די שמאלע געסלעך נאנט פון פארט, זיי האבן געזוכט, געשנאפט, שפאניאלן און איטאליענער וואס האבן זיך געקאנט מער-ווייניק פאר־שטענדיקן מיט ווערטער, האבן געפרעגט דא און דארט וועגן ארבעט, און אנדערע האבן געפרעגט דאס זעלבע אויף שטום-לשון און די איינגעזעז־סענע האבן פארשטאנען וואס מען פרעגט ביי זיי און מערסטנס האבן זיי מיט באדויערונג געשאקלט מיט די קעפ אויף „ניין", נישטא קיין ארבעט...

צווישן די טויזנטער אימיגראנטן וועלכע די „אטלאנטא"-אימיגראנטן האבן שוין געטראפן אין דעם גרויסן גארטן-הויף, האבן זיך געפינען גאנץ ווייניק יידן; שוין דער פאקט, וואס דא געפינען זיך אזוי ווינציק יידן, האט

די ניי־אָנגעקומענע איבערציייגט, אַז דאָ געפינט זיך זיכער אַ געוויסע קער־פערשאַפט וואָס שענקט אויפמערקזאַמקייט דעם יידישן אימיגראַנט און אַ סך האָבן טאַקע אַרויסגענומען פון די קעשענעס די וויזיט־קאַרטלעך וואָס אַברהם פרידמאַן, דער פאָרשטייער פון יידישן אימיגראַנטן־שוץ־פאַריין און פון צענטראַל־קאָמיטעט פאַר די מלחמה־געליטענע יידן אין אייראָפּע, האָט פאַרטיילט צווישן די אָפּשטייגנדיקע פון שיף אימיגראַנטן אויף רעכטס און לינקס.

פיינהאָלץ האָט אויך געהאַט אַזאַ וויזיט־קאַרטע, אָבער ביי זיינע ניינצן יאָר און אינטעליגענט ווי ער איז געווען, האָט ער געהאַט די אַמ־ביציע נישט אָנצוקומען צו קיין שום הילפס־אָרגאַניזאַציעס, ער איז גרייט צו ליידן און קעמפן ביז ער וועט זיך אַליין אויסטרעטן אַ וועג אין דעם גאַסטפריינטלעכן לאַנד.

פעלצמאַן האָט אים אָבער זייער שטאַרק געבעטן, אַז דאָס גייט נישט וועגן אים, ער וויל גיין אינטערוועניר̈ן וועגן גיטעלען וואָס איז געבליבן אויף דער שיף און ער וויל אויך עפּעס וויסן וועגן ברוכן מיטן קינד, מען טאָר דאָך זיי אין אַזאַ ווייטער פרעמד נישט איבערלאָזן אויף הפקר!...

אין גאָרטן־הויף איז שוין געוואָרן שיטערלעך, מען האָט שוין געזען בלויז פרויען און קינדער, ווייל די מענער זיינען געהאַט אַרוים אין שטאָט אַריין, אַ קוק טאָן, אַ שנאַפּ טאָן, אפשר וועלן זיי היינט האָבן מער מזל...

פיינהאָלץ, וועלכער האָט שוין אַלצאיינס געוואָלט גיין אָנקוקן די שטאָט, ער האָט נאָך ביי זיך געהאַט עטלעכע דאָלאַרן, אפשר וועט ער קענען באַקומען אַ ביליקע דירה כדי צו קענען ווערן זעלבסטשטענדיק, האָט ער נאָכגעגעבן פעלצמאַנען, אַז ער וועט גיין מיט אים אויפזוכן די אינסטיטוציע פון וועלכער „דער ייד אין די ברילן" האָט אים געגעבן די אַדרעס.

אין „צענטראַל־קאָמיטעט" (וואָס האָט זיך דעמאָלט געפינען אויף אַמבו נ' 533 — היינט הייסט די גאַס „פּאַסטעור"), איז געזעסן אַ באַאַמ־טער און ער האָט זיי דערקלערט, אַז פון דער „קאָמיסיאָן" איז איצט קיי־נער נישטאָ, די קאָמיסיאָנס־מיטגלידער קאָן מען טרעפן אינדערפרי און פאַרנאַכט נאָך זיבן אַזייגער און אַלץ וואָס ער קאָן איצט פאַר זיי טאָן, איז בלויז רעגיסטרירן זייערע נעמען און באַשעפטיקונגען, אויפנעמען די דאַטעס און זאָלן זיי קומען מאָרגן, און אַבי זיי זיינען פאַכלייט, קאָן זיין, אַז מען וועט פאַר זיי געפינען אַרבעט.

פעלצמאַן האָט זיך רעגיסטרירט, געוויזן זיין דאָקומענט אַלס דענ־טיסט, דער באַאַמטער האָט אים געגעבן גוטע האָפענונגען, אַז אַבי ער

וועט וועלן אַרויספֿאָרן אויסער דער שטאָט, וועט ער אוודאי שנעל באַקו־מען אַ פּלאַץ פֿאַר אַרבעט.

פֿיינהאָלץ האָט זיך נישט געוואָלט רעגיסטרירן. ער וועט זען, ער האָט צייט, ער מוז זיך קודם אומקוקן צי ער קאָן נישט עפּעס אויפֿטאָן מיט אייגענער איניציאַטיווע.

זיי האָבן זיך נאָך לאַנג אַרומגעדרייט איבער די גאַסן קאָריענטעס, כונין און לאַוואַזשע, פֿיינהאָלץ האָט זיך געמיט צו לייענען די שילדן און די פּלאַקאַטן וואָס זיינען געווען אויסגעקלעפּט און יעדעס נייע שפּאַנישע וואָרט איז פֿון זיינע בליקן אויפֿגעכאַפּט געוואָרן און עס איז געבליבן פֿאַר־פּיקסירט אין זיין מוח.

בעת דעם ערשטן שפּאַציר איבער די יידישע גאַסן, האָבן זיי זיך דער־וואוסט אַ סך זאַכן און דאָס וויכטיקסטע וואָס האָט פֿיינהאָלצן אַמשטאַרק־סטן אינטערעסירט, איז געווען, אַז מען קאָן לייכט באַקומען אַ מעבלירט צימערל און נישט טייער און אַז אַבי מען האָט גענוג געלט, קאָן מען באַ־קומען אַ צימער מיט פּענסיאָן.

פֿעלצמאַן האָט געוואָלט זיך פֿאַרהאַלטן ביז אָוונט, כדי צו קענען אינ־טערוועניר͏ן ביי עמיצן פֿון די פֿאָרשטייער פֿון קאָמיטעט וועגן גיטעלען און ברוכן, אָבער פֿיינהאָלץ האָט אים געוואָרנט ער זאָל עס נישט טאָן, ווייל מען מוז זיין צוריק אין אימיגראַנטן־האָטעל פֿאַר זעקס אַזייגער.

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען אין אימיגראַנטן־האָטעל, איז דער גאָר־טן־הויף שוין ווידער פֿול געווען מיט מענטשן און עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט, האָט מען געהערט אַ בריאַזגעדיקע קלאַפּעריי פֿון שטאַרצן, דאָס איז געווען דער סיגנאַל, אַז מען דאַרף גיין צו די טישן, עס קומט דאָס נאַכט־עסן.

אַזוי ווי צום מיטיק, האָט מען אויך איצט געמוזט זיך אויסשטעלן אין רייען, אָבער איצט איז די רייע געווען אַ סך אַ סך לענגער ווי ביי־טאָג, ווייל ביי־טאָג, ווען די „אַטלאַנטאַ“־אימיגראַנטן זיינען געגאַנגען צום מי־טיק, האָבן די פֿריער־געקומענע אימיגראַנטן שוין געהאַט אָפּגעגעסן און איצט, האָט מען די אימיגראַנטן־מאַסע געמוזט טיילן אויף דריי טייל און דאָס נאַכט־עסן איז סערווירט געוואָרן פּונקט אַזוי ווי ביי־טאָג, צוערשט אַ פֿריש ווייס ברויטל, דערנאָך דאָס געקעכץ און ווי נאָר איין טייל האָט אָפּגעגעסן, זיינען די מענטשן אַרויס פֿון דער צווייטער זייט, צו די שלאָף־סאַלאָנען און אַנדערע זיינען אַריינגעקומען און זיך געזעצט צו די טישן.

אין אַ ווינקל פֿון דעם לאַנגן קאָרעדאָר, נעבן דער גרויסער סאַלע וואו זייערע געלעגערלעך זיינען געשטאַנען, האָבן פֿעלצמאַן און פֿיינהאָלץ גע־טראָפֿן די צוויי עגונות: ברכה גאָלדבערג און חנה שטיינמאַן. די צוויי

באטריבטע פרויען האבן צו גארנישט געהאט קיין מזל. זיי האבן נישט באקומען קיין געלעגער און אט שטייען זיי דא נעבן זייערע פעקלעך וואס ליגן אין ווינקל און ברעכן די הענט, עס איז געווארן קאלט און זיי ווייסן נישט ווי אזוי זיי וועלן איבערקומען די נאכט.

פעלצמאן האט עס נישט געקאנט אדורכלאזן; — ער זאל ליגן אי אויף א בעטל און האבן נאך דערצו א קאלדרע און זיי, די עלנטע פרויען זאלן מוזן ליגן אויפן שטיינערנעם פאל אט אזוי א, ניין! ער האט צוגע־זאגט די פרויען צו ברענגען זיי א קאלדרע און גרוים איז געווען זיין פרייד, ווען ער האט אין דער סאלע געפונען זיין געלעגערל אין ארדענונג מיט זיין רענצל און קאלדרע פון אויבן, ער האט אראפגעכאפט די קאלדרע און זי ארויסגעטראגן אין קארעדאר צו די צוויי באטריבטע פרויען.

פיינהאלץ האט אים געשטראפט:

— מיט דיין איבערגעטריבענער רחמנותדיקייט וועסטו דא אין אמע־ריקע ווייט נישט קומען; דו זעסט, עס איז געווארן קאלט; מיר זיינען דא אנגעקומען אין דער צייט פון היגן ווינטער און כאטש ארגענטינע גע־הער צו די ווארימע לענדער, קאן מען דא כאפן א גאנץ פיינעם ציטער און דערצו ביינאכט...

פונדעסטוועגן, זעענדיק אז פעלצמאן לייגט זיך אוועק אויפן געלע־גערל און דעקט זיך איבער מיט דעם קורצן מאנטל, האט ער אים צוגע־ווארפן אויך זיין מאנטל און נאכדעם ווי ער האט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאלדרע, האט ער שטיל איינגעחזרט שפאנישע ווערטער, צונויפגע־בונדן זיי אין קורצע זאצן, ביז ער איז אנשלאפן געווארן.

פעלצמאן האט זיך לאנג געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער און ווי נאר ער האט געכאפט א דרימל, האט ער באלד דערזען גיטעלען, ווי זי זיצט אויף דער שיף א פארוויינטע און זי מאנט ביי אים אז ער זאל עפעס טאן פאר איר און ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף. אזוי האט ער זיך אפגעמוטשעט ביז שפעט נאך האלבער נאכט, געמוזט זיך צו־הערן צו דעם אייגנארטיקן ארקעסטער פון סאפען און שנארכן פון דער כמעט טויזנט קעפיקער שלאפנדיקער מאסע, ביז ער איז ענדלעך פעסט איינגעשלאפן און ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, כאטש עס איז נאך גע־ווען גענוג פרי, איז ער געווען גוט איינגעדעקט מיט דער קאלדרע פון זיין חבר, פיינהאלץ איז שוין געהאט אוועקגעגאנגען.

— :: —

# ג

## וואָס וועט זיין מיט דעם „זיבעלע״?

נאָך אין זעלבן טאָג ווען די „אַטלאַנטאַ״ איז אָנגעקומען אין פּאָרט פון בוענאָס-איירעס, איז די גאַנצע ערשטע זייט פון אַן אָוונט-צייטונג געווען פאַרנומען מיט גרויסע בילדער פון דעם „זיבעלע״, פון דעם אומגליקלעכן פאָטער, פון דער זייגערן מיט איר קינד און מיט דעם בילד ווי די זייגערן גאָלדע פערלבערג שטופּט איר ברוסט אין דעם קינדס מיילעכל, און די גאַנצע פינפטע זייט פון דער זעלבער צייטונג איז געווען געווידמעט פאַר דער געשעעניש אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ״.

צוערשט איז געקומען בלויז אַ כראָניק, ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען, ווי אַזוי די שוואַנגער-פרוי האָט פאַר איר אויפשטייגן אויף דער שיף פאַרהיימלעכט איר שוואַנגערשאַפט און ביי וואָס פאַר אַ שווערע באַדינגונגען פון אַ שרעקלעכן שטורעם-וועטער אויפן ים, האָט זי פּלוצים דערפילט ווייען און אַזוי ווייטער און ווייטער, פאַרשטייט זיך, אַז די געשיכטע מיט דעם שטום וואָס די שיף האָט באַקומען פון אַ פעלדז און אַז זי האָט זיך געפינען אין געפאַר אונטערצוגיין, וועגן דעם איז אין דער כראָניק קיין וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן.

אויסער דער הויפּט-כראָניק, איז די זייט פול געווען מיט נאָך בילדער, געווען אויך אַ צייכנונג וואָס האָט געשילדערט אַ צעשטורעמטן ים אויף וועלכן די גרויסע שיף „אַטלאַנטאַ״ ווערט געשליידערט ווי אַ קינדער-שפּילצייג פון איין כוואַליע אויף דער אַנדערער און אינעווייניק אין דער שיף, אין קאַבין פון דער מעדיצינישער קאָנסולטאָריע, ליגט אַ בילדשיינע פרוי אויף אַן אָפּעראַציע-טיש, אַ דאָקטאָר מיט געהילפן שטייען אַרום איר, און ענדלעך, אַ צייכנונג ווי דער דאָקטאָר דערלאַנגט דאָס געוויקלטע קינד אין וואַטן צו דער זייגערן, בעת די יונגע מוטער שטאַרבט אָפּ...

אַ חוץ דעם האָבן זיך געפינען קאָמענטאַרן און איינדרוקן און סענטימענטאַלע אויסגוסן וועגן דער דראַמאַטישער געשעעניש אויף דעם צעשטורעמטן ים און די לייענער פון דער דאָזיקער סענסאַציאָנעלער

אוונט-צייטונג, האָבן לאַנג פריער און לאַנג שפּעטער נישט געהאַט אַזאַ סענסאַציאָנעלן לייען-שטאָף ווי אין דעם אָוונט.

ווי געוויינלעך, האָט די צייטונג דערמאָנט אַז די אומגליקלעכע פרוי איז געווען אַ פּוילישע און דער מאַן איז אַ פּאָליאַק, נאָר די יידן וואָס האָבן שוין געלייענט די שפּאַנישע צייטונג, האָבן פון די נעמען — שרה און ברוך שטיינבערג, פאַרשטאַנען וועגן וואָס פאַר אַ פּאָליאַקן דאָ האַנדלט זיך און אין אַ סך יידישע היימען האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן דער אויסטערלישער געשעעניש.

דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון צענטראַל-קאָמיטעט און אימיגראַנטן-שוץ-פאַריין, מאַקס גלוקסמאַן, האָט אויפּצומאַרגנס אינדערפרי פאַרופן אַ דרינגענדע זיצונג פון דער גאַנצער קאָמיסיאָן און ער האָט אויך דורך טעלעגראַמעס איינגעלאַדן עטלעכע וואוילטעטיקע דאַמען, כדי צו באַהאַנדלען דעם אויסנאַמלעכן פאַל און ווי אַזוי מען וואָלט דאָ געקאָנט אונטערקומען מיט הילף.

די זיצונג איז געווען אַ הייסע; אַלע האָבן זיך געהיצט, אַלע האָבן געשריגן אַז דאָ מוז מען עפּעס טאָן, דאָס איז אַ געשעעניש וואָס דאָס גאַנצע לאַנד קלינגט דערמיט, אָבער  וו אָ ס  מען זאָל טאָן, ווי  אַ ז ו י  מען זאָל דאָ העלפן און ווי אַזוי מען  ק אָ ן  דאָ העלפן, דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט אָנווייזן.

די הויפּט-שוועריקייט איז דאָ געווען דאָס קינד.

קיין יידישער קינדערהיים איז נאָך דעמאָלט נישט געווען און אין בית-יתומות האָט מען נאָר געקאָנט אינטערנירן יתומות וואָס זיינען כאָטש עטלעכע יאָר אַלט און זיי קענען שוין אַרומגיין, טאָ וואָס פאַרט קאָן מען דאָ טאָן פאַר דעם קינד?

וואָלט דער פאָטער געווען אַ גוטער פאַכמאַן, וואָלט ער אפשר געקאָנט פאַרדינען כדי צו קענען כאָטש מיט אַ טייל לייסטן, אַז דאָס קינד זאָל קענען איינגעדונגען ווערן ביי אַ יידישע פאַמיליע; אָבער דאָ האָט מען שוין געוואוסט, אַז ברוך איז נישט קיין פאַכמאַן און ער וועט זיך דאָ דאַרפן געגנוג מוטשען צו קענען אויסהאַלטן זיך אַליין און בכלל איז עס זייער פּראָבלעמאַטיש, צי אַ יידישע פאַמיליע וועט וועלן אַריינעמען אַזאַ עופהלע פון פופצן טעג. דאָ מוז מען דאָך שוין געפינען אַ פּאַרפּאָלק וואָס די פרוי זייגט אַ קינד און צום אומגליק איז די פרוי וואָס האָט דעם קינד געגעבן צו זייגן אויף דער שיף, אַוועק מיטן מאַן און מען ווייסט נישט וואו זיי וואוינען, צי אין שטאָט אָדער גאָר ערגעץ אויף דער פּראָווינץ...

לאַנג האָט מען זיך אַזוי געהיצט און דיסקוטירט, די זייער געערטע

דאַמען האָבן ליידנפול געזיפצט, אָבער צו קיין באַשלוס האָבן זיי נישט געקאָנט קומען.

ענדלעך, אַרום האַלבן טאָג, ווען די מאָגנס האָבן אָנגעהויבן דערמאָנען אַז מען דאַרף גיין עסן, האָט מען אויף שנעל אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז קודם זאָל מען זען דעם פאָטער פון קינד צו באַזאָרגן מיט עפּעס אַן אַרבעט, מען זאָל אים אַרויסנעמען פון אימיגראַנטן-האָטעל און דאָס קינד זאָל דערווייל בלייבן אונטערן שוץ פון דער אימיגראַציע-דירעקציע, וואָס האָט שוין פאַר דעם קינד געבראַכט אַן אָם פון שטאָטישן קינדער-שפּיטאָל.

ביי דעם דעמאָלטיקן מצב פון דער בוענאָס-איירעסער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, איז באמת געווען זייער שווער, כמעט אומעגלעך, צו געפינען אַן אַנדערע לייזונג צו אַזאַ מאָדנע פּראָבלעם און מען האָט עס געמוזט לאָזן, ביז עס וועט זיך אפשר עמיץ אָפּרופן, ביז עמיץ וועט אפשר ברענגען אַ קאָנקרעטן פּלאַן וואָס זאָל זיין דורכפירבאַר לויט די באַדינגונגען און לטובת דעם קינד.

געווען אויך מיינונגען, אַז עס איז אַ צו גרויסע אחריות אַרויסצונעמען אַזאַ ברעקל קינד, וואָס קאָן אונטער שטאָטישער אויפזיכט אין קינדער-שפּיטאָל, האָבן אַ פּיל בעסערע פלעגע ווי ביי פּריוואַטע אָרימע מענטשן...

אָבער אויף דעם געדאַנק וועגן קינדער-שפּיטאָל, איז מען שוין פריער געקומען אין דער אימיגראַציע-דירעקציע. אויך דאָרט איז דאָס קינד געווען אַ שווערער פּראָבלעם, נישט אַזוי וועגן די הוצאות פאַר אויסהאַלטן אַן אָם, ווי צוליב דער גרויסער אחריות פון דערהאַלטן דאָס עופהלע ביים לעבן און אין דער זעלבער צייט ווען די קאָמיסיאָן פון צענטראַל-קאָמיטעט איז דאָ געזעסן און זיך געהיצט און געזוכט עצות וואָס מען קאָן דאָ העלפן, איז אין אימיגראַנטן-האָטעל אָנגעקומען אַן אַמבולאַנס פון קינדער-שפּיטאָל, פון אַמבולאַנס איז אַרויסגעקומען אַ יונגער דאָקטאָר און אַ ווײלע שפּעטער האָט זיך אין אימיגראַנטן-האָטעל אָפּגעשפּילט אַ שטאַרק-דראַמאַטישע סצענע, ווען מען האָט ברוכן מיט דער איבערזעצונג פון אַ יידישן באַאַמטן אַן אָפיציר מיטן נאָמען דאַוויד האַלעווי (הלוי) דערקלערט, אַז צוליב דער זיכערקייט פון קינד, מוז מען עס איבערשיקן אין קינדער-שפּיטאָל און אויב ער וויל עס זען איידער דער דאָקטאָר מיט דער אָם נעמען עס מיט, קאָן ער עס זען.

ברוך איז שוין געהאַט געקומען צו זיך און ער האָט שוין געזען די זאַכן גענוג קלאָר און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין בראָך איז אַזוי גרויס, אַז קיין שום אומגליק קאָן זיך צו דעם נישט פאַרגלייכן און ער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז ע ר קאָן זיך מיט אַזאַ ברעקל קינד נישט האַלטן און

אויב די גוטע באַאַמטע פון דער אימיגראַציע ווייזן אַרויס אַזויפיל פריינט־לעכקייט און מיטגעפיל צו אים ווי צום קינד, מעג ער עס זיכער זיי אַנ־טרויען, ווייל זיי טוען אַוודאי אַזוי, ווי פאַר דעם קינד וועט זיין בעסער.

און כאָטש דאָס קינד איז נאָך געווען אַזאַ ברעקל, געוויקלט אין וואַטן און ער האָט עס ביז היינט כמעט נישט געזען און עס האָט נאָך נישט באַ־וויזן אָנצואווארעמען אין אים זיין פאָטער־געפיל, האָט ער אָבער אין דעם קינד געזען דעם הייליקסטן אָנדענק נאָך זיין הארצנס־געליבטער שרהלע און ווען מען האָט אים געוויזן דאָס קינד, האָט ער זיך ביטער פונאַנדער־געוויינט. —

דער דאָקטאָר, די אַם און די עטלעכע באַאַמטע האָבן אָפּגעוואַרט ביז ער איז געקומען צו זיך, דער אַפיציר הלוי, אַ האַרציק יידישער מענטש, האָט אים געטרייסט און ווען די גרופּע איז שוין גרייט געווען אַוועקצו־גיין מיט דעם קינד האָט זיך ברוך אָן עפּעס דערמאנט און ער האָט גע־בעטן דורך דעם יידישן אָפיציאל, אַז מען זאָל נאָך וואַרטן אַ מינוט.

ער האָט אַרויסגענומען דאָס מעדאַליאָנדל מיט דעם קייטעלע, איז צוגעגאַנגען צו דער אַם וואָס האָט געהאַלטן דאָס קינד אויף די הענט, די טרערן האָבן זיך אים געגאָסן פון די אויגן בעת ער האָט פאַרזיכטיק, מיט דער מיטהילף פון דער אַם, אָנגעהאַנגען אויף דעם עופּהלעם העלדזל דאָס קייטעלע מיט דעם מעדאַליאָן אויף וועלכן עס איז געווען אויסגע־קריצט מיט יידישע אותיות: „פאַר דיר, שרהלע, אין דעם גליקלעכסטן טאָג פון מיין לעבן"...

איינער פון די באַאַמטע האָט זיך געווישט די טרערן, בעת די אַם מיטן קינד און דער דאָקטאָר זיינען אַריין אין אַמבולאַנס וועלכער האָט זיך אין שנעלן לויף אַרויסגעלאָזן דורכן ברייטן טויער פון אימיגראַנטן־האָטעל און אַוועק איבער די גאַסן וואָס האָבן געפירט צום שטאָטישן קינ־דער־שפּיטאָל.

דוד פעלצמאַן האָט נישט געוואוסט וואָס דאָ אין אימיגראַציע־האָטעל איז דערוויל פאָרגעקומען. ער האָט זיך אין ד ע ר צייט געפינען אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט אויף דער גאַס אַמבו, ער איז געקומען אַזוי ווי דער באַאַמטער האָט אים געזאָגט, אָבער ער האָט פונקט אָנגעטראָפן אויף דער זיצונג פון דער אָנפירערשאַפט פון קאָמיטעט און קיינער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו אים און ווען די זיצונג האָט זיך ענדלעך גע־ענדיקט, האָט אַוודאי קיינער נישט געהאַט קיין צייט אים אויסצוהערן, מען האָט זיך געאיילט צום מיטיק און ווידער האָט אים דער באַאַמטער געהייסן קומען אין אָוונט אָדער מאָרגן אינדערפרי.

ווען ער איז צוריקגעקומען אין אימיגראַנטן־האָטעל, האָט ער גע־

וואָלט אַרויף אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" אַ קוק טאָן צו ברוכן און עפּעס אָנפרעגן וועגן גיטעלען, אָבער, ער האָט מער נישט געזען די שיף, די „אַטלאַנטאַ" איז אַרויסגעפאָרן פון פּאָרט זיך סטאַציאָנירן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, כדי פרייצומאַכן דעם אַריינפאָר-פּלאַץ פאַר אַן אַנדערע שיף וואָס האָט באַדאַרפט אָנקומען.

אַ ווײַלע איז ער געבליבן שטיין צעטומלט, אָבער ער האָט זיך באַלד געכאַפּט דערויף, אַז מיט דעם שטיין אַזוי ווי אַ גולם, וועט ער גאָרנישט אויפטאָן, ער מוז דאָך וויסן וואָס מיט גיטעלען איז געשען און ער מוז דאָך זען ברוכן!

האָט ער אָפּגעשטעלט עטלעכע באַאַמטע, געוואָלט זיי עפּעס פרעגן, אָבער זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען מער, ווי די ווערטער „שיף אַטלאַנטאַ" און זיי האָבן אים געוויזן מיט צייכנס, אַז זי איז אַוועק אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

האָט ער זיך אַ פאַרביטערטער אַרומגעדרייט אויף דעם גרויסן גאָרטן-הויף, עס איז געווען מיטיק-צייט און שוין די צווייטע טורנע איז געזעסן ביי די לאַנגע ווייסע טישן, אָבער דודן איז איצט נישט געלעגן אינזינען דאָס עסן, ער האָט געקוקט אין אַלע זייטן געזוכט עפּעס אַ יידיש פּנים צווישן די פאַרביי-איילנדיקע באַאַמטע און ווען ער האָט זיך פון ביטערניש געגומען בייסן די נעגל, איז פּלוצלינג אָנגעקומען פיינהאַלץ.

נאָך איידער פעלצמאַן האָט באַוויזן אים עפּעס צו זאָגן, האָט פיינהאָלץ מיט פרייד אים מיטגעטיילט, אַז ער האָט שוין געדונגען אַ צימער מיט צוויי בעטן, ער איז געקומען נאָך זיין ביסל זאַכן און ער לאַדט איין פעלצמאַנען, ער זאָל מיט אים מיטגיין, וועלן זיי וואוינען צוזאַמען.

פעלצמאַן האָט געפּרוּווט אָפּווענדן דעם געדאַנק פון גיין אין שטאָט אַריין איידער ער וויסט עפּעס וועגן גיטעלען און ברוכן מיטן קינד, ער האָט דערציילט פיינהאָלצן אַז די שיף שטייט נישט מער דאָ און ער וועט אים מוזן העלפן, ער קען שוין אַביסל די שפּראַך און אויב ער וויל אים טאַקע מיטנעמען אין זיין דירה, מוז ער אים דאָ צוערשט אַרויסהעלפן.

אָבער פיינהאָלץ, ווי יונג ער איז געווען, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ פיל שטאַרקערן כאַראַקטער ווי פעלצמאַן; בעת פעלצמאַן האָט געהאַט אַ שנעלע אָריענטאַציע ביים דיסקוטירן וועגן אַבסטראַקטע ענינים, האָט אָבער פיינהאָלץ געהאַט אַ נאָך שנעלערע אָריענטאַציע, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן רעאַלע געשעענישן פון מאָמענט.

פיינהאָלץ האָט פעלצמאַנען אויפגעוויזן, אַז ביים בעסטן ווילן, קאָנען זיי דאָ דערווייל גאָרנישט אויפטאָן און דאָ איז דאָך איצט מיטיק-צייט, מען קאָן אַפילו נישט ריידן מיט קיין באַאַמטן און ער האָט אויסגעפירט,

אַז קודם זאָל מען נאָך אַריינגיין אַפּעסן דאָ דאָס לעצטע מיטיק און דער־נאָך וועט מען זען.

שטעלנדיק זיך אין ריי אַריינצוקומען אין דעם גרויסן שפּייזן־סאַלאָן, אָדער ווי ער האָט זיך דאָ גערופן — „קאָמעדאָר", האָט זיך די סיטואַציע טיילוויז געענדערט.

שטייענדיק אַזוי אין ריי, האָט פיינהאָלץ דערזען ברוכן, וועלכער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף דער צווייטער זייט פון דעם גרויסן גאָרטן־הויף.

— חבר שטיינבערג!...

עטלעכע מאָל האָט פיינהאָלץ אויסגערופן שטיינבערגס נאָמען, ברוך האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, פעלצמאַן איז געווען איבעראַשט און ווען ברוך האָט ענדלעך דערזען ווער עס רופט אים און ער האָט זיך אָנ־געהויבן דערנענטערן, איז פעלצמאַן אַרויס פון ריי און געלאָפן אים אַנט־קעגן.

זיי זיינען שוין אַלע דריי צוזאַמען אַריין צום מיטיק, באַקומען די ברויטן, אַזוי ווי נעכטן, געזעצט זיך צום טיש, פיינהאָלץ, וועלכער האָט זיך שוין אויף דער „אַטלאַנטאַ" געהאַט אַביסל צוגעוואוינט צו דעם האַר־טערן לעבן, האָט פונדעסטוועגן נאָך נישט פאַרגעסן דאָס בעסערע און באַקוועמערע לעבן וואָס ער האָט געהאַט אין וואַרשע, אין דער באַלעבאַ־טיש איינגעאָרדנטער היים פון זיין פאָטער דעם אַפּטייקער און ער האָט זיך איצט געוויצלט וועגן די בלעכענע טעלער, געקלאַפּט אויף זיין טעלער מיטן לעפל און געזאָגט אַז עס קלינגט ווי דער פיינסטער פאָרצעלאַן...

אויך ברוך איז איצט געווען ווי אַ נייער מענטש. ער האָט זיך אָנגע־הויבן פילן ווי אויסגעלייזט און כאָטש עס האָבן נאָך אויף זיין פּנים גע־שוועבט די קאָשמאַרע שאָטנס וואָס די שווידערלעכע איבערלעבונג האָט אָנגעיאָגט דערויף, איז ער אָבער אינערלעך שוין געווען אויף אַזויפיל רו־איק, אַז ער האָט שוין אַפילו געקאָנט אַ שמייכל טאָן.

פיינהאָלץ האָט באַגריסט דעם פאַקט וואָס דאָס קינד געפינט זיך איצט אין גוטע הענט און אונטער גוטער מעדיציניש‍ער אויפזיכט און וואָס ווייטער וועט זיין, איז דאָך דאָ גענוג צייט צו טראַכטן און אויך פעלצמאַן האָט געמוזט צוגעבן, אַז אַזוי איז בעסער ווייל קודם וועט זיך איצט ברוך קענען פריי באַוועגן און אַבי מען וועט דאָ באַקאַנט ווערן מיט מענטשן און מיט די באַדינגונגען, וועט שוין אַלעס ווערן רעכט...

— עס וועט ווערן רעכט... — האָט ברוך איבערגעחזרט די ווערטער מיט טרויער; — אַלץ וועט שוין ווערן רעכט, אָבער שרהלע, מיין אומ־גליקלעכע פרוי וועט מער נישט זיין...

פיינהאָלץ האָט געזוכט אויסצולייטערן די שטימונג, ער האָט גע־

טענהט אַז דאָס לעבן רופט צום לעבן און מען דאַרף זיך גוט נעמען אין די הענט אַריין, מען געפינט זיך אין אַ ווייט לאַנד, וואָס ווי פריינטלעך עס נעמט אויף דעם אימיגראַנט, מוז אָבער דער אימיגראַנט באַווייזן אַז ער איז ווערט געווען אַזאַ גאַסטפריינטלעכקייט און ער האָט צוגעאײלט מיטן עסן, כדי מען זאָל קענען אָנהויבן צונויפברענגען דאָס ביסל זאַכן און די באַגאַזשן וואָס געפינען זיך נאָך אין מאַגאַזין, כדי צו פאָרן אין שטאָט אַריין, אין זיין וואוינונג, וואָס ער האָט געדונגען אויף דער „קאַזשעַ" עקוואַדאָר, און ער האָט גרויסמוטיק פאַרגעלייגט, אַז אויב ברוך וויל, קאָן ער מיט זיי מיטפאָרן.

— וואו עס איז דאָ פּלאַץ פאַר צוויי, וועט מוזן זיין פּלאַץ פאַר דריי...

ווען זיי זיינען אַרויס פון „קאָמעדאָר" אין גאָרטן אַריין, איז זיי אַנט־קעגן געקומען אַברהם פרידמאַן, באַגלייט פון נאָך צוויי מענטשן, לאַנדס־לייט פון די צוויי פרויען גאָלדבערג און חנה שטיינמאַן, וועלכע האָבן גע־בעטן פרידמאַנען, אַז ער זאָל מיט זיי גיין זען די צוויי פרויען און זען וואָס מען קאָן טאָן פאַר זיי.

מיט פאָלקסטימלעכער האַרציקייט ווי ער איז עס געווען געוואוינט, האָט זיך פרידמאַן צעשמועסט מיט די דריי יונגע אימיגראַנטן, געזאָגט זיי, אַז זיי זאָלן קומען אין קאָמיטעט, וועט מען אַוודאי זען עפּעס צו טאָן און פעלצמאַן האָט אים געענטפערט אַז ער איז היינט אינדערפרי געווען אין קאָמיטעט, נאָר קיינער פון די אָנפירער האָט נישט געהאַט קיין צייט פאַר אים, עס איז גראָד פאָרגעקומען אַ זיצונג...

— נו, היינט איז געווען עפּעס אַנדערש, — האָט פרידמאַן פאַרענט־פערט די קאָמיסיאָן פון צענטראַל־קאָמיטעט; — מיר האָבן באַהאַנדלט אַ שווערן ענין וועגן אַן אומגליקס־פאַל וואָס איז געשען אויף דער שיף „אַט־לאַנטאַ" און עס איז געבליבן אַ יונגער אלמן מיט אַן ערשט־געבוירן עופהלע...

ווען פרידמאַן האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט שוין דאָס קינד אַוועקגעפירט אין קינדער־שפּיטאָל און דאָ שטייט טאַקע נעבן אים דער פאָטער פון קינד, האָט ער זיך אויף שנעל אַנטשולדיקט סיי פאַר די אי־מיגראַנטן ווי פאַר די צוויי לאַנדסלייט וואָס זיינען געקומען מיט אים, גע־זאָגט אַז ער קומט באַלד צוריק, ער מוז נאָר אַוועקלויפן טעלעפאָנירן צום פּרעזידענט מאַקס גלוקסמאַן, אַז אויף דערווייל איז שוין געלייזט דער פּראָבלעם וועגן קינד...

פרידמאַן איז איילנדיק אַוועק און פיינהאַלץ האָט אָנגעהויבן צו טרייבן פעלצמאַנען, אַז מען דאַרף זיך פּאַקן און פאָרן אין שטאָט אַריין, און ווען פעלצמאַן האָט דווקא געוואָלט בלייבן ביז דער „ייד אין די

ברילן״ וועט צוריקומען, האָט פיינהאָלץ גענומען ביי אים און ביי ברוכן די נומערן פון באַגאַזש און דערוויל אַוועק צו דעם באַגאַזש־מאַגאַזין אַרויספאָדערן די זאַכן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און פרידמאַן איז צוריקגעקומען אַ פאַרשוויצטער, קענטיק אַז די נייעס וואָס ער האָט איבערגעגעבן טעלעפאָניש האָט געמאַכט אַ שטאַרקן עפעקט, און אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף ברוכס אַקסל, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער פאַרבעט אים קודם צו זיך אַהיים, וואו ער וועט דערוויל זיין זיין אַנגעלייגטער גאַסט.

פעלצמאַן האָט געפּרואווט פּראָטעסטירן: — מיר זיינען חברים, שיף־ברידער, מיין חבר איז שוין אַוועק אַרויסנעמען די באַגאַזשן, ער האָט שוין געדונגען אַ דירה פאַר אונדז דריי און מיר פאָרן באַלד אין שטאָט אריין... —

— איר פאַלגט בעסער אַן עלטערן! — האָט פרידמאַן גערעדט אויף זיין אופן; — איר זייט גרינע, איר ווייסט נאָך נישט וואו אויס און וואו איין און גלויבט מיר, אַז עס וועט זיין בעסער צו טאָן אַזוי ווי א י ך זאָג אייך...

פיינהאָלץ איז צוריקגעקומען פון מאַגאַזין. ער האָט געהאַט שוועריקייטן, מען האָט געפאָדערט, אַז די אייגנטימער פון די באַגאַזש־נומערן זאָלן אַליין קומען אַרויסנעמען די זאַכן און דאָ האָט זיך שוין פרידמאַן אַרויסגעשטעלט, ער איז מיט זיי געגאַנגען מען האָט זיי אַרויסגעגעבן די זאַכן און נאָך אָפּאַמפּערן זיך מיט פעלצמאַנען, האָט פרידמאַן אויסגעפירט; ברוך וועט גיין מיט אים, אַלס זיין גאַסט און ער האָט פעלצמאַנען געגעבן זיין וויזיט־קאַרטע מיטן פריוואַטן אַדרעס, פאַרבעטנדיק אים צו זיך אַז ער קאָן קומען צו יעדער צייט און זיין טיר וועט שטיין אָפן פאַר אים.

פאַר ברוכן האָט ער אויך פאַרצייכנט דעם אַדרעס אויף עקוואַדאָר וואו פיינהאָלץ האָט געדונגען די דירה, פרידמאַן האָט נאָך געוואַרט ביז די יונגעלייט האָבן צונויפגעבראַכט די קלייניקייטן וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך אין שלאָף־סאַלאָן, פעלצמאַן האָט פאַרזיכערט ברוכן, אַז מאָרגן וועלן זיי זיך זען און נאָכדעם ווי פעלצמאַן מיט פיינהאָלצן זיינען אַרויס פון דעם גרויסן האָטעל מיט זייערע זאַכן און געוואַרט אויף אַן אויטאָ וואָס זאָל זיי אָפּפירן אויף זייער אַדרעס, האָט אַברהם פרידמאַן אין באַגלייטונג פון די צוויי לאַנדסלייט און פון ברוכן, אָנגעהויבן זוכן וואו עס געפינען זיך די צוויי אימיגראַנטקעס, די עגונות וואָס לאַנדסלייט האָבן אַריבערגעבראַכט קעגן דעם ווילן פון זייערע מענער...

— :: —

ד

## אברהם און פערל פרידמאַן

די פרוי פון אברהם פרידמאַן האָט געהייסן פערל, אָבער זי איז נישט געווען בלויז פערל, נאָר אַ פרוי אַ דיאַמאַנט, אַ בריליאַנט.

ביי פרומע יידן אין די אַלטע היימען, האָט מען אַזאַ פרוי געקרוינט מיט דעם נאָמען „אשת חיל" און זי איז עס באמת געווען, כאָטש נישט דער מאַן און נישט זי זיינען געווען רעליגיעז, פאַרקערט, אברהם פרידמאַן וועלכער איז אַמאָל געווען אין אַ פאַריין פון אַנאַרכיסטן, האָט כסדר מאַניפעסטירט זיין פריידענקערישקייט, וויצלענדיק זיך דערביי מיט אַ שבועה, אַז הלוואי זאָל אים אַזוי גאָט העלפן מיט דעם גרויסן געווינס ווי ער איז אַ פריידענקער...

אברהם פרידמאַן מיט זיין ווייב האָבן געשטאַמט פון לאָדזש. ער איז נאָך געווען אַ לערן-יינגל ביי אַ קאָמאַשן-שטעפּער, ווען מען האָט אים אַריינאַגיטירט אַלס מיטגליד אין אַ ביבליאָטעק וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַנאַרכיסטן און איין יאָר שפּעטער, האָט שוין דער אַכצן-יעריקער פרידמאַן געקאָנט באַוושאָוועדס און עדלשטאַטס לידער פון אויסנווייניק און ער האָט זיי ביי יעדער געלעגנהייט רעציטירט און געזונגען.

אין ביבליאָטעק האָט ער זיך באַקענט מיט אַן אַרבעטער-מיידל, אַ נייטאָרן, און כאָטש זי איז געווען פּונקט אַזוי פריידענקעריש און רעוואָלוציאָנער געשטימט ווי אברעמל, האָט זי אָבער בשום אופן זיך נישט געלאָזן אַפילו פון אים אַ קוש געבן, ביז ער וועט נישט מיט איר שטיין אונטער דער חופּה.

אברעמל האָט פערעלען זייער שטאַרק ליב געהאַט און זי אים נישט ווייניקער און כאָטש זיי זיינען נאָך ביידע געווען גאַנץ יונג, האָבן זיי באַשלאָסן חתונה צו האָבן און די עלטערן האָבן נישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן און טאַקע שנעל דורכגעפירט די תנאים מיט דער חתונה צוזאַמען.

דערוויל האָט אָנגערוקט דאָס יאָר 1905, די רוסישע קאָנסטיטוציע וואָס איז באַגלייט געוואָרן פון הריגות, פּאָגראָמען, אַרעסטן און רדיפות קעגן יעדן פרייען געדאַנק און קעגן אַלע געהיימע און אָפענע אָרגאַניזאַ-

ציעס, פּונקט דעמאָלט האָט פּערעלע געבוירן אַ זונדל, די נויט איז געווען גרויס און די שרעק פאַר אַרעסט איז געווען נאָך גרעסער און אַזוי האָט עס זיך געצויגן אַ שטיקל צייט און אברהם מיט פּערעלען האָבן באַשלאָסן צו עמיגרירן, אָדער ווי זיי האָבן געזאָגט צו זייערע עלטערן: — צו אַנט־לויפן אַפילו וואו דער שוואַרצער פּעפער וואַקסט, אַבי נישט פילן די שרעק פאַר צאַרישער נאָהייקע.

אָרים, בלויז מיט זייער בינטל וועש און מיט האָפענונגען אין האַרצן, זיינען אברהם און פּערעלע מיט זייער ברעקל קינד אָנגעקומען קיין אַר־גענטינע. זייער פיל ליידן און פּיין האָבן זיי איבערגעליטן ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס און נאָך מער איז זיי אויסגעקומען צו ליידן אַ היפּשע צייט, ביז זיי האָבן זיך באַוויזן ווי נישט איז איינצואָרדנען.

אברהם האָט באַקומען אַרבעט ביי אַ היטל־מאַכער פאַר צוויי פּעזעס אַ טאָג און עס האָט גענוג לאַנג געדויערט ביז מען האָט אים דערלייגט נאָך אַ פּעזע אויפן טאָג און פּערעלע האָט נישט געקאָנט גיין אַרבעטן, ווייל זי האָט געמוזט היטן איר ברעקל קינד, יאַנקעלען, וואָס האָט נאָך צום אומגליק כסדר געקרענקט און אין אָט אָ די שווערע צייטן, האָט זיך אבֿ־רהמל געטרייסט, אַז נישט אַלעמאָל וועט זיין שלעכט, און אַבי עס וועט אים ווערן אַביסעלע בעסער, וועט ער אויף זיך נעמען אַלם די הייליקסטע אויפגאַבע פון זיין לעבן — העלפן די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן, אַנט־קעגנטראָגן זיי אַ פריינטלעכן שמייכל אין דער ווייטער פרעמד, אָנווייזן זיי אויף די ערשטע טריט וואָס זיי דאַרפן שטעלן און ווי ווייט מעגלעך, זיך באַמיען אַז זיי זאָלן זיך נישט דאַרפן פילן אַזוי עלנט און פאַרצווייפלט ווי ער מיט פּערעלען האָבן זיך געפילט.

און ער האָט זיך טאַקע באַמיט און נאָך פיל מער ווי זיינע מעגלעכ־קייטן האָבן אים דערלויבט, האָט ער די דאָזיקע הייליקע אויפגאַבע דער־פילט אין משך פון זיין גאַנצן לעבן, און פּערעלע האָט קיינמאָל, אַפילו ביי די שווערסטע באַדינגונגען נישט פּראָטעסטירט, נאָר אַלעמאָל זיך באַ־מיט, אַז די „גרינע״ אורחים וואָס דער מאַן האָט אַהיימגעבראַכט צום טיש, זאָלן נישט אַוועקגיין הונגעריק.

איצט, אין יוני 1923, איז שוין אברהם פרידמאַן געווען אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין בוענאָס־איירעס.

נישט מיט רייכקייט האָט ער באַקומען זיין אָנזען, נאָר מיט זיינע מעשים. בעת אַנדערע האָבן געאַרבעט און געשטרעבט זיך „אַרויפצואַר־בעטן״ און אַ סך פון זיינע באַקאַנטע זיינען טאַקע כסדר געוואָרן רייכער און רייכער, האָט ער זיך באַגנוגנט מיט דעם נויטיקסטן און ווען ער איז אַוועק אינמיטן טאָג „זיך קהלן״, האָט זיך פּערעלע אַוועקגעזעצט ביי דער

מאַשין און מיט איר אַרבעט געהאָלפן אַריינברענגען דאָס שטיקל ברויט אין שטוב אַריין.

אברהם פרידמאַן האָט שוין איצט געהאַט אַ סטאַזש אַלס אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז געווען איינער פון די הויפט-איניציאַטאָרן וועלכע האָבן געגרינדעט דעם פּויליש-יידישן פאַרבאַנד „אגודת אחים" אין בוענאָס-איירעס, דאָס איז געווען אין יאָר 1915 און כאָטש ער איז לויט זיינע „אָנשויאונגען" (ער האָט זיך נאָך דעמאָלט געהאַלטן פאַר אַן אַנאַרכיסט) געווען קעגן דעם, אַז דער פאַרבאַנד זאָל האָבן דעם ביי-נאָמען „אגודת אחים", האָט ער פונדעסטוועגן דערצו מסכים געווען, אייג-זעענדיק, אַז צוליב דער עקשנות פון עטלעכע טוער, קאָן דער גאַנצער ענין ווערן צו גאָרנישט.

ער איז אויך געווען איינער פון די וויכטיקסטע טוער פאַר דער שאַ-פונג פון דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון הילף פאַר די מלחמה-געליטענע יידן אין אייראָפּע, ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין זאַמל-קאַמפּיינען. געוועקט מיט זיינע פּאַטעטישע רעדעס די סענטימענטן און דעם פליכט-באַוואוסטזיין פון ישוב, לגבי די פאַראומגליקטע ברידער און שוועסטער אין די אַלטע היימען און ער איז צו יעדער צייט גרייט געווען צו פאַרבייגן די נויטווענדיקייטן פאַר זיינע פּערזענלעכע ענינים, ווען עס האָט זיך גע-האַנדלט וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן ענין פאַר וועלכן ער האָט געקאָנט עפּעס אויפטאָן.

איצט האָט ער שוין געהאַט אַ קלייטל מיט אַ קליינעם וואַרשטאַט פון היטל-מאַכעריי, אויף דער גאַס באַעדאָ ראָג פּאַוואָן און דאָרט, אין היג-טערגרונט פון קלייטל, האָט ער געהאַט זיין וואוינונג פון צוויי צימער מיט אַ קיכל און אַ הויפל.

פּערעלע האָט שוין געוואוסט פון דעם אומגליק אויף דער שיף „אַט-לאַנטאַ", זי האָט געוואוסט וועגן דעם ברעקל עופהלע וואָס איז באַלד ביים געבוירן ווערן געוואָרן אַ יתומה און זי האָט געוואוסט, אַז טאַקע צוליב דעם ברעקל קינד מוז היינט איר מאַן פאַרברענגען אַ גאַנצן פרימאָרגן ביי אַ זיצונג און איצט, ווען אברהם איז אַריינגעקומען מיט אַ גאַסט און ער האָט איר שטיל איינגערוימט אין אויער, אַז דאָס איז דער אַלמן, דער פאָ-טער פון דעם אומגליקלעכן קינד, איז פּערעלע שנעל אַריין אין שטוב, אין הינטערגרונט פון געשעפט, דאָרט זיך גוט אויסגעוויינט און עס האָט גע-דויערט גענוג לאַנג ביז זי האָט זיך ענדלעך באַוויזן אין קלייט מיט רויטע פאַרשוואָלענע אויגן.

פּערעלע האָט מורא געהאַט צו קוקן אין דער זייט וואו ברוך איז גע-שטאַנען, זי האָט געוואוסט, אַז אויב זי וועט אַ קוק טאָן אויף אים, וועט

זי זיך מוזן נאָכאַמאָל צעווייגען, האָט זי שטיל געגרייט אַ טיש אין אַ ווינקל פון קלייט, אַריינגעבראַכט טיי און פאַרבעטן די מענער צום טיש.

עס איז שוין געווען שפּעט פאַרנאַכט, פּונקט דעמאָלט זוען פרידמאַן האָט זיך שוין געהאַלטן אין געזעגענען מיט ברוכן און אים אָנגעזאָגט אַז ער זאָל דאָ בלייבן, ער וועט עסן וויעטשערע און דערנאָך וועט מען אים דאָ אין קלייט אויסבעטן אַ געלעגער, אויף וועלכן דער מלך סאָביעסקי איז אפילו נישט געשלאָפן... פּונקט דעמאָלט האָט זיך עמיץ געדרייט פאַר דער טיר פון קלייט, אַריינגעקוקט נישט דרייסט און ענדלעך אָנגעקלאַפּט.

— פּאַסע! — האָט פּערעלע פרידמאַן ווי איר געוואוינהייט איז גע־ווען אויסגערופן.

דאָס איז געווען פעלצמאַן.

— אָ, אַן אָנגעלייגטער גאַסט, געקומען נאָך שנעלער ווי איך האָב דערוואַרט! — האָט פרידמאַן אָפּנהאַרציק אויסגערופן און ער האָט פעלצ־מאַנען גוט־ברודעריש דערלאַנגט אַ וואַרימע האַנט.

אויך ברוך איז אויפגעשטאַנען, זיך באַגריסט מיט אים און פעלצמאַן האָט באַקומען מוט און גלייך צו צום ענין:

— הערט, הער פרידמאַן... איר האָט אונדז אַרויסגעוויזן וואַרימע פריינטשאַפט, איך האָב נישט געקאָנט וואַרטן ביז מאָרגן... אַ מיידל, גי־טעלע אָדער גוסטאַ האָבער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער שיף און עס גייט מיר אין לעבן, מען זאָל זי באַפרייען פון איר לאַגע...

— האָט איר שוין אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן פּזמון? איז קודם, רופט מיך נישט הער און נישט סעניאָר, נאָר אברהם פרידמאַן אָדער חבר פרידמאַן און צווייטנס, איז שוין איצט צו שפּעט עפּעס צו טאָן און דריטנס דאַרף איך איצט גיין אין קאָמיטעט צו אַ זיצונג און פירטנס, זאָג איך אייך צו, אַז וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיין צו טאָן און אַבי דאָס מיידל איז נישט אַרעסטירט, נאָר בלויז פאַרהאַלטן, וועט איר זי מאָרגן קענען זען.

און וועלנדיק פעלצמאַנען אַרויסנעמען פון זיין אומבאַהאָלפנקייט, האָט ער צוגעגעבן: — און אויב דאָס וואָס איך האָב אייך געזאָגט איז פאַר אייך ווייניק, קאָנט איר דאָ בלייבן שלאָפן אַלס משכן, וועט איר דאָ צוזאַמען מיט אייער שיף־ברודער עסן נאַכטעסן און מאָרגן אינדערפרי גייען מיר צוזאַמען אין אימיגראַנטן האָטעל און אַלעס וועט זיין גוט.

פעלצמאַן האָט אים געדאַנקט ממש מיט טרערן אין די אויגן. — איך וועל עס אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, נאָר בלייבן דאָ קאָן איך נישט, מיין שיפברודער וועט וואַרטן אויף מיר און ער וועט נישט וויסן וואָס מיט מיר איז געשען...

— אויב אַזוי, פאָר איך מיט אייך צוזאַמען. פּערעלע! קום נאָר אַריין!

פּערעלע איז אַריינגעקומען פון הויף און פרידמאַן האָט איר געוואָלט פאָרשטעלן דעם צווייטן גאַסט: — און אָט האָסטו אַ צווייטן גרינעם פון דער זעלבער שיף... ראַב... יאָ, ווי איז אייער נאָמען? יאָ, דוד פעלצמאַן, אַ דענטיסט? יאָ, אַ דענטיסט, גאָר געהאַט פאַרגעסן... אַ דענטיסט? —האָט פרידמאַן נאָכאַמאָל אויסגערופן, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאַנט, — זייט איר דאָך שוין פאַרזאָרגט מיט אַרבעט און איר קאָנט אפילו שוין מאָרגן אַרויספאָרן זיך איינאָרדנען!... אָבער, וועגן דעם וועלן מיר ריידן אויפן וועג...

פּערעלע האָט זיך אָפּגעווישט די הענט אָן פאַרטוך און זיך באַגריסט מיט פעלצמאַנען און ווייזנדיק מיט אַ וואונק צו ברוכן, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן: — אַ שיפסברודער? — און שוין האָבן זיך איר די אויגן אָנגעפילט מיט טרערן.

פאַרן אוועקגיין, האָט פעלצמאַן עפּעס שטיל אַ זאָג געטאָן צו פרידמאַנען און פרידמאַן האָט זיך ווי אָן עפּעס דערמאַנט, ער איז אַרוים אין הויפל און גערופן פּערעלען.

דאָרט האָט ער איר אָנגעזאָגט, אַז זי טאָר נישט וויינען און זי טאָר למען־השם נישט ריידן קיין סך מיט דעם אומגליקלעכן, ער איז געווען זייער פריטשמעליעט פון דעם אומגליק און יעדע דערמאנונג קאָן אים פאַרשאטן...

פּערל האָט זיך געווישט די אויגן און צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר זי וועט פאַרמאַכן די קלייט, וועט זי אים מאַכן די וויעטשערע און זי וועט זיך לייגן שלאָפן... — זע, קום דו נאָר וואָס שנעלער אַהיים קהל זיך איינמאָל אביסל וויניקער און פאַרגעס נישט אַז אַ מענטש וואָרט דאָ אויף דיר...

אין דער לעצטער מינוט, ווען ער האָט שוין געהאַלטן די האַנט אויף דער קליאַמקע פון טיר, האָט זיך פרידמאַן עפּעס באַרעכנט; צי האָט ער מורא געהאַט אַז פּערל וועט נישט אויסהאַלטן, די נייגעריקייט וועט זי שטויסן זי זאָל מאַכן אַ שמועס מיט ברוכן, פרעגן ביי אים ווי אַזוי עס איז געשען דער אומגליק און דאָס קאָן ביי דעם שווער־געטראָפענעם אויפ־רייסן אַ נאָך נישט פאַרהיילטע וואונד; אָדער האָט ער זיך דערמאַנט אַז דאָס קומען אין קאָמיטעט צוזאַמען מיט דעם פאָטער פון קינד, וועגן וועלכן מען האָט אינדערפרי אַזויפיל דיסקוטירט, וועט זיין אַ סענסאַציע, און אפשר זיינען ביידע זאַכן צוזאַמען געווען די סיבה וואָס ער האָט זיך אומ־געקערט צו ברוכן און אים געזאָגט, אַז עס וואָלט גוט געווען ווען ער פאָרט מיט מיט אים, וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט זיך שנעלער אָפּצופאַרטיקן מיט דער זיצונג און פריער אַהיימפאָרן.

און אַלע דריי זיינען אַרוים פון קלייט, פּערעלע האָט זיי לאַנג נאָכגע־

קוקט ביז זיי זיינען אַרויף אויף אַ טראַמוויי און ערשט דערנאָך איז זי אַריין אין קלייט און זי האָט זיך שוין געקאָנט אויסוויינען ווײַל איר האַרץ האָט געגלוסט...

איבערן גאַנצן וועג אויפֿן טראַמוויי, האָט פֿרידמאַן גערעדט דאָ צו ברוכן, דאָ צו פֿעלצמאַנען, ער האָט זיי געזאָגט אַז דאָ איז אַרגענטינע, דאָ איז פֿאַר יעדן גרינעם די ערשטע צייט אַ שווערע און אַז זיי איז יעדנ־פֿאַלס בעסער ווי אים איז געווען, ווײַל היינט איז שוין דאָ אַן אינסטיטו־ציע וואָס זאָרגט מער־ווייניק פֿאַר דעם פֿריש־אָנגעקומענעם יידישן אי־מיגראַנט און פֿאַר פֿעלצמאַנען, וועט גאַרנישט שווער זיין עפּעס צו טאָן, ווײַל אין די אַרגענטינער פּראָווינץ־שטעט נויטיקט מען זיך אין דענ־טיסטן און כאָטש ער האָט נישט קיין אַרגענטינער אַטעסטאַט, וועט מען אים פּראָוויזאָריש דערלויבן צו אַקטואירן און אויך ברוכן האָט ער גע־טרייסט און געמוטיקט, אַז די צייט און דאָס לעבן וועט פֿאַרהיילן אַלע וואונדן און ער וועט נאָך דאָ זיין גליקלעך און וועט מאַכן אַמעריקע...

בכלל איז פֿרידמאַן געווען אַ באַריידעוודיקער און ער האָט זיך אַלע־מאָל באַמיט צו הויבן די שטימונג ביים געפֿאַלענעם און ער האָט עס אַפֿילו אַ סך מאָל געמאַכט אַזוי, אַז עס האָט געווירקט פּונקט קאַפּויער און אויך איצט איז עס אַזוי געווען.

ברוך איז געוואָרן אומרואיק און ווען פֿעלצמאַן האָט געזען ווי ער רייבט זיך נערוועז דעם שטערן, האָט ער אַ ווינק געטאָן צו פֿרידמאַנען און יענער האָט באַלד אָנגעהויבן ריידן וועגן עפּעס אַנדערש און אַזוי זיי־נען זיי אָנגעקומען אויף לאַוואַזשע ראָג אַמבו, וואו זיי האָבן געהאַט בלויז עטלעכע טריט און זיי זיינען שוין געווען אין צענטראַל־קאָמיטעט.

אַריינקומענדיק אין צענטראַל־קאָמיטעט, האָט מען אים אויפגענומען מיט אַ בראַוואָ, איינער האָט פֿריילעך אויסגערופֿן, אַז מען קאָן אָנהויבן די „רעאוניאָן" ווײַל אונדזער „פֿאַלאַסיאָס" איז שוין געקומען...

אַזוי האָט מען אין דער בוענאָס־איירעסער געזעלשאַפֿט גערופֿן פֿריד־מאַנען אַביסל ווי אַ וויץ און פֿיל מער אַלס קאָמפּלימענט, ווײַל פֿרידמאַן, מיט זיין ברייטן קײַלעכדיקן פּנים, זיינע געדיכט־שוואַרצע אַרויפֿגעדריי־טע וואָנסעס אַ־לאַ־ווילהעלם, זיין דורכדרינגלעכער בליק, דעם ברייטן שוואַרצן הוט וואָס ער האָט געטראָגן און זיין געדיכטע מלענע אויפֿגע־קעמט אויף איין זייט, האָט ער געהאַט אַ הדרת־פּנים און אַ זייער שטאַרקע ענלעכקייט צום גרויסן טריבון און קאָנגרעס־דעפּוטאַט אַלפֿרעדאָ פּאַלאַ־סיאָס, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין זיין העכסטן רום צוליב זיין געזעץ קעגן ווייסן שקלאַפֿנהאַנדל וואָס איז נישט לאַנג צוריק געהאַט אָנגענומען געוואָרן און דער געזעץ טראָגט טאַקע זיין נאָמען: „לעי פּאַלאַסיאָס".

פרידמאַן האָט גוטמוטיק געשמייכלט ווען מען האָט אים גערופן פאַ־לאַסיאָס און ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ זכיה וואָס מען רופט אים אַזוי אפילו בלויז אין אַ וויץ...

פעלצמאַן און שטיינבערג זיינען געשטאַנען ווי פאַרלוירענע צווישן די פרעמדע מענטשן וועלכע האָבן אַפילו נישט אַ קוק געטאָן צו זייער זייט.



# ה

## דער צענטראַלער הילפס-קאָמיטעט

צו דער זיצונג אין צענטראַל-קאָמיטעט, וואָס האָט באַדאַרפט זיין די וועכנטלעכע זיצונג, זיינען נישט געקומען קיין פירטל פון דער צאָל וואָס איז געקומען מיט אַ טאָג פריער אויף דער ספּעציעלער פאַרופענער באַראַטונג.

די אַרויפגעאַרבעטע יידן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַזוי-גערופענער „קאָמיסיאָן", אָדער פאַרוואַלטונג ווי מען האָט עס גערופן אין די אַלטע היימען, האָבן געהאַט זייער בירגערלעך-הומאַניטאַרן צוגאַנג פון — נאַ דיר געלט, נאָר לאָז מיך לעבן...

אַ סך פון זיי האָבן אָנגענומען די אַמטן גלויבנדיק, אַז מיט זייערע נעמען שאַפן זיי אַ פּרעסטיזש פאַר דער אינסטיטוציע און גאַנץ אָפט האָט מען טאַקע פון אַזאַ איינעם גאָרנישט געהאַט מער ווי דעם בלויזן נאָמען זיינעם...

נעכטן זיינען זיי אַלע געקומען, ווייל עס איז געווען אַן אויסנאַמס-פאַל, עס איז דאָך עפּעס געווען אַ סענסאַציאָנעלער ענין וועגן וועלכן די שפּאַנישע אָוונט-צייטונג האָט אַזויפיל געשריבן און כאָטש זיי האָבן אפשר פאַרגעפילט אַז זיי וועלן אַזאַ מין פּראָבלעם מיט אַ פּיצל קינד נישט קענען לייזן, זיינען זיי פונדעסטוועגן געקומען ווי וויכטיקע מענטשן צו דער באַראַטונג, ווי וויכטיקע מענטשן אויף וועמען עס ליגט די גרויסע לאַסט פון געזעלשאַפטלעך-הומאַניטאַרער טעטיקייט.

היינט האָבן זיך באַוויזן אין די אָוונט-צייטונגען בלויז קליינע נאָטיצן און בלויז די איינע צייטונג וואָס איז נעכטן אַרויס מיט סענסאַציע, האָט זיך אויך היינט ברייט צעשריבן און נאָכאַמאָל געבראַכט בילדער פון קינד און פון גאָלדע פּערלבערג, די זייגערן, נאָר היינט איז געווען נאָך אַ בילד אַלס צוגאָב, דאָס בילד פון דער נייער אַם פון קינדער-שפּיטאָל וואו דאָס קינד געפינט זיך שוין איצט און די דאָקטוירים זאָגן, אַז דאָס קינד, ווי דעליקאַט און נישט אַנטוויקלט עס איז נאָך, גיט עס אָבער גוטע האָפענונגען, אַז עס וועט זיין געזונט.

אַלזאָ, די געשיכטע מיט דעם קינד האָט זיך שוין דערליידיקט פון זיך אַליין; די אימיגראַציע-דירעקציע האָט זיך געשטעלט אויף איר געהעריקער הויך און היינט וועט מען שוין ביי דער זיצונג אוודאי באַהאַנדלען געוויינלעכע ענינים, מען וועט ריידן וועגן דעם וואָס מען דאַרף אַלץ נישט טאָן און ווער האָט צייט דערויף? דאָס איז גוט פאַר די קהלשע שוויצערס, זיי וועלן זיך שוין אַליין אַן עצה געבן...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס איז נישטאָ קיין גענוגנדיקע צאָל מיטגלידער אויף צו קענען אָפּהאַלטן די זיצונג און די עטלעכע קאָמיסיאָנס-מיטגלידער זיינען פון דער סאַלע וואו עס קומען פאַר די זיצונגען אריין אין די אַנדערע צימערן, וואו עס זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ היפּש ביסל אימיגראַנטן פון וועלכע דער גרעסטער טייל זיינען געווען די ערשט-אָנגעקומענע מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ".

דאָ האָט מען געזען בערקען דעם פורמאַן מיט זיין זון הענעך, דאָ איז אויך געווען יאַשקע ריטער, דער שטאַרקער, וואָס האָט ביים עקוואַטאָר געוואונען די פּרעמיע און צווישן די פאַרשידענע באַקאַנטע פּנימער פון די „אַטלאַנטאַ"-אימיגראַנטן, האָט מען אויך געזען דעם נערוועזן זעליק מאַשקאָוויטש פון סלאָנים, וואָס האָט ביים אַראָפּגיין פון שיף געזאָגט צו פרידמאַנען אַז ער איז אַ שוחט.

אין די צוויי שטיבלעך און אויף דעם קליינעם הויפל האָבן די אימיגראַנטן געפילדערט, אַ סך פון זיי, וואָס זיינען געקומען מיט אַ צוויי וואָכן פריער, האָבן געהאַט טענות אַז דער גאַנצער קאָמיטעט איז אַ בלאָף, אַז ער העלפט בלויז קרעכצן, זיי קומען דאָ טאָג-איין און טאָג-אויס, זיי ווילן אַרבעטן, זיי האָבן געזונטע הענט און אַנשטאָט אַרבעט באַקומען זיי פאַרציעס מוסר-רייד און גוטע צוזאָגן...

ווען די אָנפירער פון קאָמיטעט זיינען אַריינגעקומען „צו דער מאַסע", האָט זיך דער געפילדער רעדוצירט צו אַ בלויזן געמורמל, וועלכער איז באַלד ווי פאַרשטומט געוואָרן, ווען עמיץ האָט אויסגערופן: — דער פּרעזידענט מאַקס גלוקסמאַן!...

מאַקס גלוקסמאַן איז אַריין „צווישן דער מאַסע" וועלכע האָט זיך אָפּגערוקט מיט דרך-ארץ און געמאַכט פּלאַץ פאַר אים, ער האָט געגעבן אַ צייכן אַז ער וויל עפּעס זאָגן.

— זאָל זיין שטיל! — האָט עמיץ אויסגערופן, כאָטש מען האָט פון קיינעם אפילו קיין פּיפּס נישט געהערט; — „סילענסיאָ!" — האָט דאָס זעלבע קול אויסגעשריגן דאָס זעלבע אויף שפּאַניש, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז אפשר פאַרשטייען די אימיגראַנטן נישט קיין יידיש...

ענדלעך האָט מאַקס גלוקסמאַן אָנגעהויבן:

— סעניאָרעס אינמיגראַנטעס! איך שפּרעך דאָ צו אייך ווי איין מיט־פילענדער ברודער; איך פילע מיט אויערע ליידען, ווייל מיט יארע צוריק וואר איך אַאוך איין אינמיגראַנט און האַבע אַאוך זער, זעעער פיל געלי־טען; איך האַבע קאָהלען געטראַגן אום אַאוף איין שטיקכען בראָט צו פערדינען, אַבער גאָטצוידאַנק, דאַס דאַאוערט ניכט לאַנגע, וואַן מאַן אַר־בייטען וויל, בעקאָמט מען אַרבייט און דאַס וויכטיקסטע איז געדולד; גע־דולד, סעניאָרעס אינמיגראַנטעס, איזט דאַס וויכטיקסטע אונד איך גאַ־ראַנטירע אייך, אַז מיט געדולד ווירד אַלעס גוט זיין אונד אַלעס ווירד זיך דאָ אין דער שענער אַרגענטינע איינאָרדנען קענען!... בוענאָס נאָטשעס!..

מיט אויפהויבן דעם הוט אין דער הויך האָט ער זיך געזעגנט מיט די אימיגראַנטן און מיט די קאָמיסיאָנס־מיטגלידער און זיך אַרויסגעשאַרט אין הויפּל, פון וועלכן ער איז שנעל אַרויס אין גאַס, אַריין אין זיין אויטאָ און אַוועקגעפאָרן.

פון די צוויי שטיבלעך האָבן זיך אַלע אַרויסגעלאָזן אויפן הויפל, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט נאָכיאָגן דעם פּרעזידענט און עס האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן דער געפּילדער און עס האָבן זיך דערהערט פּראָטעסט־רופן:

— וואָס האָט ער פאַר אונדז געהאַלטן אַ רעדע? וואָס זאָגט ער אונדז אַלעמאָל מוסר? וואָס רעדט ער צו אונדז דייטש? וואָס דערציילט ער אונדז אַ מעשה אַז ער האָט געטראָגן קוילן, לאָז ער אונדז אויך געבן קוילן צו טראָגן! מיר ווילן אַרבעטן! מיר ווילן נישט לעבן פון קצבה!...

די אַלע פאַרשידענע אויסרופן פון צענדליקער שטימען, האָט ענדלעך אברהם פרידמאַן באַוויזן איינצושטילן און ענדלעך אַליין אָנגעהויבן ריידן:

— געגנאָסן און פריינט! איך פיל אייערע הערצער און פאַרשטיי אייער אויפרעגונג, אָבער באַרעכנט, אַז מיט דעם אויפרעגן זיך קאָנט איר אייער לאַגע נישט פאַרבעסערן; איר מוזט וויסן, אַז דער סעניאָר גלוקסמאַן איז אַ מיליאָנער און ער נעמט אין צענטראַל־קאָמיטעט נישט קיין געהאַלט פאַר זיין פרעזידענט... וואָס זאָל ער טאָן, אַז ער שטאַמט פון דער בוקאָ־ווינע און ער קען נישט קיין יידיש נאָר דייטש?...

עס האָט זיך געהערט אַ געמורמל און באַלד האָט איינער אויסגע־שריגן: — אַ ליגן! אָט בין איך אויך פון בוקאָווינע, איך קום פון זשוטשקאַ, נעבן טשערנאָוויץ, נו, קען איך נישט קיין יידיש?

נאָך דעם אויסרוף פון בוקאָווינער אימיגראַנט זיינען געקומען אַנ־דערע אויסרופן, איינער האָט געשריגן: — ער שעמט זיך מיט יידיש! — אַ צווייטער: — ער זאָגט אונדז נאָר מוסר און טאָן טוט ער פאַר אונדז גאָרנישט!...

זעענדיק אַז ער וועט נישט זיין בכוח צו באַרואיקן די געמיטער פון די

אויפגעברויזטע אימיגראַנטן, האָט זיך פרידמאַן צוריקגעצויגן אין שטוב אַריין, וואו עס זיינען נאָך געווען עטלעכע קאָמיסיאָנס-מיטגלידער. ער האָט זיך פאַרענטפערט פאַר זיי: — צי בין איך דען גלוקסמאַנס אַדוואָקאַט איך זאָל אים כסדר פאַרטיידיקן? ער קאָן נישט ריידן קיין יידיש און ווייס נישט ווי אַזוי צו ריידן צו אַט אָ די עלנטע מענטשן, טאָ זאָל ער בעסער שווייגן...

איינער פון דער קאָמיסיאָן איז אַרויסגעגאַנגען צו די אימיגראַנטן, געפּרואווט זיין מזל, אפשר וועט זיך אים איינגעבן צו באַרואיקן זיי און אויך ער האָט גענומען האַלטן פאַר זיי אַ רעדע, ער האָט גערעדט און דער געפילדער מיט אויסרופן האָבן נישט אויפגעהערט און בערקע, וועלכער איז איצט צום ערשטן מאָל אַהערגעקומען אין קאָמיטעט און ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון הויף צוזאַמען מיט זיין זון און צוגעקוקט צו דעם וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער פּלוצלינג אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ, צעקנייטשט עס אין דער האַנט מיט אויפרעגונג און נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשפּיגן דערויף, האָט ער עס מיט כוח אַ טרומאַסק געטאָן אין דער ערד און אויסגערופן: — וואָס שטייען מיר דאָ, הענעך? דו זעסט דען נישט אַז פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט וואַקסן? קום, לאָמיר גיין!...

דאָס וואַרפן מיט דעם היטל אויף דער ערד, אַזוי ווי איינער זאָגט — מיטן קאָפּ אין דר׳ערד — איז פאַר הענעכן געווען דער בעסטער סימן אַז דער פאָטער איז אין כעס, האָט ער שנעל אויפגעהויבן דעם פאָטערס היטל, און איידער עס האָט נאָך באַוויזן אויפצופלאַקערן בערקעס גרימצאָרן „אַז עס זאָל ווערן ערד-טרעטעניש”, האָט אים דער זון אַרויסגעפירט אויף דער גאַס.

הענעך האָט גוט געקענט זיין פאָטער און ער האָט שוין נישט איינמאָל באַוויזן דעם פאָטער אָוועקצושלעפּן פון אַ מחלוקה צווישן טרעגער צוליב קאָנקורענץ, אָדער פון אַ שאַרפן איבערייד וואָס דער פאָטער האָט געהאַט מיט זיין מאַמען — איידער עס איז געוואָרן צו שפּעט, איידער עס האָט זיך אין אים צעשפּילט די יוכע...

אין האַרצן האָט אברהם פרידמאַן געפילט, אַז די עלנטע מענטשן האָבן געגוג סיבות צו ווערן אויפגעברויזט, זיי קומען טאָג-איין און טאָג-אויס און קוים פאַר איינעם האָט מען עפּעס אויפגעטאָן און צוואַנציק גייען אַוועק מיט גאָרנישט, נו יאָ, אָבער צי קאָן דאָ זייער אויפברויז עפּעס העלפן? אָט האָט ער אַליין היינט געליטן אַ מיאוסן דורכפאַל; ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך ברוכן, דעם פאָטער פון דעם אומגליקלעך-געבוירענעם יתומהלע וועגן וועלכן מען האָט זיך נעכטן דאָ אַזוי געקאָכט; ער האָט געמיינט, אַז דאָס וועט אַרויסרופן ביי דער גאַנצער קאָמיסיאָן די

גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און דערווייל, האָט מען בלויז אויף אים אַ זייטיקן קוק געטאָן און זעענדיק אַז דער פֿאָטער פֿון דער גאַנצער סענ־סאַציע האָט נישט קיין הערנער, אַז ער איז פּונקט אַזוי ווי אַלע אימי־גראַנטן, גרינע, האָט מען זיך מער אַפילו נישט אומגעקוקט אויף אים...

פֿרידמאַן האָט געפֿילט אַז דער פּרעסטיזש פֿון צענטראַל־קאָמיטעט און אימיגראַנטן־שוץ־פֿאַריין איז אין געפֿאַר. ער האָט דאָ געבראַכט די צוויי יונגע מענטשן, אינטעליגענטע מענטשן און וואָס פֿאַר אַ מיינונג קע־נען זיי זיך שאַפֿן וועגן דער אינסטיטוציע, נאָכדעם ווי זיי האָבן בייגע־וואוינט אַזעלכע סצענעס? און ער ווייס דאָך, אַז אייגנטלעך טוט די אינ־סטיטוציע אויף גענוג, ערגער וואָלט געווען אָן איר און אגב, ער אַליין טוט דאָך אַזויפֿיל, וויפֿל מיטיקער, וויפֿל אַרבעט־שעהן האָט ער שוין מקריב געווען לטובֿת די עלנטע אימיגראַנטן און וויפֿל פֿון זיי האָט ער טאַקע געוויזן די ערשטע טריט צו זייער איינאָרדנען זיך און וויפֿל אַזעל־כע האָט ער פּשוט גענומען צו זיך אין שטוב אַריין? און דאָס אַלץ גייט דאָך אויפֿן אַדרעס פֿון צענטראַל־קאָמיטעט, ווייל אַלס זיין פֿאָרשטייער טוט ער עס דאָך און באַרעכנענדיק דאָס אַלעס, האָט ער געפֿילט, אַז ער מוז איצט ראַטעווען דעם פּרעסטיזש פֿון דער אינסטיטוציע, וויניקסטנס אין די אויגן פֿון זיינע צוויי געסט וועלכע ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט.

ער האָט צוגעפֿירט זיינע צוויי פֿאַרבעטענע, פֿעלצמאַנען מיט ברוכן צום טישל וואו עס איז געזעסן דער באַאַמטער און ווי וועלנדיק זיך פֿאַר־ענטפֿערן, האָט ער זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן נישט אין אַכט נעמען וואָס זיי האָבן געזען אויף דער „פּאָטיאָ", דאָ טוט מען גענוג, אָבער מען קאָן נישט טאָן אַלץ מיט אַמאָל... און ווענדענדיק זיך צום באַאַמטן, האָט ער אויס־גערופֿן: — איר האָט·מיר דוכט זיך געזאָגט, אַז אין ענטרע־ריאָס פֿאָדערן זיך דענטיסטן... אָט קאָן איך אייך פֿאָרשטעלן אַ דענטיסט מיט אַן אַטעס־טאַט פֿון קאָוונע, דאַוויד פֿעלצמאַן איז זיין נאָמען.

דער באַאַמטער האָט דערקענט פֿעלצמאַנען, געשטעלט אים עטלעכע פֿראַגן, אויף וועלכע פֿעלצמאַן האָט קורץ געענטפֿערט:

— איך בין אַ קוואַליפֿיצירטער דענטיסט און קען אַלע אַרבעטן פֿון דער פּראָפֿעסיע, אָבער חוץ דעם, האַלט איך אין שטודירן און פֿאָרשן די סיבה פֿון ציינער־אויספֿאַלונג (פּעאָרעאַ) און איך גלויב, אַז איך בין געקו־מען דערויף און אַבי עס וועט זיך מיר איינגעבן, וועט עס זיין אַ וויכטיקע לייסטונג פֿאַר דער אָדאָנטאָלאָגיע.

פֿרידמאַן איז געשטאַנען געשטרעקט מיט אַ שטאָלצער מינע, אַזוי ווי אַ פֿאָטער וואָס זעט ווי זיין זונדל גייט דורך גוט אַן עקזאַמען און זאָל ער

זען, דער באַאַמטער, אַז ער האָט אַן אויג, אַז ער ברענגט דאָ נישט צו־פירן אַבי וועמען...

דער באַאַמטער האָט געבלינצלט מיט די אויגן, גערעדט מיט אַביסל פאַרלעגנהייט, אַז עס ווערן טאַקע געפאָדערט דענטיסטן, אָבער דאָס איז אין ענטרע־ריאָס, שוין פאַראַן אפילו די דערלויבעניש, אַז ביז עס וועלן אָהינקומען דאָרט אַרגענטינער „רעסיבירטע" דענטיסטן, אָדער ביז די אויסלענדישע דענטיסטן וועלן זיך באַווייזן דאָ צו רעסיבירן, קאָן מען דערווייל מיט די אויסלענדישע אַטעסטאַטן פּראַקטיצירן, אָבער, דאָרט וואו עס ווערן געפאָדערט דענטיסטן, זעט ער נישט קיין שום מעגלעכ־קייט, פאַר שטודיומס און פאָרשונגען, ווייל דאָס זיינען פּראָוואַרפענע קליינע שטעטלעך...

— עס שרעקט מיך נישט אָפּ. זאָל זיין וואו עס איז, אַבי איך זאָל קענען מיט מיין אַרבעט פאַרדינען אַן ערלעך שטיקל ברויט און דערנאָך וועט מען זען ווייטער...

דער באַאַמטער האָט געבעטן ביי פּעלצמאַנען זיין פּאַספּאָרט מיט אַנ־דערע דאָקומענטן, פאַרזיכערט אים, אַז שוין מאָרגן וועט ער האָבן אַן אומזיסטן באַן־בילעט פון דער אימיגראַציע־דירעקציע ביז צו דעם פּלאַץ וואו ער דאַרף פאָרן, אָבער דער בילעט איז גילטיק ביז אַ חודש צייט און שפּעטער פאַרלירט ער זיין ווערט.

פּעלצמאַן וואָלט גרייט געווען צו פאָרן אפילו שוין מאָרגן, נאָר ער האָט זיך דערמאָנט אַן גיטעלען און ער האָט אַ קוק געטאָן צו פרידמאַנען מיט אַזעלכע בעטנדיקע בליקן, אַז פרידמאַן האָט פון זיי אַרויסגעלייענט וואָס פּעלצמאַן וויל און נאָך איידער פּעלצמאַן האָט אים עפּעס געזאָגט, האָט פרידמאַן מיט אַ געהויבענעם טאָן אויסגערופן: — פאַרשטייט זיך, אַז איר וועט נישט פאָרן מאָרגן, מאָרגן וועל איך נאָך גיין מיט אייך עפּעס טאָן פאַר אייער שיפשוועסטער, מען זאָל זי קענען ברענגען אין שטאָט אַריין.

פרידמאַן האָט איצט געפילט, אַז דער פּרעסטיזש פון דער אינסטי־טוציע איז געראַטעוועט און ער איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. ברוכן האָט ער צוגעזאָגט, אַז וועגן אים וועט מען אַ טראַכט טאָן מאָרגן־איבערמאָרגן, דערווייל איז ער זיין גאַסט און ער דאַרף זיך פילן ביי אים ווי ביי זיך אינדערהיים.

די צופרידנהייט וואָס ער האָט שוין פאַרזאָרגט פּעלצמאַנען און מאָרגן וועט ער שוין האָבן אַ בילעט מיט אַ בריוו קיין ענטרע־ריאָס צום דאָרטיקן סוב־קאָמיטעט, וועלכער וועט דעם דענטיסט דאַרפן איינאָרדנען, די דאָזיקע צופרידנקייט איז ביי אים געווען אַזוי גרויס, אַז כאָטש ער

האָט עס זיך נישט געקאָנט דערלויבן, האָט ער צוגערופֿן אַ טאַקסי־אויטאָ, צוגעפֿירט פֿעלצמאַנען ביז צו זיין אַדרעס אויף דער גאַס עקוואַדאָר און פֿון דאָרט געפֿאָרן צוריק ביז צו דער נאָנטער הויפּטגאַס וואו פֿרידמאַן מיט ברוכן זיינען אַראָפּ, און אַרויף אויף אַ טראַמוויי נומער 55, וואָס האָט זיי געפֿירט ביז אַהיים, וואו פּערל האָט שוין געוואַרט אויף זיי מיט אַ געגרייטן טיש צום נאַכט־עסן, אַדער ווי זיי האָבן געזאָגט — צו דער וויעטשערע.



ו

## פעלצמאַן און גיטעלע

אויף צומאָרגנס, האָט אברהם פרידמאַן געהאַלטן וואָרט לגבי פעלצ־מאַנען.

עס איז געווען האַלב צען אינדערפרי, פרידמאַן איז געשטאַנען אין זיין קלייט ביי דעם גרויסן טיש און צוגעשניטן לויט מאָדעלן פון קאַרטאָן, פאַרשידענע שטיקלעך שטאָף פון אַלטע קליידער, די שטיקלעך האָט ער אויסגעלייגט און שטויסלעך איינס אויפן צווייטן, יעדעס צו זיין מין, פון די שטיקלעך האָט שפּעטער זיין ווייב מיט אַ מיידל וואָס איז געווען ביי אים, באַדאַרפט צונויפניייען פאַרשידן־פאַרמיקע מענער־היטלען.

פרידמאַן האָט געאַרבעט פלייסיק זייט גאַנץ פרי, ער האָט געוואָלט אָניאָגן דאָס וואָס ער האָט צוליב כלל־טועריי פאַרנאַכלעסיקט אין משך פון עטלעכע טעג, אָבער אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען פעלצמאַן און נאָך דעם ברייטן גוט־מאָרגן וואָס פרידמאַן האָט אים אַנטקעגנגערופן, האָט ער אַוועקגעלייגט די שווערע שער, געכאַפּט אַ קוק אויף דעם הויך־אויפגעהאַנגענעם וואַנטזייגער און אויסרופנדיק: —עס איז שוין אַזוי שפּעט!... האָט ער זיך אַנטשולדיקט אויף אַ מינוט, געלאָפן אָפּוואַשן דעם שטויב פון די אַלטע שמאַטעס פון זיינע הענט און פינף מינוט שפּעטער, איז שוין פרידמאַן געשטאַנען אַן אָנגעטוענער אין מאַנטל און הוט, גרייט צום גיין.

— ווי הייסט זי, זאָגט איר?

— גיטעלע, אָדער גוסטאַ האָבער; — האָט פעלצמאַן שנעל געענט־פערט.

— באַלד וועט אַלעס זיין גוט; לאָמיר נאָר אַריינגיין זיך געזעגענען מיט שטיינבערגן, — און גאַנץ שטיל האָט ער צוגעגעבן: — ער האָט ביי־נאַכט עטלעכע מאָל געוויינט פון שלאָף... מיר האָבן געהערט דורך דעם דינעם קאַרטאָן־ווענטל וואָס טיילט אָפּ די קלייט פון מיין שלאָף־צימער און מיין פרעלע האָט מיטגעוויינט...

זיי זיינען אַריין אויפן הויף וואו ברוך איז געזעסן און אַריינגעקוקט

אין די יידישע צייטונג, זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אים, פרידמאַן האָט זיך געמאַכט אַ וויץ, ער זאָל נישט אויסלייענען די גאַנצע צייטונג נאָר איבערלאָזן עפּעס אויך פאַר אים, און געבנדיק פּערלען געוויסע פּאַראָרדענונגען וועגן די צוגעשניטענע שטיקלעך, וועלכע מאָדעלן זי זאָל זען פריער פאַרטיק צו מאַכן, האָט ער אַ נעם געטאָן פּעלצמאַנען אונטערן אָרעם און מיט אים אַרויס פון קלייט.

ווען זיי זיינען אַריין אין דעם גרויסן גאָרטן-הויף פון דעם אימיגראַנטן-האָטעל, האָט אין פּעלצמאַנען געקלאַפּט דאָס האַרץ פון בענקעניש-פולער דערוואַרטונג און ער האָט זיך פאַרגעשטעלט די מינע פון דאַנקבאַרקייט אויף איר פּנים, ווען זי, גיטעלע, וועט זען אַז ער האָט אָן איר נישט פאַרגעסן, אַז ער טוט עפּעס פאַר איר... אָבער, עס איז אים באַשערט געווען אַ פּיינלעכע אַנטוישונג; גיטעלע האָט זיך שוין מער נישט געפינען אין רשות פון די אימיגראַציע-באַהערדן, זי איז שוין מער דאָרט נישט געווען.

די טירן זיינען פאַר אברהם פרידמאַן געווען אָפענע, ער איז געגאַנגען פון איין ביוראָ אין צווייטן, ער האָט זיך נאָכגעפרעגט און ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז די מינדעריעריקע אימיגראַנטקע גוסטא האבער געפינט זיך דאָ נישט מער, האָט ער ווייטער געפאָרשט ווער עס האָט זי אַרויסגענומען און אין איין ביוראָ האָט ער זיך ענדלעך דערוואוסט, אַז נאָך נעכטן פאַרנאַכט זיינען געקומען נאָך איר אַ פּאָרפאָלק מיט דעם פאַמיליענאָמען בוקסבוים, זיי האָבן זיך לעגיטימירט און מיטגענומען זייער „פּיסאַנקע” צו זיך אַהיים.

כאָטש ער האָט די שפּראַך נישט פאַרשטאַנען, האָט פּעלצמאַן געפילט אַז דער באַאַמטער זאָגט פרידמאַנען עפּעס אַזוינס וואָס ער וואָלט נישט געוואָלט הערן, וואָס ער האָט נישט דערוואַרט און ווען פרידמאַן האָט אים איבערגעגעבן וואָס מען האָט אים געזאָגט, האָט זיך פּעלצמאַן געמוזט טרייסטן מיט פרידמאַנס צוזאָג, אַז ער פאַרצייכנט דעם אַדרעס פון דער פאַמיליע בוקסבוים און שוין איצט וועלן זיי פאָרן אַהין.

פּעלצמאַן האָט געציטערט פון נערוועזיטעט און ווי אַן אייביקייט האָט זיך פאַר אים געצויגן די רייזע מיטן טראַמוויי, וואָס האָט פאַקטיש נישט מער געדויערט ווי אַ צוואַנציק מינוט.

די פאַמיליע בוקסבוים האָט געוואוינט אויף טשאַרקאַס אין די 28 הונדערטער. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין דעם קליינעם שטיבל וואָס איז געווען ווי פאַרשטעקט אין אַ ווינקל אין דער טיפקייט פון אַ לאַנגן הויף, האָבן זיי געטראָפן בוקסבוימען זיצן ביי אַ מאַשין און נייען הויזנס און זיין יונגע פרוי איז געזעסן נעבן אים אויף אַ נידעריק שטרויען בענ-

קעלע און געגייט קנעפּלעך צו די הויזן. זיי זיינען געזעסן כמעט ווי צוזאַמענגעשטופּט נאָנט נעבן דער אָפענער טיר, ווייל טיפער אַביסל אין דעם קליינעם שטיבל, איז געווען פינצטער און דאָרט, אין דער פינצטערניש אויף דער ערד, האָט אַרומגעפּויזט זייער קינד וואָס איז געווען אַ קנאַפּ יאָר אַלט און גיטעלע האָט מיט אַ לאַנג בענדל זיך געשפּילט מיטן קינד אַזוי ווי מיט אַ קעצל, קוקנדיק ווי דאָס קינד וויל דווקא ביי איר אַרויסשלעפּן דאָס בענדל פון די הענט.

דערזעענדיק פעלצמאַנען, האָבן זיך אירע אויגן אָנגעפּילט מיט טרערן און זי איז אים שנעל אַנטקעגנגעלאָפן און אים וואַרים, מיט טויזנט דאַנקבאַרקייטן, געדריקט ביידע הענט.

בעת אברהם פרידמאַן האָט שוין גערעדט מיט בוקסבוימען און געשטעלט פאַרשידענע פראַגן סיי אים ווי זיין פרוי, איז נאָך פעלצמאַן אַלץ געשטאַנען און געקוקט אין גיטעלעס פאַרטרערטע אויגן און נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט. ערשט ווען פרידמאַן האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און אים אַ זאָג געטאָן: — נו? האָב איך געהאַלטן וואָרט? אָט האָט איר געפונען וואָס איר האָט געזוכט... — ערשט דעמאָלט האָט פעלצמאַן צוריקגעוואונען דעם לשון, געענטפערט, אַז ער האָט געהאַט הונדערט-פּראָצענטיקן צוטרוי צו זיין צוזאָג און דאַן האָט ער גענומען אינדערשטיל אויספרעגן גיטעלען ווי אַזוי זי איז אַהערגעקומען און ווי זי פילט זיך.

גיטעלע האָט פאַרגעשטעלט פעלצמאַנען פאַר פאַני, איר חברטע פון דער אַלטער היים, זי האָט צו אים וואַרים געשמייכלט, אָבער נישט אויפגעהערט נייען די קנעפּלעך, פונקט ווי איר מאַן האָט ריידנדיק מיט פרידמאַנען, נישט אויפגעהערט קלאַפּן אויף דער מאַשין.

די בוקסבוימס האָבן אַרויסגעוויזן צופרידנקייט מיט זייער דאָליע. אונטערפירנדיק אונטער דער מאַשין-נאָדל איין פאָר הויזן נאָך דער צווייטער און אין רויש פון דער קלאַפּנדיקער מאַשין האָט ער גערעדט פרייטעך און מיט אַ סך אָפּטימיזם וועגן זיין אַרבעט און וועגן זיינע אויסזיכטן אין אַרגענטינע און אַבי געזונט, וועט אַלץ זיין גוט, וועט מען זיך אויך דערלעבן און דערשטרעבן צו אַ בעסערן מצב...

פאַני האָט אויף אַ ווײַלע אַוועקגעלייגט די נאָדל, זי איז אַרויס אין דעם קליינעם הילצערנעם קיכל, וואָס איז ווי אַ קליין סוכהלע אין דער אַלטער היים געשטאַנען נעבן דער טיר, דאָרט האָט זי אויף שנעל אַ מיש געטאָן אין טאָפּ, צוגעלייגט אַ שטיקל האָלץ-קויל צום פייער און צוריקאַריינגעקומען און שוין ווידער געזעסן ביי איר אַרבעט.

פרידמאַן האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט בויקסבוימען, געפרעגט ביי

אים צי ער קאָן עפּעס טאָן פאַר איר וועגן אַרבעט, און בוקסבוים האָט אים געענטפערט, אַז אַבי זי וועט וועלן קאָן זי ביי אים אויך איר שטיקל ברויט פאַרדינען, אַפילו בלויז ביי נייען קנעפּלעך, כדי זיין ווייב זאָל אים קענען צוהעלפן אין וויכטיקערע אַרבעטן און אויב דאָס פאַך וועט איר נישט געפעלן, וועט ער פאַמעלעך נאָכזוכן פאַר איר אַן אַנדער אַרבעטס-פּלאַץ.

פרידמאַן האָט געמאַכט געוויסע פאַרצייכענונגען אין זיין נאָטיץ-ביכל, ער האָט געזאָגט, אַז דאָס דאַרף ער אָפּגעבן אַ באַריכט אין פּויליש-יידישן פאַרבאַנד, ווייל די אימיגראַנטקע איז נאָך אַ מינדעריעריק מיידל און אויב ער, בוקסבוים, וועט זי שיקן ערגיץ צו אַן אַרבעט, מוז ער וויסן וואוהין און צו וועמען זי גייט, ווייל ער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר גורל... אגב, עצהט ער אים, איידער זי גייט ערגיץ אויף אַ פּאָסטן אָדער צו אַן אַרבעט, זאָל ער אים וועגן דעם מיטיילן אין פּויליש-יידישן פאַר-באַנד, אָדער גאָר צו אים אַהיים און אפשר גאָר דורך פעלצמאַנען, וועל-כער האָט פאַר זיין שיפשוועסטער אַ גאָר גרויסן אינטערעס און ער ווייזט אויס אַ זייער וואוילער אינטעליגענטער יונגערמאַן.

פעלצמאַן און גיטעלע האָבן דערווייל געריעדט שטילערהייט; זי האָט אים דערציילט ווי פאַרצווייפלט זי איז געווען ווען זי איז איינע אַליין גע-בליבן אַ פאַרהאַלטענע אויף דער שיף און דערנאָך מיט נאָך אַנדערע פאַר-האַלטענע אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג פון אימיגראַנטן-האָטעל; זי האָט געזען די אַלע אימיגראַנטן אויפן הויף, זי האָט אים געזוכט, צו קענען רופן צו אים, געבן אים אַ צייכן אַז זי וואַרט ער זאָל איר העלפן און ווי גרויס איר זאָרג איז געווען, אַז איר חברטע זאָל נאָר וואוינען אויף דעם זעלבן אַדרעס וואָס זי האָט אָנגעגעבן און געבעטן שיקן צו זיי אַ טעלע-גראַמע, אַז זי איז דאָ און זעט איר ווי אַלץ האָט זיך גוט געענדיקט, איך בין שוין דאָ און מיר זעען זיך און עס וועט אוודאי ווייטער אויך זיין גוט.

פרידמאַן האָט זיך געאיילט אַהיימצוגיין. ער האָט געפילט, אַז ער האָט שוין דערפילט זיין שליחות און מיט דעם בעסטן דערפאָלג וואָס האָט אים אָנגעפילט מיט שטאָלץ און געזעגנענדיק זיך מיט פעלצמאַנען, האָט ער אים גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן, אַז אויב ער האָט נעכטן אָוונט אין צענ-טראַל-קאָמיטעט אַביסל שלעכט געדענקט וועגן אַרגענטינער יידן, זאָל ער היינט בייטן זיין מיינונג, ווייל נאָך אַלעם, בעת מ י ר זיינען דאָ גע-קומען מיט יאָרן צוריק, האָבן מיר זיכער נישט געהאַט ווער עס זאָל פאַר אונדז טאָן אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער...

— ווען איר זייט געקומען, איז דאָך נאָך דאָ קיין אברהם פרידמאַן

נישט געווען, — האָט פעלצמאַן, אַן אויפגעלעבטער וואָס ער שטייט ענד־לעך נעבן גיטעלען, פּיפּיק געענטפערט.

פרידמאַן האָט אָנגעזאָגט פעלצמאַנען, אַז אויב ער וויל קאָן ער דאָ בלייבן, אַז זיין אַדרעס אויף עקוואַדאָר איז נישט ווייט פונדאַנען, ער דאַרף נאָר אָפּגיין אַ פינף מינוט אויף לינקס, וועט ער זיין אויף עקוואַדאָר און דאָרט וועט ער שוין אַליין קענען אָפּזוכן זיין הויז־נומער.

פרידמאַן איז אַוועק און גיטעלע איז אַרויס מיט פעלצמאַנען פון דעם פינצטערן שטיבל, אָפּכאַפּן אַביסל דעם אָטעם.

די מאַשין איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן. פּאַני האָט מיט פאַרוואונדער־רונג געקוקט ווי איר מאַן שטייט אויף און גייט אַרויס פאַר דער טיר און קוקט נאָך ווי גיטעלע מיט דעם יונגנמאַן גייען אַרויס פון טויער.

— וואָס איז געשען? וואָס לאָזטו עפּעס שטיין די מאַשין?

— איך האָב מורא, אַז מיר האָבן זיך איינגעקויפט מפּטיר... דו האָסט נישט געהערט וואָס דער ייד אין די ברילן האָט מיר געזאָגט? ער מאַכט דאָך אונדז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר גוסטען! זי איז מינדעריעריק און מיר זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר און מיר מוזן וועגן יעדן טראָט אירן מעלדן אין פּויליש־יידישן פאַרבאַנד!...

— טאָ וואָס־זשע האָסטו מורא, זי איז דאָך ביי אונדז!

— יאָ, אָבער... ווער איז דער יונגערמאַן מיט וועמען זי איז איצט אַרויסגעגאַנגען?

— משוגענער, ער איז דאָך געקומען צוזאַמען מיט יענעם!

— אוי, פּאַני, פאַרשטייסט גאָרנישט... ער האָט געמעגט קומען מיט יענעם, אָבער דערווייל איז זי ביי אונדז און מיר מוזן דאָך וויסן ווער איז ער, דער יונגערמאַן? אפשר האָט גאָר דער ייד אין די ברילן אָנגעוואָרפן אויף מיר אַזאַ שרעק, כדי איך זאָל זי היטן אַפילו פאַר איר שיפּברידער? דאָ איז אַרגענטינע, דו הערסט? פּאַני, דאָ איז אַרגענטינע!...

— נו, אַלצאיינס גייען מיר שוין עסן מיטיק, וועל איך זי גיין אַריינ־רופן.

און נאָך איידער פעלצמאַן האָט זיך באַוויזן מיט גיטלען ווי געהעריק דורכצושמועסן און ער האָט דאָך איר געהאַט אַזויפיל צו זאָגן און צו דער־ציילן, האָט זיך געהערט פּאַנים רוף: — גוסטאַ! גוסטאַ! צום עסן!...

דאָס קינד האָט זיך דערווייל אויף דער ערד געשפּילט מיט דעם בענדל און ערשט ווען גיטעלע איז צוריק אַריינגעקומען האָט זיך דאָס קינד צע־וויינט, ביז גיטעלע האָט אויפגעהויבן דאָס בענדל און זיך אויפסניי גע־רייצט מיטן קינד און דאָס קינד האָט אָנגעקוואָלן שלעפּנדיק דאָס בענדל פון גיטעלעס הענט.

פאַני האָט אַריינגעשלעפּט די מאַשין אינעווייניק אין שטיבל און אויף דעם פּלאַץ צוגערוקט דאָס טישל און גענומען גרייטן דאָס מיטיק, בעת איר מאַן איז אַרום אויפן הויפל צום קראַן און זיך געוואַשן די הענט.

פעלצמאַן האָט איינגעזען אַז ער איז איצט דאָ אַן איבעריקער און דאַנקענדיק פאַר פאַניס פריינטלעכער איינלאַדונג אַז ער קאָן דאָ מיט־האַלטן, אַז אין אַרגענטינע שפּילט אַ מיט־עסער נישט קיין ראָלע, האָט ער זיך געזעגנט, צוזאָגנדיק גיטעלען, אַז פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי ער וועט האָבן דערלעדיקט אין קאָמיטעט וועגן זיין ענין, וועט ער זי ווידער באַזוכן.

אין זייער שטיבל אויף עקוואַדאָר, האָט שוין אויף אים געוואַרט פיינ־האָלץ. אויפן טיש איז שוין געלעגן צעשניטן ברויט אָנגעשמירט מיט פּו־טער און אַ טעלער מיט אַ צעשניטענעם הערינג מיט ציבעלעס האָט אָנ־גענעם זיך געוואָרפן אין די אויגן און געוועקט אַפּעטיט און די צוויי חברים שיפברידער האָבן זיך אַוועקגעזעצט און געגעסן זייער מיטיק, וואָס איז באַשטאַנען טאַקע בלויז פון דעם פּוטער־ברויט מיט הערינג און מיט דעם גלאָז טיי וואָס האָט שוין געזאָטן אויף דער פּרימוס־מאַשינקע וואָס פיינהאָלץ האָט שוין געהאַט באַוויזן איינצוקויפן.



# ז

## „אַמאָל איז געווען ערגער...״

די פּראָזע פון אברהם פרידמאַן, אַז ווען ז יי, ער מיט פּערעלען מיטן קינד זיינען געקומען קיין אַרגענטינע האָבן זיי נישט געהאַט ווער עס זאָל פאַר זיי עפּעס טאָן, איז געווען אַ גרויסער אמת.

די פאַרמירונג פון אַ געזעלשאַפטלעך-יידיש לעבן אין בוענאָס-איירעס, האָט ערשט געהאַלטן ביי בראשית; עס האָבן שוין דעמאָלט, אין 1906, עקזיסטירט די חברא קדישא, אַ ביקור חולים און די עזרה, אָבער אָרים זיינען זיי געווען אין מיטגלידער און נאָך אָרימער אין מיטלען און נאָר די עקשנות פון יחידים האָט זיי אויפגעהאַלטן און געוואַכט איבער זייער עקזיסטענץ.

אמת, עס האָט שוין דעמאָלט אויך עקזיסטירט אַ טעמפּל, אָבער דאָס איז געווען פון און פאַר די רייכע „צילינדער-יידן״ פון ענגלאַנד און דייטשלאַנד און זיי האָבן זיך דעמאָלט געהאַלטן פאַר אַ העכערער קלאַס יידן וואָס קאָן זיך נישט מישן מיט די אַזוי-גערופענע „אָסט-יודען״...

איז טאַקע די דעמאָלט אָנגעקומענע אָסט-יידן געווען זייער ביטער. זיי האָבן דאָ אָן דער שפּראַך און אָן מיטל נישט געהאַט קיין שום אָנשפּאַר און היפשע טיילן פון די דעמאָלט געקומענע יידישע אימיגראַנטן, אָבי זיי האָבן נאָר געהאַט אויף הוצאות, אָדער זיי האָבן באַוויזן צונויפצוקלויבן אויף הוצאות, זיינען זיי צוריק אַוועק אין זייערע אַלטע היימען.

אַ סך פון די אָנגעקומענע אימיגראַנטן האָבן זיך צומאָל אָנגעטראָפן מיט דעם טייל יידן, וואָס „האָבן נישט געהאַנדלט מיט קיין אתרוגים״, אָט אַ דעם טייל יידן, וועלכן מען האָט שפּעטער באַטיטלט מיט דעם נאָמען „טמאים״ און זיי, פאַרמעגלעכע, האָבן דווקא אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צו די „גרינע״, אָבער דער ערלעכער, אַרבעטנדיקער יידישער אימיגראַנט, ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט ווער און וואָס עס זיינען די וואָס ווילן אים העלפן, האָט זיך באַלד אָפּגעקערט פון אָט אַ דער חברה און בעסער געוואָלט ליידן נויט, איידער געניסן פון שטיצעס וואָס שטאַמען פון אומריינע קוואַלן.

די חברה קדישא, עזרה און ביקור חולים װאָלטן זיך דעמאָלט אויך געװען געקאָנט שנעל אַנטװיקלען און װערן רײַכער, װען זײ זאָלן געװען בלויז װעלן אַנעמען די שטיצעס פֿון אַט אַ די דערמאַנטע עלעמענטן װאָס האָבן זיך באַרײַכערט פֿון אומרײנעם האַנדל, מיט דעם אַזוי־גערופֿענעם שקלאַפֿן־האַנדל, אָבער די אַנפֿירער פֿון די אינסטיטוציעס זײַנען געשטאַנען אויף זײער געהעריקער הויך און װי װײַט מעגלעך, אַכטונג געגעבן, אַז די אונטער־װעלט מענטשן זאָלן נישט האָבן קײן דריסת הרגל אין די דערמאַנטע אינסטיטוציעס.

די פּראָזע פֿון אברהם פרידמאַן, אַז װען ע ר איז געקומען קײן בוענאָס־אײַרעס, האָט ער נישט געהאַט קײנעם צו װעמען זיך צו װענדן נאָך הילף, נאָך אַן אָנװײַז װי אַזױ צו שטעלן די ערשטע טריט, איז געװען הונדערט פּראָצענט אמת. אויסערגעװײנלעך שװער איז געװען פֿאַר דעם ערלעכן מענטש צו באַקומען אַן אַרבעט און צו קענען זיך װי עס איז אײַנאָרדנען זאָל זײַן כאָטש אַ שװערע געמוטשעטע עקזיסטענץ, אַבי אַן עקזיסטענץ, אַ מעגלעכקײט צו קענען לעבן.

אין די פֿריערדיקע יאָרן, נאָך פֿאַר אברהם פרידמאַן, איז די יידישע אימיגראַציע קײן אַרגענטינע, געװען אַ קלײנע. און װי קלײן עס איז געװען די צאָל יידישע אימיגראַנטן פֿלעגן אַ היפּשער טײל פֿון זײ, אַבי זײ האָבן געהאַט באַקומען די מעגלעכקײט, צוריק פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אַנדערש איז אָבער געװען די אימיגראַנטן־מאַסע װאָס האָט אָנגעהויבן קומען אין דער צײַט נאָך דעם טרויעריק־באַרימטן 1905־טן יאָר! דאָס זײַנען געװען אַנטלאָפֿענע פֿון פּאַגראָמען און רדיפֿות און װי ביטער עס זײַנען דאָ געװען זײערע לײדן, האָבן זײ פֿאַר זיך נישט געזען קײן צוריק, זײ האָבן דאָ געקעמפֿט און זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון דער שװערסטער האָרעװאַניע, אַבי זיך אײַנצואָװאָרצלען און שאַפֿן זיך אַ שטיקל פּלאַץ פֿאַר זײער עקזיסטענץ אין דער נײַער היים.

עס האָט געדױערט גענוג לאַנג, ביז אַט אַ די עלנטע האָבן זיך געקאָנט אײַנאָרדנען אין אַ קלײן אָרים שטיבל און זאָגן — דאָ װאױנען מיר! אַ גאַר גרױסער טײל פֿון אַט אַ די „גרינע", (אברהם פרידמאַן איז געװען אײנער פֿון זײ), האָבן געמוזט פֿאַרן אַרבעטן אין װײַטע געגנטן פֿון דער גרױסער אַרגענטינע, אויף די פֿעלדער בײ „קאָסעטשע", װאו זײ האָבן געשקלאָפּט װי די קנעכט אין מצרים פֿון זון־אױפֿגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג פֿאַר אַ קלײנעם לױן, װאָס איז אָבער געװען גענוג, אַז מען זאָל קענען עפּעס אָפּשפּאָרן און שפּעטער צוריקפֿאָרן אין דער הויפּטשטאָט און דינגען אַ שטיבל.

אַ סך פֿון די דעמאָלטיקע אימיגראַנטן האָבן יאָרן־לאַנג דערצײלט

ווען זייערע לײדן אין די ערשטע חדשים און צומאָל יאָרן נאָך זייער אָנ־קומען קיין אַרגענטינע און אַ סך האָבן דערמאָנט, אַז זיי וואָלטן שוין זי־כער געווען געבליבן פעלד־אַרבעטער, ווען זיי זאָלן געווען באַקומען כאָטש אַ שטיקל אייגענע ערד וואו זיי זאָלן זיך קענען איינאָרדנען, אָבער דאָס האָבן זיי נישט באַקומען; מען האָט דעמאָלט די „קאַסעטשע"־אַרבעטער אַפילו נישט געגעבן קיין אייגן שטיקל פלאַץ אונטער אַ דאַך וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן און זיי האָבן זיך געמוזט וועקלייגן איבערשלאָפן די עטלע־כע נאַכט־שעהן וואו עס איז און אַ סך מאָל האָבן זיי זיך אויסגעגראָבן גריבער וואו זיי האָבן זיך געזוכט צו באַשיצן קעגן שאַרפע נאַכט־ווינטן און רעגן־וועטערס.

פון די פרויען וואָס זיינען אין יענער צייט געקומען צוזאַמען מיט זייערע מענער, זיינען נישט ווייניק געוואָרן די קרבנות פון די האַרצלאָזע ווייסע שקלאַפן־הענדלער.

ווען דער מאַן האָט געאַרבעט „קאַסעטשע" ערגיץ ווייט אין אַ פּראָ־ווינץ, איז די פרוי דאָ געבליבן איינגעדונגען ערגיץ אין אַ הילצערן בוי־דעם־שטיבל און עס האָט זיך פון ערגיץ געיאַוועט אַ „גוטהאַרציקער מענטש" וואָס האָט נישט געקאָנט צוזען איר צער און ער האָט איר אָנ־געהויבן אַרויסהעלפן און אַזוי האָט ער זי פּאַמעלעך געפאַנגען אין זיין נעץ און ווען דער מאַן איז צוריקגעקומען מיט דעם ביסל אָפּגעשפּאָרטע פעזעס פון זיין שווערער האָרעוואַניע, האָט ער זיין פרוי מער נישט גע־פונען און קיינער האָט קיינמאָל נישט פאַרצייכנט און קיינער ווייסט שוין קיינמאָל נישט וויסן, וויפל אַזעלכע שטילע טראַגעדיעס עס האָבן זיך אָפּ־געשפּילט און וויפל אַזעלכע אומגליקלעכע פרויען עס זיינען געפאַלן אַלס קרבנות פון די האַרצלאָזע ברואים, די ווייסע שקלאַפן־הענדלער...

די חברה קדישא, עזרה און ביקור חולים זיינען געווען צו שוואַך צו קענען אָנהויבן אַן אָפענעם קאַמף קעגן די „חברה־לייט" (אַזוי האָט מען דעמאָלט גערופן די פרויען־הענדלער), די אָנפירער פון די דריי אינסטי־טוציעס האָבן געהאַט געגנוג שוועריקייטן ביים אַכטונג געבן, אַז די מאַס־קירטע „קויפלייטע" וואָס זיינען אין געהיים געווען באַטייליקט אין דעם שמוציקן האַנדל, זאָלן זיך נישט אַריינבאַקומען אַלס מיטגלידער און אַמערסטן האָט אין דעם פּרט געהאַט אויסצושטיין די חברה קדישא, וועל־כע האָט שטאַרק נאָכגעפאָרשט די טעטיקייטן פון יעדן איינעם וואָס האָט געוואָלט ווערן אַ מיטגליד און דער ערשטער קאַמף קעגן די „חברה־לייט" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די חברה קדישא האָט נישט געוואָלט באַ־גראָבן זייערע מתים אויף דעם יידישן בית־עולם.

קיין יידיש צייטונגס־וועזן איז נאָך דעמאָלט נישט געווען; די יידישע

קאָלאָניסטן פון מאָזעסוויל, מאָוריציאָ און פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, האָבן אויסגעשריבן צייטונגען פון אַמעריקע און אייראָפּע, ביי די שווערסטע באַדינגונגען האָבן זיך די קאָלאָניסטן איינגעאָרדנט אין ענגע ראַמען אַ געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן, די קאָלאָניסטן האָבן געאַרבעט אויף זייער צוגעטיילטער ערד און זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז דאָ איז זייער פּלאַץ און דאָ מוזן זיי האָרעווען און זיך איינאָרדענען זייערע עקזיסטענצן, בעת אין הויפּטשטאָט, אין בוענאָס־איירעס, האָבן זיך די ניי־אָנגעקומענע אַרומגעבלאָנקעט און נישט געוואוסט צו וואָס זיך צו נעמען און זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום אָנשפּאַר און די וואָס האָבן נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין גבול פון די „חברה־לייט", האָבן לאַנג, לאַנג געמוזט קעמפן און ליידן הונגער און נויט, ביז זיי האָבן מער־ווייניק אויסגעלערנט די שפּראַך און געפונען אַ באַשעפטיקונג.

די לאַגע איז דעמאָלט געווען אַזאַ, אַז פון די אַריבער צען טויזנט יידישע אימיגראַנטן וואָס זיינען אין 1905־טן יאָר געקומען קיין בוענאָס־איירעס, זיינען כמעט אַלע צוריק אַוועקגעפאָרן, ערשט אין 1906 איז אָנגעקומען אַ גרעסערע אימיגראַנטן מאַסע וואָס איז אַנטלאָפן פון די צאַרישע פּאָגראָמען און רדיפות, אָט אַ די גרעסערע אימיגראַנטן־מאַסע האָט נישט געהאַט קיין צוריק און ביי די אומגינסטיקסטע באַדינגונגען האָבן זיי זיך געקלאַמערט אָן דער פרייער אַרגענטינער ערד, אויף וועלכער זיי וועלן טראָץ אַלע שוועריקייטן איינאָרדנען זייערע נעסטן פאַר אַ נייער היים.

אין דער צייט ווען אין די יידישע קאָלאָניעס איז שוין געווען שטאַרק אָנזעעוודיק אַן אָרגאַניזירטקייט, עס זיינען שוין געווען קאָאָפּעראַטיוועס און קולטור־אינסטיטוציעס, האָט זיך די אָנגעקומענע אימיגראַנטן־מאַסע אין הויפּטשטאָט צעשפּליטערט און זיך פונאַנדערגעפאַלן אין יחידים וואָס האָבן אַרומגעבלאָנקעט איבער בוענאָס־איירעסער גאַסן און נישט געקאָנט געפינען קיין אָנהאַלט.

אָבער, דער נייער אימיגראַנטן שטראָם האָט שוין געהאַט אין זיך שטאַרקע ווירקנדיקע כוחות וועלכע האָבן זיך נאָך אין דער אַלטער היים אויסגעלערנט גיין קעגן ווינט; צווישן די אימיגראַנטן וואָס האָבן אָנגעהויבן קומען פון 1906 און ווייטער, האָבן זיך שוין געפונען אַרבעטער, פּאַרטיי־מענטשן, בונדיסטן, עסעסאָווצעס און אַנאַרכיסטן, זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט זייער אַלט־היימישע אומרו און מיט דעם אָנקום פון אָט אַ די נייע יונג־יידישע מענטשן־מאַסע, האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אַן אינטענסיוו געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן, פון אָנהויב אין גאַנץ ענגע ראַמען, וואָס האָבן זיך אָבער געהאַלטן אין איין אויסברייטערן און באַקומען

אַנזען צום צוציען נייע כוחות און ווי שווער עס זיינען געווען די עקאָנאָ־מישע באַדינגונגען, האָבן זיך די אימיגראַנטן פּאַמעלעך איינגעאָרדנט און עסנדיק דאָס אַרגענטינער ברויט, האָבן זיי פֿאַרביסן מיט דער אַלט־היימישער קולטור וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט און מיט וועלכער זיי זיינען נאָך געשטאַנען אין קאָנטאַקט דורך באַקומען פֿון דאָרט צייטונגען און ביכער, פֿון וועלכע זיי האָבן געשעפּט זייער גייסטיקע יניקה.

ווען די מלחמה פֿון 1914 איז אויסגעבראָכן און דער אימיגראַציע־שטראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט איז שוין די יידישע באַפעלקערונג אין בוענאָס־איירעס געווען אַזוי אַנטוויקלט, אַז זי האָט באַוויזן דורכצופירן אַ קאָנגרעס אויף וועלכן עס זיינען פֿאַרפיקסירט געוואָרן אַ רייע לאָזונגען, וואָס האָבן געבראַכט אויסגעצייכנטע רעזולטאַטן.

אברהם פרידמאַן און ענלעכע אַקטיווע ווי ער, האָבן באַקומען אַ ברייט פעלד פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן דער פויליש־יידישער פאַרבאַנד „אגודת אחים", דעמאָלט האָט זיך געשאַפן דער „צענטראַל־קאָמיטעט פאַר געליטענע יידישע מלחמה־קרבנות אין איירָאָפּע", דעמאָלט איז געשאַפן געוואָרן די סטאַבילע „יידישע צייטונג" און נאָך פֿאַרן פֿאַרענדיקן די מלחמה, איז צוליב דיפערענצירונגען אין דער אידעאָלאָגיע אויך געשאַפן געוואָרן די צווייטע טעגלעכע יידישע צייטונג „די פּרעסע".

אין דער צייט איז אויך די „עזרה" צוגעטראָטן בויען אַ יידישן שפּיטאָל, עס איז געגרינדעט געוואָרן דער מושב זקנים און בית יתומים, שפּעטער אויך דער בית יתומות און די קליינע גרופּעס געזעלשאַפטלעכע טוער וואָס האָבן פריער געמוזט אויסשמידן די פּלענער פאַר געזעלשאַפטלעכן אויפבוי אין ענגע חדרימלעך וואו זיי זיינען זיך צונויפגעקומען, האָבן שוין געהאַט אייגענע געזעלשאַפטלעכע בנינים אין וועלכע די אַקטיווע טוער האָבן געזען דעם לוין פֿון זייער אידעאַלער אַרבעט.

מיט סענטן, אָפּגעשפּאַרטע פֿון נישט־דערעסענעם שטיקל ברויט, זיינען די אינסטיטוציעס געבויט געוואָרן און שווער, זייער שווער איז געווען די אויסהאַלטונג פֿון די דאָזיקע אינסטיטוציעס, פֿונדעסטוועגן, ווען עס איז אָנגעקומען אַ באַשטייערונג פֿון אַ צווייפלהאַפטער פּערזאָן, האָט מען זי צוריקגעוויזן און ווייל די דאָזיקע „חברה־לייט" האָבן דווקא געוואָלט זיך אַריינשמוגלען אין די ריינע אינסטיטוציעס, איז דער קאַמף קעגן דעם געוואָרן נאָך שטאַרקער און מען האָט אַכטונג געגעבן אַז נישט נאָר דער אייגנטלעכער פֿרויען־הענדלער זאָל נישט קענען האָבן קיין דריסת הרגל אין די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, נאָר אַפילו די אַלע וואָס זיינען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט זיי צוליב מסחר, אויך קעגן

די איז חל געווען דער חרם און עס האָט געטראָפן נישט זעלטן, ווען מען האָט זיך דערוואוסט וועגן איינעם אַזאַ וואָס האָט פריער געגאָלטן אַלס ערלעכער סוחר און גרויסער נדבן, אַז ער שטייט אין האַנדלס־באַציאונגען מיט די ווייסע שקלאַפן־הענדלער, האָט מען אים באַלד אַרויסגעשטויסן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און נישט געוואָלט מער אַקצעפּטירן דאָס טרפה געלט וואָס שטאַמט פון די שמוציקע קוואַלן.

נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, נאָך די פּאָגראָמען און רדיפות אין אוקראַינע, מזרח־גאַליציען און פּוילן, האָט זיך פון אייראָפּע ווידער געלאָזן אַ גרויסער עמיגראַציע־שטראָם צו די אַמעריקאַנער לענדער און אַ היפּשער טייל פון דעם שטראָם איז געשוואומען צו די ברעגן פון אַרגענטינע.

אַ היפּשע צאָל פרויען זיינען געקומען אַרויסגעפּאַדערטע פון זייערע מענער וואָס זיינען געהאַט געקומען נאָך פאַר דער מלחמה און זיי האָבן זיך שוין געהאַט מער־ווייניק איינגעאָרדנט מיט פּרנסה און עס האָט אָפט געטראָפן, אַז די מענער וואָס האָבן עטלעכע יאָר געבענקט נאָך זייערע פרויען, און איצט, ווען די פרויען זיינען געקומען, האָבן זיך די מענער געפילט אַנטוישט, די פרויען זיינען געווען ווי נישט די זעלבע, דיליידן און פּיין פון דער מלחמה האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט אַ פריצייטיקע עלטער און די מענער וואָס האָבן זיך שוין דאָ אין משך פון יאָרן געהאַט אָפּגעוואוינט פון זיי. האָבן זיך נישט געקאָנט אַזוי לייכט צוריקגעוויינען און דעמאָלט איז דאָ געשאַפן געוואָרן דער פאַריין „עזרת נשים”, וואָס האָט געהאַט אַ סך אַרבעט נישט בלויז אין איינשטעלן צוריק דעם שלום־בית ביי אַזעלכע פּאָרלעך, נאָר אויך אין אָפּזוכן דאָ די מענער וואָס האָבן בכלל מער נישט געוואָלט וויסן פון זייערע פרויען אין דער אַלטער היים און זען „ווייך צו מאַכן זייערע הערצער”, אַז זיי זאָלן אַריבערברענגען זייערע פרויען, אָדער לפּחות זיי שיקן געלט מיט אַ גט, כדי זיי זאָלן דאָרט נישט בלייבן קיין עגונות.

דער „עזרת נשים” האָט שוין געוואוסט וועגן די צוויי פרויען ברכה גאָלדבערג און חנה שטיינמאַן, וועלכע זיינען אָנגעקומען מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ”.

דער עזרת נשים האָט שוין פריער געהאַט אינטערוועניִרט ביי די צוויי מענער, אָבער, זיי האָבן אַפילו נישט געלאָזןריידן צו זיך און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי שטייען אין געשעפטלעכן קאָנטאַקט מיט די אומריינע עלעמענטן און דער פאַרוואַלטער פון „עזרת נשים” האָט איינגעזען, אַז עס איז אַפילו נישטאָ מיט וועמען צו ריידן.

אָבער איצט, אַז לאַנדסלייט האָבן באַוויזן אַריבערצוברענגען די צוויי

פרויען, וועט שוין דער „עזרת נשים" אויפסניי מוזן אינטערוועניר‌ן און דער פאַרוואַלטער הער גאַנאַפּאָל האַלט איצט אין איבערקוקן די דאָקו־מענטן פון די צוויי פרויען, נאָכזוען צי זיי האָבן פאָרמעלע און אָפיציעלע חתונה־פּאַפּירן, כדי צו קענען צווינגען די מענער זיי זאָלן דערפילן זייער פליכט צו די אומגליקלעכע פרויען.

יאָ, ווי שווער עס זיינען נאָך געווען די ערשטע טריט פון די אָנגעקו־מענע אימיגראַנטן מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ", קאָן מען די שווערקייט נישט פאַרגלייכן צו דעם גרויסן עלנט וואָס האָט באַגעגנט די אימיגראַנטן צווישן וועלכע עס האָט זיך אין 1906 געפונען אברהם פרידמאַן.

פאַר די אימיגראַנטן פון שיף „אַטלאַנטאַ" איז שוין אַ חוץ דעם אי־מיגראַנטן־האָטעל, געווען פאַרגרייט אַ הכנסת־אורחים און קוים עטלעכע טעג נאָכן אָנקומען פון דער שיף, האָט מען שוין אין הכנסת־אורחים גע־זען אַ היפּשע צאָל פון די ניי־געקומענע און צווישן זיי, אויך די צוויי אומ־גליקלעכע פרויען, די עגונות ברכה גאָלדבערג און חנה שטיינמאַן.

טראָץ די טענות פון די אימיגראַנטן קעגן דעם „צענטראַל־קאָמיטעט", האָט דער קאָמיטעט געענוג געלייסטעט לויט זיינע מעגלעכקייטן, ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די יידישע ישובים אין די פּראָווינץ־שטעט און וואו נאָר מען האָט זיך גענויטיקט אין אַ נייע קראַפט, זאָל עס זיין אַ חזן, אַ מוהל, אַ שוחט, אַ שמש פאַר אַ שיל, אַ פאַכמאַן ווי שוסטער, שניידער, ראַזירער אָדער זייגערמאַכער, איז דאָס געווען פאַרצייכנט און אויך פון הויפּטשטאָט זיינען דאָרט געווען פאַרצייכנט אַ סך אַדרעסן וואו עס נויטיקט זיך אַ מענטש און די אימיגראַנטן וואָס האָבן זיך פאַרעגיס־טרירט, זיינען אַ טאָג פריער אָדער אַ טאָג שפּעטער פון צענטראַל־קאָמי־טעט אָפּגעשיקט געוואָרן מיט דער געהעריקער רעקאָמענדאַציע אויפן באַשטימטן אַדרעס.

אויך דער פּויליש־יידישער פאַרבאַנד „אגודת אחים" האָט אין דעם פּרט פון באַזאָרגן די ניי־געקומענע אימיגראַנטן אַ סך אויפגעטאָן.

עס איז געווען די אַמביציע פון דעם פּרעזידענט אברהם פרידמאַן, אַז די געקליבענע לאַנדסלייט וואָס ער האָט אויף זיי „געוואָרפן אַן אויג" און זיי זיינען אים געווען סימפּאַטיש, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן שטיין און גיין מיט „כל הנערים" אין און פון צענטראַל־קאָמיטעט, נאָר דורכן פּוילישן פאַרבאַנד, וואָס זאָל זיי איינאָרדנען מיט אַן אַרבעט אָדער באַשעפטיקונג צווישן לאַנדסלייט.

עס זיינען געווען דעמאָלט נאָך אַ סך אַנדערע שוין איינגעאָרדנטע תושבים וואָס האָבן מקרב געווען דעם ניי־אָנגעקומענעם אימיגראַנט, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן צו אברהם פרידמאַן,

װעלכער האָט געהאַלטן הײליק דעם חוב װאָס ער האָט אויף זיך גענומען, אַז װען ער װעט נאָר זײַן אומשטאַנד, װעט ער זיך באַמיען, אַז דער נײַ־אָנגעקומענער אימיגראַנט, דער „גרינער", זאָל נישט דאַרפן אַזױ שטאַרק פילן דעם עלנט און נישט לײדן אַזױפיל נױט װיפל ער האָט געליטן צו־זאַמען מיט זײַן געטרײַער פרױ און קינד, אַ לאַנגע צײַט נאָך זײַן אָנקו־מען קײן אַרגענטינע אין 1906.





# גימפּל קאָסאָקע

די יידישע געגנט אין בוענאָס-איירעס, וואָס איז פריער געווען פאַר דער גאָס קאָזשאַאָ נעענטער צום צענטער, האָט זיך שוין געהאָט ארויפגערוקט העכער, עטלעכע בלאָקס נאָך קאָזשאַאָ און האָט זיך אָמשטאַרקסטן קאָנצענטרירט אויף די גאָסן לאַוואַזשע, כונין און אָמבו.

די תושבים פון פריער וואָס האָבן געהאָט זייערע געשעפטן אין צענטער און מערסטנס אויף דער גאָס ליבערטאַד, זיינען שוין געווען כמעט אין אַ מינדערהייט לגבי די ניי-אָנגעקומענע יידן וואָס האָבן זיך באַזעצט אויף כונין און לאַוואַזשע און ווייל די ניי-אָנגעקומענע זיינען געווען מער באַוועגלעכע און מער טעטיקע אויך אין געזעלשאַפטלעכן זין, איז דאָ געוואָרן דער צענטער וואָס האָט צוגעצויגן אַהער יעדן פרישן אימיגראַנט, וואָס ווי גרוים עס איז געווען זיין נויט, האָט ער זיך פונדעסטוועגן בעסער געפילט צווישן אייגענע, צווישן יידן וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג צוריק מיטגעמאַכט דאָס זעלבע אָדער געליטן נאָך פיל מער ווי ער ליידט היינט.

די סוחרים אויף דער גאָס ליבערטאַד האָבן געהאַלטן קליטלעך מערסטנס מיט אַלטע קליידער און אַנדערע גענוצטע זאַכן, זיי האָבן זיך באַנוצט מיט די אַלטע האַנדלס-מעטאָדן פון זייערע אַמאָליקע קליינע שטעטלעך, וואו מען האָט זיך אויף די ירידים געשלאָגן וועגן אַ קונה און יעדער האָט געשלעפּט דעם קונה צו זיך.

צווישן די אַלטוואַרג-הענדלער אויף ליבערטאַד האָבן זיך שוין געפאָרנען אַ היפּש ביסל גוט-איינגעאָרדנטע וואָס זייער פאַרמעגן איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, אָבער זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום באַציאונג צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט; דאָס זיינען צום רוב געווען מענטשן, וואָס האָבן געזאָגט אַז דאָ אין אַמעריקע, דאָ דאַרף מען קוקן פונוואַנען מען לעבט און ווייל זיי האָבן שוין געהאָט אַ גוט לעבן, האָבן זיי פאַרגעסן אָן זייערע ליידן פון אַמאָל און זיי האָבן נאָר געפילעוועט זייערע געשעפטן.

די אַלטוואַרג־הענדלער אויף ליבערטאַד האָט מען באַצייכנט מיט דעם נאָמען „קאָמבאַלאַטשניקעס" און איינער פון זיי, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ גרויס געשעפט וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט פאַרשידענע אַלטע, האַלב־נייע און ניי אַרטיקלען, פון גאַנצע אַנצוגער ביז אַ פּאָר ביליקע מאַנזשעטן־קנעפּ, איז געווען לעאָן גאָלדבערג.

די געשיכטע פון לעאָן אָדער לייביש גאָלדבערג, איז דעמאָלט אין בוענאָס־איירעס נישט געווען דער איינציקער פאַל. דער „עזרת נשים" האָט יעדן טאָג דערהאַלטן „הימל־שרייענדיקע" בריוו פון עלנטע פרויען אין די אַלטע היימען און אַ סך פאַלן אין וועלכע דער פאַרוואַלטער פון „עזרת נשים", הער גאָנאָפאָל האָט אינטערווענירט, האָבן געבראַכט גאַנץ גוטע רעזולטאַטן.

נאָר אַנדערש איז געווען ביים היינטיקן לעאָן גאָלדבערג.

ער האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן אָן דער ערשטער צייט ווען ער איז אין 1910 אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, ווי ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אָן עלנטער איבער די גאַסן און וויפל נעכט ער האָט באַדאַרפט איבערשלאָפן אויף אַ באַנק ערגיץ אויף אַ „פּלאַסע" און אָן די טרויעריקע בריוו וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבן צו זיין ווייב אין דער אַלטער היים.

דריי יאָר האָט עס ביי אים געדויערט ביז ער האָט אָנגעהויבן פאַרדינען געניגנ, אַז ער זאָל קענען אָפּשפּאָרן עטלעכע פּעזעס צו קויפן פאַר זיי דאַלאַרן און אָפּשיקן צו זיין ווייב און קינדער און ווען עס האָט אים שוין אָנגעהויבן גיין בעסער און ער וואָלט שוין אפשר געווען געשיקט אַ שיפקאַרטע נאָך זיי, איז אויסגעבראָכן די מלחמה, טשענסטעכאָוו איז שוין געווען פאַרנומען פון דייטש און עס איז איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונג מיט דער אַלטער היים.

אָנגעהויבן האָט לעאָן גאָלדבערג פאַרדינען אַלס גאַסן־הענדלער, אָדער ווי מען האָט עס דאָ גערופן: „וועגדעדאָר אַמבולאַנטע". פון גאַנץ פרי ביזן אָוונט, איז ער אַרומגעגאַנגען איבער גאַסן מיט אַ קעסטעלע מיט פאַרשידענע אַרטיקלען ווי פּאַסקעס, ביימעלעך און זאַפּינקעס, אָבער שנעל האָט ער געטוישט זיין אַרבעט־צייט פון ביי טאָג אויף ביינאַכט, ער האָט זיך נעמלעך באַקענט מיט געוויסע פאַרשוינען וואָס האָבן אים געלערנט, אַז מיט צוויי שעה האַנדלען אין די נאַכט־שעהן, קאָן ער פיל מער אויפטאָן ווי מיט זיין אַרומשלענדערן אַ גאַנצן טאָג און מעסטן די גאַסן.

לעאָן גאָלדבערג האָט געפאָלגט די עצות, ער האָט אָנגעהויבן גיין ביינאַכט מיט זיין קעסטל סחורה אין די „הייזלעך"...

עס זאָגט זיך „הייזלעך"; אָבער דעמאָלט האָט נאָך נישט געהערשט קיין שום געזעץ וואָס זאָל רעגלאַמענטירן די פּראָסטיטוציע, ערשט עט-

לעכע יאָר שפּעטער איז אָנגעגומען געוואָרן אַזאַ געזעץ וואָס איז באַ־צייכנט געוואָרן מיט דעם נאָמען „לעי פּאַלאַסיאָס"; דעמאָלט זיינען נאָך די „בתי זונות" נישט געווען קיין „הייזלעך", נאָר גרויסע שאַנד־הייזער אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען צו פילע צענדליקער קרבנות פון ווייסן שקלאַפן־האַנדל, די קרבנות האָבן געשטאַמט פון פאַרשידענע לענדער, שטעט און שטעטלעך און אַ היפשער פּראָצענט פון זיי האָבן געשטאַמט פון פּוילן און גאַליציע, וואו זייערע פרומע טאַטעס און מאַמעס האָבן אויסגעוויינט זייערע אויגן נאָך זיי, נישט וויסנדיק וואו זייערע קינדערס געביין איז אַהינגעקומען...

לעאָן גאָלדבערג האָט זיך פּאַמעלעך צוגעוואוינט צו דער גרויליקער סביבה.

די ערשטע באַזוכן אין אַזאַ שאַנד־הויז זיינען אים געווען זייער פּרי־קרע; די צענדלינקער יונגע מיידלעך וואָס האָבן כסדר דעפּילירט אַרום־אונאַרום איבער דעם גרויסן אויפנאַם־סאַלאָן כמעט אינגאַנצן נאַקעט, בלויז מיט דורכזיכטיקע דינע טיולן אויף זייערע נאַקעטע לייבער און די וואולגאַרע צינישע און אָפט ברוטאַלע באַנעמונג וואָס די פאַרשידענע טיפּן מענער האָבן אַרויסגעוויזן צו זיי, האָט אים צומאָל אָפּגעשטויסן, אָבער דאָס לייכטערע לעבן האָט אים געלאָקט און ער האָט זיך פּאַמעלעך צו־געוואוינט און כסדר געשלאָסן נייע באַקאַנטשאַפטן מיט די „מומעס" און מיט „חברה־לייט" וואָס האָבן געוואַכט איבער דער „אָרדענונג" אין די שאַנד־הייזער און אַזוי, כאָטש נישט האָבנדיק קיין דירעקטע שייכות צום „ווייס־פלייש־האַנדל", איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַטמאָספער פון האַרצלאָזיקייט און צינישער ברוטאַליטעט, עס האָט אים מער נישט געאַרט צוצוזען די פּאַנישע און היסטערישע סצענעס וואָס האָבן זיך דאָרט אַזוי אָפט אָפּגעשפּילט און זיין אויער האָט מער נישט רעאַגירט, ווען ער האָט פּלוצלינג דערהערט אַן אַנטזעצלעכן שוידערלעכן אויסרוף פון פּיין, וואָס אַ נייער קרבן האָט דאָרט ערגיץ אין אַ ווינקל־שטיבל אַרויס־געלאָזן אונטער דער שמייסנדיקער בייטש פון איר פּייניקער.

ער אַליין, לעאָן, וואָלט פונדעסטוועגן קיינמאָל אין לעבן נישט צוגע־שטאַנען צו ווערן איינער פון די, וואָס לעבן דירעקט פון דעם גרויזאַמען מסחר, כאָטש זיין געפיל איז שוין געווען גענוג פאַרטעמפּט צו קענען מיט־פילן דעם צער פון די קרבנות.

און טאַקע דערפאַר, ווייל זיי האָבן געזען אַז לעאָן וועט קיינמאָל נישט ווערן קיין דירעקטער מיט־שותף צו זייער טרפהנעם מסחר, האָבן די פּרויען־הענדלער, די אַזוי גערופענע „רופיאַנעס", אים מקרב געווען.

געווען צווישן די פרויען־הענדלער אַזעלכע „שאַפּשאָוויטשעס" וואָס

האָבן געהאַט דערוואַקסענע טעכטער. די טעכטער האָבן גאַנץ אָפט אַפילו נישט געוואוסט מיט וואָס זייערע עלטערן פאַרנעמען זיך. זיי זיינען אויפֿגעצויגן געוואָרן מיט אַ סך אָפּגעהיטנקייט און נישט האָבנדיק קיין צוטרוי צו די „אייגענע” יונגען וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט „אַריינפֿירן כלות” פֿאַר זייער מסחר, האָבן זיי געזוכט פֿאַר זייערע טעכטער אַן ערלעכן חתן, אַ „ווײַטישן”, ווי זיי האָבן אַזאַ איינעם אָנגערופֿן, וואָס וועט וויסן אָפּצושאַצן אַז אַ ווייב איז נישט קיין „נקבה” וואָס דאַרף ברענגען „פּינוסע”...

איינער פֿון די דאָזיקע „שאַפּשאָוויטשעס” איז געווען גימפּל קאַסאַקע, אַן אַלטער „חברה-מאַן” פֿון אַדעס, וואָס האָט שוין געלעבט אַלס „קאַפּיטאַליסט”, וואָס ליגט אויס געלט פֿאַר „חתנים” וואָס דאַרפֿן פֿאַרזוכן און ברענגען „כלות”, ער איז אויך געווען הויפּט-שותּף פֿון אַ גאַנצע רייע שאַנד-הייזער אין הויפּטשטאָט און אויף דער פּראָווינץ.

גימפּל קאַסאַקע האָט געהאַט אַן איינציקע טאָכטער, בעלאַ, וועלכע ער האָט אָפּגעהיטן ווי זיין אויג אין קאָפּ, אָבער פּונקט אַזוי ווי ער האָט אַמאָל, אין אַדעס נישט געקאָנט פֿאַרהיטן, אַז אַן אונטערוועלט-מענטש זאָל אים דערלאַנגען אַזאַ זעץ אין די אויגן, אַז ער זאָל אויף אייביק בלייבן קאַסאַקע אויפֿן רעכטן אויג, אַזוי האָט ער נישט געקאָנט אָפּהיטן און פֿאַרהיטן די אומשולד פֿון זיין טאָכטער.

קומענדיק קיין אַרגענטינע מיט זיין ווייב די געוועזענע „נקבה”, און מיט דער פֿינף-יעריקער בעלאַ, האָט ער דאָס קינד באַלד אַוועקגעגעבן אין אַ „פֿאַרמאַכטער שולע”, וואו ער האָט זי פֿון צייט צו צייט באַזוכט און געבראַכט איר מתּנות און בלויז אויף יום-כּיפּור, ווען די שאַנד-הייזער זיינען געווען פֿאַרמאַכט און אַלע חברה-לייט האָבן זיך אויף דעם הייליקן טאָג פֿאַרוואַנדלט אין פֿרומע נאָטספּאָרכטיקע מענטשן, האָט ער זי געבראַכט אַהיים און אין זייער לוקסוס-רייכער שול וואו ער איז געווען גבאי, כּדי דאָס קינד „זאָל אין זיך איינזאַפּן יידישקייט”...

שפּעטער, ווען בעלאַ איז געוואָרן גרעסער, האָט ער זי אַהיימגענומען, געלאָזן זי שטודירן אין אַ מיטל-שול, געהאַלטן פֿאַר איר אַ פּיאַנאָ-לערער און אָנגעזאָגט דער מוטער מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער וועט איר טרייבערן די קישקעס, אויב זי וועט נישט אָפּהיטן די ריינקייט און ערלעכקייט פֿון זיין קינד...

די מוטער האָט זי טאַקע געהיטן און האָבנדיק אַ פֿאַרדאַכט אַז דער פּיאַנאָ-לערער טשעפּעט זיך צו איר, האָט מען אים באַלד משלח געווען און געבראַכט אויף זיין פּלאַץ אַ פֿרוי אַ פּראָפֿעסאָראַ דע פּיאַנאָ. די מוטער האָט אָבער נישט געקאָנט אַכטונג געבן אויף בעלאַן בעת זי איז גע-

גאַנגען און געקומען פון שול און באַמערקנדיק מיט זיין קאַסקע אויג אַן ענדערונג אין זיין קינד, האָט גימפּל איר גענומען נאָכשפּיאָנירן ווען זי איז געגאַנגען אין שול און פון שול און איינמאָל האָט ער טאַקע געזען ווי זי באַגעגנט זיך מיט אַ פּראַנט און אנשטאָט אין דער שולע, פאַרקער־רעווען זיי זיך אין אַ געסל וואו עס שטייט אַן אויטאָ און איידער ער האָט נאָך באַוויזן צוצולויפן און כאַפּן זי פאַר דער האַנט, זיינען זיי שוין געווען אין אויטאָ און שנעל אַוועקגעפאָרן.

אויפן ערשטן מאָמענט, האָט ער זיך פאַרמאָסטן ווי נאָכצולויפן זיי, אָבער ווען דער אויטאָ האָט זיך פאַרקערעוועט אין אַן אַנדער געסל און פאַרשוואונדן, איז ער אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי צעמישט און פּלוצלינג האָט ער זיך מיט ביידע צוזאַמענגעקראַמפּטע פויסטן גענומען זעצן אין קאָפּ און ערשט ווען עטלעכע פרעמדע מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן אים, האָט ער אָנגעהויבן קומען צו זיך, ער האָט די אָרומשטייענ־דיקע צוגעוואָרפן אַ וויסטע קללה און איז אַוועק אַהיים.

אַ שעה שפּעטער, איז שוין זיין ווייב געלעגן אין בעט אַ צעקיילטע און צעביילטע און געקרעכצט פון ווייטיק און נאָך אַ שעה שפּעטער, האָט שוין בעלאָם שיין־אויסמעבלירטע און מיט פאַרשידענע קינדער־שפּילצייג באַצירטע שטיבל אויסגעזען ווי נאָך אַ חורבן.

גימפּל האָט שוין געסאָפּעט פון מידקייט, אָבער ער האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט ברעכן און צערייסן און צעטרעטן די שפּילצייג און ווען ער האָט שוין געהאַט אַראָפּגעריסן די שיין־געהאָפטענע פוירהאַנגען פון פענצטער און זיי מיט די ציין צעביסן און צעריסן אויף שטיקער און צעטרעטן די שמאַטעס מיט די פיס, איז ער ענדלעך געבליבן שטיין, ווילד זיך אַרומגעקוקט און נישט געפינענדיק מער עפּעס אַזוינס וואָס זאָל רייצן זיין צעווילדעוועטן געמיט, האָט ער גענומען אַוועקבריקען מיט די פיס די אָנגעוואָרפענע צעבראָכענע און צעריסענע זאַכן, געמאַכט זיך אַ וועג און אַ סאָפּענדיקער אַריין אין גרויסן עס־צימער.

ער האָט זיך ווילד אַרומגעקוקט ווי זוכנדיק ביי וואָס אָנצוהויבן אויס־לאָדענען זיין טיפן ווייטיק און צאַרן, אָבער די פרישע לופט וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורך די צוויי גרויסע אָפענע פענצטער, האָט אויף אים געווירקט באַרואיקנדיק און ער איז אַ ווײַלע שטיין געבליבן, גענומען זיך רייבן דעם שטערן, אַרויסגענומען דאָס טאַשנטוך און אַרומגעווישט זיך דעם שוויים פון גאַנצן פּנים און קאַרק און פּלוצלינג איז אים באַפאַלן אַ רחמנות צו זיך אַליין און עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ און אָנ־געהויבן רעווען, אָבער דער כעס האָט נאָך אין אים אַזוי געברויזט, אַז

ער האט נאך נישט געקאנט וויינען. ערשט ווען ער איז אויפגעשטאנען און איז צוגעגאנגען צו דער פיאנא, געעפנט זי און געקוקט אויף דער לאנ־גער שורה ווייסע קלאווישן, האבן זיך זיינע אויגן אנגעפילט מיט טרערן און ווי מיט א לעצטן צאפל פון זיין כעס, האט ער א זעץ געטאן מיט דער פויסט אויף די קלאווישן, די פיאנא האט ארויסגעלאזן א מוראדיקן אוים־געשריי פון צונויפגעגאסענע קלאנגען, פון ווייבס צימער האט זיך דער־הערט א גרעלער קווימש, און ביי גימפלען האט זיך פארדרייט דער קאפ, די שורה ווייסע קלאווישן האבן אים פלוצלינג אויסגעזען ווי בעלאס שיי־נע ווייסע ציינער און מיט נייעם אויפגעקאכטן כעס האט ער אויסגע־בראכן און ארויסגעריסן א ווייסן קלאוויש, פילנדיק ווי ער וואלט בעלאן אויסגעהאקט א צאן און מיט דעם איינגעקוועטשטן קלאוויש אין האנט, האט ער זיך אויפסגיי א ווארף געטאן אויף דער ערד און ערשט איצט האט ער אנגעהויבן שטיל צו יאמערן און שטראמען טרערן האבן גענומען וואשן זיין טיפן וויטיק.

צוויי חדשים האט בעלא געקרענקט נאך דעם דאזיקן טאג.

גימפל האט זי מער נישט געלאזן שטודירן. — זאל זי ליגן אינדער־היים איינגעלייגט און דו, ציפע, האט ער געווארנט זיין ווייב, וועסט וואכן איבער איר ווי א הונט... מיין טאכטער וועט מוזן זיין א געטריי ווייב צו א יידישן מאן, ווען נישט, זאלן ווערים אויפרעסן איר מיידליש לייב!...

און דעמאלט האט גימפל באשלאסן, אז ער מוז זי שנעל פארשלייערן. — אויב זי האט זיך שוין איינמאל „געלאזן אויפן שטריך", מוז מען מיט איר שנעל פארטיק ווערן...

ער האט אפילו נישט געוואלט טראכטן וועגן נעמען פאר איר עפעס אן אייגענעם יאט, פון דער חברה, ווייל אויב זי איז שוין אזא, וועט ער דאך זי זיכער מאכן פאר א „נקבה" און אזוי האט זיך געמאכט, אז ער האט געווארפן זיין קאסאקע אויג אויף לעאנען, דעם „וויטישן" וואס דרייט זיך ארום מיט זיין קעסטל סחורה אין הייזל.

ער האט לעאנען אנגעהויבן מקרב זיין, באקאנט ווערן מיט אים און שפעטער האט ער אים פארבעטן צו זיך אהיים און דערוויסנדיק זיך אז לעאן האט געלאזן אינדערהיים א ווייב (וועגן דעם, אז ער האט אויך צוויי קינדער, האט ער נישט אויסגעזאגט) האט ער פונדעסטוועגן אים נישט אפגעלאזן און עס האט זיך געמאכט אזוי, אז בעלא, נישט קענענדיק ארוים־גיין אין גאס, איז געווען צופרידן ווען לעאן איז געקומען און ענדלעך איז געקומען דער מאמענט, ווען גימפל האט לעאנען פארזיכערט, אז אויב זיין ווייב וועט בלייבן לעבן נאך דער מלחמה און זי וועט האבן טענות, וועט ער אים העלפן אזוי, אז ער זאל איר קענען שיקן גענוג געלט מיט א

גט און דערוויל, קאָן ער גאַנץ פיין חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער.

און אַזוי איז געווען. די חברה־לייט האָבן געהאַט זייער אייגענעם רב׳ל וואָס האָט נישט מקפיד געווען אין די ענינים; אַז מען האָט געמאַכט אַ חתונה, האָט ער געגעבן חופה וקדושין און לעאַן, וועלכער האָט שוין אין דער סביבה אַלצאיינס געהאַט פאַרלוירן יעדן געפיל פאַר זיין אַמאָליקער פרוי, האָט די געשעעענישן ווי זיי זיינען געקומען גענומען פאַר גוט און ער איז געווען זייער צופרידן ווען דער רייכער שווער האָט אים נאָך דער התונה נישט געלאָזן מער אַרויסגיין מיט דעם קעסטעלע ביליקע אַרטיק־לען, ער האָט אים געדונגען אַ קלייט אויף דער גאַס ליבערטאַד, און איינ־געאָרדנט פאַר אים דעם „קאַמבאַלאַטש״, וועלכער האָט געגעבן גוטע פרנסה און ער האַלט אים ביז צום היינטיקן טאָג.

צוויי יאָר שפּעטער איז גימפּל קראַנק געוואָרן, עס האָבן נישט גע־האָלפן די דאָקטוירים מיט די רפואות, ער האָט געפילט אַז ער גייט אַ גאַנג און ער האָט געבעטן אַז די קינדער, לעאַן און בעלאַ זאָלן צו אים קומען.

דאָס קאַסאָקע אויג איז שוין איצט געווען ביי אים אינגאַנצן פאַר־מאַכט, האָט ער בלויז מיט דעם צווייטן האַלב־אויסגעלאָשענעם אויג גע־קוקט אויף די קינדער, אַ קוק אויף בעלאַן און אַ קוק אויף לעאָנען און עפּעס האָט זיך אים גענומען מישן אין קאָפּ, עפּעס האָט ער זיך אָנגעהויבן דערמאָנען פון אַ טראַכטעניש וואָס ער האָט אַמאָל געטראַכט, און אָנ־שטאָט לעאָנען, האָט ער דאָ געזען שטיין אַ יונגן מאַן מיט בלאָנדע וואָנ־סעלעך און מיט גאָלדענע פענסנע, און מיט אַ פּעקל ביכער אונטערן אָרעם... יאָ, ער דערמאַנט זיך, ער האָט געוואָלט האָבן פאַר זיין טאָכטער אַ דאָקטער... ער האָט אַמאָל געהאַט געוואָרפן אַן אויג אויף אים... זיין האַלב טויטער בליק וואַנדערט פאַמעלעך פון לעאָנען צו זיין ווייב און פון איר צו בעלאַן, ער מאַכט אַן אָנשטרענגונג, מען זעט אַז ער וויל עפּעס זאָגן, יאָ, ער וויל זאָגן אַ ביטער וואָרט, ער וויל זאָגן, אַז בעלאַ איז אַ „נקבה״ פּונקט אַזוי ווי ציפּע, זיין ווייב, אַ בראָך אויף איר, איז עס גע־ווען... עס באַווייזן זיך נאָך אויף זיין שוין האַלב־טויטן פּנים די קען־צייכנס, די סמנים אַז ער הויבט אָן ווערן אין כעס, זיין צוגעמאַכט קאַ־סאָקע אויג עפנט זיך פּלוצלינג ברייט אויף און שטעלט זיך אָפּ מיט גלע־זערנעם בליק אויף בעלאַן, ער מאַכט אַ שטאַרקע אָנשטרענגונג זיך אויפ־צוזעצן, אָבער פּלוצלינג גיט ער זיך אַ צאַפּל מיט זיין גאַנצן קערפּער און ער פאַלט צוריק אַוועק, ער איז שוין טויט.

לאַנגע חדשים נאָך גימפּלס רייך־אויסגעשטאַטעטן לויה־צוג וואָס האָט אים אַוועקגעפירט קיין אַוועזשאַנעדאַ, אַ פאַרשטעטל פון בוענאָס־איירעס,

צום בית-עולם פון די „חברה-לייט‟, האָבן ציפּה און בעלאַ דערמאַנט ווי אַזוי ער איז געשטאָרבן „אויף זייערע הענט‟ און ציפּע, זיצנדיק אין איר סביבה מיט די „מומעס‟ פון „הייזלעך‟, האָט נישט איינמאָל אויסגערופן:
— ער איז דאָך געשטאָרבן ווי אַ צדיק!...

נאָך גימפּלס טויט האָט מען ערשט געזען, אַז ער האָט נישט איבער־געלאָזן אַזאַ גרויסן פאַרמעגן ווי מען האָט געמיינט, אָבער אויף בעלאַס חלק איז אויסגעפאַלן אַ גענוג גרויסע סומע, אַז לעאָן זאָל קענען פאַר־גרעסערן זיין „קאַמבאַלאַטש‟, ער האָט אָפּגעקויפט די קלייט פון זיין שכן און אויסגעהאַקט די וואַנט און זיין „קאַמבאַלאַטש‟ איז געוואָרן צוויי מאָל אַזוי גרויס, דאָס געשעפט איז געגאַנגען גוט און וועלנדיק „האַלטן אַן אויג‟ אויף בעלאַן, ווייל ער האָט געוואוסט פון וואַנען זי קומט, האָט ער זי געהאַלטן אַלס קאַסירערן אין זיין „קאַמבאַלאַטש‟ און געשאַפן איר די רעפּוטאַציע, אַז זי איז אַ וואוילע אַרבעטזאַמע פרוי, זי פירט אים דאָס גאַנ־צע געשעפט.

אין זיין גוטן מאַטעריעלן צושטאַנד און מיט זיין פאַרגרעבטקייט מיט וועלכער ער האָט זיך אָנגענומען אין דער סביבה פון די „חברה-לייט‟, האָט ער שנעל פאַרגעסן אַז ער האָט אין דער אַלטער היים איבערגעלאָזן אַ ווייב מיט צוויי קליינע קינדער, ער האָט זיך דאָ געלעבט אַ זאַטן צו־פרידענעם לעבן.





## „עזרת נשים"

די געשיכטע מיט לעאָן גאָלדבערג איז נישט געווען די איינציקע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין בוענאָס-איירעס נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אָבער יעדע ענלעכע געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּילט און אויסגעשפּילט אויף אַן אַנדער אופן.

אויך וואָלף, אָדער ווילי שטיינמאַן האָט שוין דאָ געהאַט אַן אַנדערע פרוי.

ער איז קוים אַלט געווען 26 יאָר ווען ער איז אין אַנהויב 1914 געקומען קיין אַרגענטינע. ער האָט דאָ געליטן הונגער און נויט, געוואָרפן זיך צו פאַרשידענע אַרבעטן, באַלד געבליבן אַרבעטסלאָז, ביז ענדלעך האָט ער באַקומען אַ פּלאַץ ביי אַ יידישן מעבל-הענדלער, דער הענדלער האָט אים צוערשט אַרויסגעשיקט אין גאַס אַריין פאַרקויפן קליינע טישלעך צום אויסצאָלן און וואָלף האָט אויף שטום-לשון געזוכט קונים און דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט, ער האָט דערווייל באַקומען אויסגעצאָלט צוויי פּעזעס אַ טאָג און צום חודש, האָט ער זיך אָפּגערעכנט און לויט די באַשטימטע פּראָצענטן פון זיינע פאַרדינסטן, איז אים אַרויסגעקומען נאָך עטלעכע צענדלינג פּעזעס.

דער סוחר האָט אים גוט-ברודעריש געקלאַפּט אין פּלייצע, געזאָגט אים, אַז איצט איז ער שוין אַ גביר און דערהערנדיק אַז דער גרינער וואוינט אין אַ הילצערן קעמערל וואָס איז נישט קיין סך גרעסער ווי אַ בודע פאַר אַ הונט, האָט ער אים שנעל פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך צו אים אַריינקלייבן, ער וועט אים אָפּגעבן אַ פיין באַקוועם אויבער-שטיבל און פאַר אַ ביליקן פּרייז, ווייל ער געפעלט אים, ער איז אַרבעטזאַם און ער וויל אים האָבן פאַר אַ שכן.

אין דער נייער וואוינונג איז ווילי געווען זייער צופרידן. דאָס אויבערשטיבל, וואָס כאָטש עס איז אויך געווען נישט מער ווי אַ הילצערנע קאַמער וואָס איז געשטאַנען אויפן דאַך פון דעם סוחרס וואוינונג, איז עס געווען ווי אַ פּאַלאַץ אַנטקעגן דעם ענגן ווינקל אונטער

די טרעף וואו ער האָט פריער פשוט נישט געהאַט קיין פּלאַץ אויסצוגלייכן די ביינער; אויסערדעם, האָבן סיי דער באַלעבאָס, סיי זיין ווייב ווי זייערע קינדער, אים אַרויסגעוויזן אַ סך פריינטלעכקייט און נאָך די לאַנגע חדשים וואָס ער האָט געליטן פון עלנט און נויט, האָט ער זיך דאָ ממש געפילט גליקלעך.

ווילי האָט אָבער נישט געוואוסט, אַז דער פּיפּיקער מעבל-סוחר איז מיט זיין גוטהאַרציקייט אויסן געווען עפּעס מער ווי דאָס בלויזע אַרויס-וויזן פריינטשאַפט צום „גרינעם״. דער מעבל-סוחר גיזשערמאָ, אָדער געצל באַראַבולאַ, האָט געהאַט צוויי זין און איין טאָכטער; די טאָכטער, פאַני, אַ מיאוסקייט, מיט שטיפּלען אויפן פּנים וואָס זיינען איר געבליבן נאָך אַ קרענק, איז שוין געווען אין די יאָרן און כאָטש פּרנסה איז געווען גענוג, וויל געצל איז געשטאַנען אין געשעפטלעכע באַציאונגען מיט די „חברה-לייט״ וואָס האָבן ביי אים געקויפט געוויסע מעבל-זאַכן פאַר זייע-רע שאַנד-הייזער און ער וואָלט נישט געזשאַלעוועט קיין געלט אויף איינ-צואָרדנען פאַר איר אַ פיינע היים, האָט זיך אָבער נישט געיאָוועט פאַר איר קיין חתן און איצט, באַקומענדיק צו זיך דעם גרינעם, האָט געצל באַשלאָסן אים מער נישט אַרויסצולאָזן פון זיינע הענט.

ווען עמיץ זאָל ווילין געוועון זאָגן, אַז ער דאַרף מיט אָט דער פאַר-זעעניש חתונה האָבן, וואָלט ער זיך אויסגעלאַכט און געזאָגט אַז יענער איז אַ משוגענער. ער האָט זיין יונג שיין ווייבל, זיין חנהלע, וועלכע ער האָט פאַרלאָזן בלויז אַ יאָר נאָך זייער חתונה נישט פאַרגעסן און נישט איינמאָל האָט ער באַוויינט זיין און איר ביטער מזל, וואָס די ווילדע מל-חמה האָט צעשטערט זיין פאַרבינדונג מיט איר און וואָס אפילו די בריוו וואָס ער האָט געשיקט צו איר דורכן „רויטן קרייץ״, זיינען צוריקגעקומען מיט דער צושריפט, אַז מען האָט נישט געפונען דעם אַדרעסאַט.

עס האָט אָבער נישט געדויערט קיין יאָר און ווילי האָט געמוזט פאַ-נין „מקדש זיין כדת משה וישראל״.

געקומען דערצו איז עס אויף אַ פשוטן אופן: פאַני האָט רחמנות גע-האָט אויף דעם „גרינעם״ וואָס גייט אַרום יעדן אינדערפרי אויפן ניכ-טערן מאָגן, אַן אַרומגעהאָנגענער מיט פינף אָדער זעקס קליינע טישלעך, און זי האָט אים אָנגעהויבן אַרויפדערלאַנגען אַ גלאָז טיי און אַמאָל אויך עפּעס „צוצובייסן״ און איינמאָל, ווען ער איז צוליב אַ שטאַרקער פאַר-קילונג געבליבן אינדערהיים, איז זי נישט אָפּגעטרעטן פון זיין בעט, בסדר אים דערלאַנגט אַ גלעזל טיי, איינגעגעבן אים אַספּירין, געווישט אים דעם שווייס פון שטערן און דעמאָלט האָט ער פּלוצים דערזען, אַז זי איז גאָרנישט אַזוי מיאוס, אַז זי האָט עפּעס אין זיך סימפּאַטישעס, מו-

טערלעכעס און פון דאַנקבאַרקייט צו אירע צערטלעכקייטן, האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און עס איז געקומען צו אַ דערנענטערונג צווישן זיי...

און דעמאָלט האָט עס זיך אָנגעהויבן.

זי האָט אָנגעהויבן אַרויפקומען צו אים ווי צו אַן אייגענעם, איבער־געקוקט זיין וועש, צי פעלט אים נישט ערגיץ אַ קנעפּל צו אַ העמד און ווען אים האָט דאָס אויפגעהערט געפעלן און ער האָט געפּרואווט זיך אָפּטשעפּען פון איר, האָט זי אָנגעהויבן וויינען און ווען ער האָט אין אַ געוויסן פרימאָרגן געבעטן דעם סעניאָר זשילערמאָ, ער זאָל אים מאַכן דעם חשבון ווייל ער וויל זיך אַרויסקלייבן פון דער דירה, האָבן זיך פּלוצ־לינג געיאַוועט פאַנים צוויי ברידער, איינער מיט אַ לענגלעך דאַרן פּנים, מיט קליינע שוואַרצינקע וואָנסעלעך און מיט אַ גלאַנציקן, מיט „גאָמינאַ" פאַרקלעפּטן און צוגעפּלאַטשטן קאָפּ האָר, ער האָט כסדר געשמייכלט און דער צווייטער, אַ יונגערער פון אים, נאָר אַ דיקערער, אויך מיט שטיפּלען אויפן פּנים, ענלעך צו זיין שוועסטער, וואָס האָט אויף אים געקוקט מיט גזלנישע בליקן, אַזוי ווי כסדר גרייט זיך צו וואַרפן אויף אים.

זיי האָבן צו ווילין גערעדט שפּאַניש. צוערשט האָט אָנגעהויבן ריידן דער פראַנט מיט די שוואַרצע וואָנסעלעך. דער שמייכל איז נישט אַראָפּ פון זיין פּנים. ער האָט אָנגעהויבן ווי וויצלענדיק זיך וועגן דער לויבנבאַר־קייט זיך צו טשעפּען צו אַ מיידל וואָס ווייזט אַרויס געטריישאַפט צו אַן עלנטן גרינעם און צי וויל ער איצט אַוועקגיין וואוינען ערגיץ אַנדערש, וואו ער האָט אַוודאי געפונען אַן אַנדער לייכטגלויביק מיידל, כדי צו האָבן אַ נייעם קרבן...

ווען דער צווייטער ברודער האָט מיט רוצחישע בליקן פון אַ הינט־שלעגער אָנגעהויבן פאַרזעצן מיט ענלעכע אָנצוהערענישן און ענדלעך ווילין אונטערגעשטעלט אַ געבאַלטע פויסט האַרט אונטער דער נאָז, האָט דער ערשטער, נאָך אַלץ מיט דעם פראַנטישן שמייכל אויפן פּנים, זיך גע־נומען שפּילן מיט אַ פינקלדיקן שפּוגל־נייעם רעוואָלווער.

ווילי האָט זיך שוין פון זשילערמאָס הילצערנעם אויבער־שטיבל נישט אַרויסגעקליבן, ער איז שוין אַפילו נישט אַרויסגעגאַנגען מיט די טישלעך האַנדלען, ווייל זשילערמאָ צוזאַמען מיט זיינע צוויי בנים האָבן אים גע־נומען צו זיך אין מעבל־געשעפט און זיי האָבן אים נישט אָפּגעלאָזן פון אויג אויף קיין איין מינוט, ביז ער האָט נאָך אַ רייע טויט־דראַאונגען אויסגעפּאָלגט זייער באַפעל „גוט צו מאַכן זיין פעלער". סעניאָר גיזשער־מאָ האָט געמאַכט אַ רייכע חתונה, זיינע פריינט, די „חברה־לייט" וועל־כע האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ מצוה וואָס „מען דעקט דער מויד צו דעם

קאַפּ", האָבן געבראַכט אַ סך מתנות און זייער רבּ'ל איז געווען דער מסדר קדושין, ווילי מיט פאַנין זיינען געוואָרן אַ פּאָר.

ווילי האָט געהאַט אַ פאַרביטערט לעבן, ווייל נישט נאָר וואָס פאַני איז געווען אַזאַ מיאוסקייט, נאָר נאָך דער חתונה האָט זיך נאָך אַרויס־געוויזן אַז זי איז אַ מרשעת, זי האָט נישט אויפגעהערט אים יאָדען פאַר־וואָס ער האָט זי אַזוי „אַריינבאַקומען", זי האָט זיך נישט באַדאַרפט פאַר־בינדן מיט אַ „גרינע חיה" און נישט איינמאָל האָט ער געפּרוּווט צו מאַכן אַ פּליטה פונדערהיים, אָבער אַלעמאָל זיינען זיינע פּלענער צו אַנט־לויפן צעשטערט געוואָרן צוליב דער וואַכזאַמקייט פון געצל באַראַבּולע מיט זיינע צוויי בנים.

און אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר און ווילי האָט זיך אַזוי לאַנג אונטערגעוואָרפן זיין שווערן גורל צוליב מורא פאַר זיין לעבן, ביז ער האָט זיך צוגעוואוינט צו זיין לאַגע.

איצט, האָט דער פאַרוואַלטער פון „עזרת נשים", דער סעניאָר גאָ־נאַפּאָל, געהאַט אויף זיך צו דערלעדיקן די צוויי ענינים.

שוין אַ סך פריער, איידער די שיף „אַטלאַנטאַ" האָט געבראַכט די צוויי עגונות קיין אַרגענטינע, האָט גאָנאַפּאָל אָנגעהויבן אינטערווענירן וועגן זיי. צוערשט האָט דער פּויליש־יידישער פאַרבאַנד באַקומען האַרצ־רייסנדיקע בריוו פון ברכה גאָלדבערג מיט אירע צוויי „לעבעדיקע יתו־מות" און שפּעטער בריוו מיט אָנפראַגעס פון חנה שטיינמאַן וועגן איר מאַן און ווען דער פּרעזידענט פון פאַרבאַנד, אברהם פרידמאַן, האָט גע־פאָרשט און אויסגעפונען די אַדרעסן פון די צוויי פאַרשווין, האָט ער ביי־דע ענינים איבערגעגעבן צום „עזרת נשים" און גאָנאַפּאָל האָט אָנגע־הויבן פּרוּוון עפּעס טאָן.

ביי לעאָן גאָלדבערג אין געשעפט, האָט גאָנאַפּאָל באַקומען אַ זייער מיאוסן אָפּשניט. גאָנאַפּאָל האָט זייער העפלעך געבעטן ביי לעאָנען אַנט־שולדיקונג, ער דאַרף מיט אים ריידן אַ פּאָר מינוט אונטער פיר אויגן און ווען ער האָט אים געזאָגט אַז עס זיינען געקומען האַרצרייסנדיקע בריוו פון זיין פרוי און קינדער פון טשענסטעכאָוו, איז לעאָן אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי געפּלעפט, אָבער שנעל איז ער געקומען צו זיך און אָנווייזנדיק אויף בעלאַן וועלכע איז געזעסן ביי דער קאַסע, האָט ער שטיל, אָבער גענוג האַרט אויסגערופן: — איך ווייס נישט וואָס איר ווילט פון מיר, אָט דאָרט זיצט מיין פרוי!...

גאָנאַפּאָל האָט נאָך געפּרוּווט ריידן צו זיין סענטימענט, ער האָט אַרויסגענומען די פאָטאָגראַפיעס פון לעאָנס צוויי טעכטערלעך, געוואָלט אַז ער זאָל כאָטש אַ קוק טאָן אויף זיי, אָבער לעאָן האָט אויף אַ גראָבן

אופן אָפּגעשטופּט גאַנאַפּאָלס האַנט מיט די בריוו און מיט די פּאַטאַס:
— איך בין נישט נייגעריק צו זען און טראָגט אייך בעסער אָפּ מיט דעם בינטל שמות!...

דער זעלבער גאַנאַפּאָל וועלכער איז געווען גענוג מוטיק אין קאַמף מיט די „טמאים" ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַרויסרייסן אַן אַריינגענאַרט מיידל פון זייערע הענט, האָט דאָ גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן, דאָ האָט ער נישט געקאָנט דראָען מיטן כוח פון דער פּאָליציי און אַ גרעסערשאַפטלעך שטאַרקער כוח איז נאָך דעמאָלט דאָ נישט געווען און אויב ער האָט נישט געפונען קיין אויערן און קיין הארץ וואָס זאָלן פאַרנעמען זיינע מוסר־רייד, האָט ער זיך געמוזט צוריקציען מיט גאָרנישט.

אויך ביי ווילי שטיינמאַן האָט ער נאָך גאָרנישט געהאַט אויפגעטאָן. מעגלעך, אַז ווען גאַנאַפּאָל זאָל געווען קענען האָבן אַ שמועס מיט ווילין אַליין, אונטער פיר אויגן, וואָלט געווען אַנדערש, אָבער דער סעניאָר זשילערמאָ האָט געוואוסט ווער עס איז דער הער גאַנאַפּאָל און ווען ער האָט אים דערזען אַריינקומען אין זיין געשעפט, האָט זיך ביי אים ווי עפּעס אָפּגעריסן פון הארץ און ער האָט שוין גאַנאַפּאָלן נישט צוגעלאָזן צו ווילין און ער מיט זיינע צוויי בנים האָבן ווילין שוין אַזוי געהאַלטן אויפן אויג, אַז גאַנאַפּאָל האָט אומזיסט געזוכט אַ געלעגנהייט, אומזיסט געטשאַטעוועט אויף דער גאַס כדי אים צו כאַפּן כאָטש אויף איין מינוט, עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, ער האָט צו ווילין נישט געקאָנט צוקומען.

איצט, ווען די צוויי עגונות זיינען שוין אַנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס, האָט גאַנאַפּאָל איבערגעקוקט זייערע דאָקומענטן און פעסטגעשטעלט, אַז חנה שטיינמאַן האָט אָפיציעלע חתונה־דאָקומענטן מיט ווילין, בעת ברכה גאָלדבערג האָט בלויז אַ „כתיבה", מיט וועלכער מען קאָן געזעצלעך גאַנץ ווייניק אויפטאָן.

און נישט נאָר וואָס חנה שטיינמאַן האָט געהאַט בעסערע דאָקומענטן, נאָר זי האָט אויך געהאַט אַ בעסער אויסזען; חנה איז קוים אַלט געווען דרייסיק יאָר, בעת ברכה איז שוין געווען איבער די פערציק און זי האָט צוליב אירע ליידן און מוטשעניש מיט די צוויי קינדער, אויסגעזען פיל עלטער; חנה איז נישט געווען קיין שיינקייט, אָבער אַ סימפּאַטישע, פון מיטעלן וואוקס, קאַשטאַן־פאַרביקע פיין אויפגעקעמטע האָר, בלויע אויגן און מיט אַ צאַרטן שמייכל, וועלכער איז מאָמענטנווייז בעת זי האָט גערעדט, איבערגעצויגן געוואָרן מיט אַ שאָטן פון טרויער.

די צוויי פרויען שטייען איצט פאַר דער פאַרזאַמלטער פאַרוואַלטונג פון „עזרת נשים", זיי האָבן שוין פאַרענדיקט מיט זייערע טרויעריקע גע־

שיכטעס פון ליידן און פּיין און די טענות קעגן זייערע הארצלאָזע מענער, מען בעט זיי זיצן און הער גאַנאַפּאָל גיט אָפּ אַ באַריכט וואָס פאַר אַן אָפּשניט ער האָט באַקומען ווען ער האָט אינטערוועניִרט לטובת זיי און נאָך אַ רייע פאַרשלאָגן פון פּאַרוואַלטונגס-מיטגלידער, איז געבליבן, אַז צו לעאָן גאָלדבערג זאָל גיין אַ דעלעגאַציע פון דריי פרויען און טאַקע מיטנעמען די באַטריבטע פרוי און צו ווילי שטיינמאַן זאָל הער גאַנאַפּאָל שיקן אַן אויפאָדערונג אַז ער זאָל קומען אין „עזרת נשים“, אויב נישט, וועט זיין ענין איבערגיין אין געריכט און ער וועט אָנגעקלאָגט ווערן אַלס ביגאַמיסט.

די דעלעגאַציע פון „עזרת נשים“ האָט ביי לעאָן גאָלדבערג באַקומען דעמזעלבן אָפּשניט ווי הער גאַנאַפּאָל. זיי זיינען אַריינגעקומען אין געשעפט אַליין און ברכה האָט געוואַרט אינדרויסן ביז מען וועט זי אַריינרופן, אָבער ווען די דעלעגאַציע איז צוריק אַרויסגעקומען און איינער האָט איר דערקלערט אַז דאָ איז גאָרנישט דאָ וואָס צו טאָן, האָט זיך ברכה אַ רים געטאָן פון פּלאַץ: — וואָס הייסט עס איז נישטאָ וואָס צו טאָן? דאָ איז מיין מאַן און איך האָב דאָ נישט וואָס צו טאָן? און איידער זיי האָבן באַוויזן זי צו פאַרהאַלטן, איז זי אַריין אין געשעפט.

אַלע וויטיקן פון איר עלנטן לעבן און פון אירע מוטשענישן מיט די צוויי קליינע קינדער האָבן זיך איצט צונויפגעזאַמלט אין איר צעברויזטן געמיט און דערזעענדיק איר לייביש ווי ער שטייט דאָרט הינטער דעם קאַסע-טיש נעבן דער יפי-פיה, האָט זי אים באַלד דערקענט און איידער ער האָט באַוויזן אָפּויערצוקומען און זי פאַרהאַלטן, איז זי שוין געווען נעבן אים און זי האָט אָנגעהויבן:

— לייביש! דאָס ביסטו, אַ בראָך צו דיינע יאָרן!... האָסט מיך דרייצן לאַנגע יאָר געלאָזט פעקבניען אויפן פּיסק צוזאַמען מיט דיינע צוויי ליבטיקע קינדער... גזלן! רוצח!... זי האָט געזוכט ווערטער מיט וועלכע זי זאָל קענען אויסשרייען איר וויטיק, אָבער פּלוצלינג האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרץ, עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם און זי איז אַ פאַל געטאָן צו דער ערד.

מורא האָבנדיק פאַר אַ גרויסן סקאַנדאַל, איז די דעלעגאַציע צוריק אַריין אין געשעפט און זיי האָבן שוין געטראָפן ווען די צוויי אָנגעשטעלטע האָבן געשפריצט וואַסער אויף דער אומגליקלעכער פרוי און זיך באַמיט זי אָפּצומונטערן, בעת בעלאַ איז שוין געהאַט אויפגעשטאַנען פון איר הויכן בענקל ביי דער קאַסע און זיך ביי דער זייט אַרויסגעשאַרט פון געשעפט.

מיט ברכה׳ס פאַלן אין חלשות האָט לעאָן דערפילט ווי אַ דונער

וואָלט אים דערשלאָגן. ער איז נאָך ווייט נישט געווען הונדערט פּראָ־צענט פאַרדאָרבן און זיין גראָבקייט און ברוטאַליטעט איז געווען מער אַן אויבנאויפיקע, אַן איבערגענומענע פון דער סביבה אין וועלכער ער האָט זיך באַוואויגן און איר דערמאָנען די קינדער, האָט אויפן מאָמענט אַנגערירט עפּעס אַ סטרונע פון זיין געמיט, אָבער אַרומנעמענדיק שנעל מיטן געדאַנק זיין סיטואַציע, און קוקנדיק ווי די אַנגעשטעלטע מונטערן די עלטערע יידענע וואָס ליגט דאָ אויף דער ערד, האָט ער פעסטגע־שטעלט די לעכערלעכקייט פון אַ טראַכט צו טאָן אפילו, אַז אָט־אָ די אַלטע יידענע זאָל זיין פרוי און ווייל די סיטואַציע איז געווען אַ שווערע און ער האָט געזוכט וואָס שנעלער אַרויסצוקומען פון איר, איז ער איצט שוין צו צו דער דעלעגאַציע פון „עזרת נשים” און פאַרזיכערנ־דיק, אַז ער וועט קומען צו זיי און פאַרהאַנדלען וועגן קומען צו אַ טאָלק, איז ער אַרויס פון געשעפט.

ווען ברכה האָט געעפנט די אויגן, האָט זי זיך ווי מיט פרעמדע בליקן אומגעקוקט וואו זי געפינט זיך דאָ ערגיץ; זי האָט מיט גאָרנישט רעאַ־גירט ווען איינער פון די צוויי אַנגעשטעלטע האָט מיט אַ טוך אַרומגע־ווישט איר פּנים און איר מאַנטל פון דעם וואסער מיט וועלכן זיי האָבן זי אָפּגעמונטערט און זי האָט אויך נישט מער אויסגערעדט קיין וואָרט, ווען די דריי דעלעגאַטן האָבן זי אַרויסגעפירט פון געשעפט, צוגערופן אַ טאַקסי־אויטאָ אָפּפירנדיק זי אין דער ריכטונג צום הכנסת אורחים.



ף

## קאַפע און רעסטאָראַן „טשאַרלי״

ווען דער אַטוואָצקער יונגערמאַן שמחה פלעכטמאַן האָט זיך צוזאַ־מען מיט זיין ווייבל געלאָזן צום צווייטן מאָל אויף דער רייזע קיין אַר־גענטינע, האָט ער זיך באַמיט צו טראַכטן, אַז ער פאַרט נאָכאַמאָל אוים־פּרוואוון זיין מזל. אַז ער האָט עס צום ערשטן מאָל אפשר נישט ריכטיק אויסגעפּרוואווט, אַז ער האָט זיך אפשר צו ווייניק ארומגעקוקט און אַז ער האָט אפשר עפּעס פאַרנאַכלעסיקט, וואָס איצט, ווען ער שוין זיין פאַר־זיכטיקער, ער וועט ווייניקער מעדיטירן, נאָר באַלד אָנעמען וואָס פאַר אַן ארבעט עס וועט זיך נאָר מאַכן און פונקט אַזוי ווי פילע אַנדערע, וועט ער זיך איצט באַמיען איבערצוקומען די ליידן וואָס זיינען פאַר אַ „גרי־נעם״ אומפאַרמיידלעך, ביז ער וועט זיך צו עפּעס דערשלאָגן.

אַזוי האָט זיך שמחה באַמיט צו טראַכטן, אָבער ערגיץ אין אַ ווינקל ביי דער זייט פון זיינע טראַכטענישן, איז געלעגן אַ דינער געדאַנק, דין ווי אַ שטויבעלע, וואָס האָט זיך פון צייט צו צייט ווי פון אַן עלעקטרישן שטראָם אָנגעצונדן און געלאָזן אין שאָטן אַלע זיינע אַנדערע טראַכטע־נישן.

הינטער דעם געדאַנקען-שטויבעלע איז געשטאַנען זיין ווייב, מלכה׳־לע. זי האָט אין זיין מוח דאָס שטויבעלע באַשאַפן און זי האָט מיט איר פירעכץ געליפערט דעם עלעקטרישן שטראָם וואָס האָט דאָס שטויבעלע כסדר אָנגעצונדן.

מלכה׳לע איז געווען אַ קינד פון אַ נישט-פאַרמעגלעכער היים, אירע עלטערן האָבן געהאַט אַ פּענסיאָן אין וועלכן עס זיינען יעדן זומער גע־קומען „לעטניקעס״ פון וואַרשע און אַזעלכע וועלכע האָבן זיך באַדאַרפט דערהאָלן נאָך אַ קראַנקהייט און אין זייער פּענסיאָן, האָט מלכה׳לע גע־זען וואַרשעווער פריילינס און וואַרשעווער ווייבלעך, ווי שיין און מיט וויפיל געשמאַק זיי קליידן זיך און איר מיידלשער חלום איז אַלעמאָל געווען, צו באַקומען אַ מאַן וואָס זאָל זי אַוועקפירן אין דער גרויסער שטאָט, וואו זי וועט אויך קענען ווערן אַ גרויס-שטאָטישע דאַמע.

ווען זי האָט זיך באַקענט מיט שמחה'ן און אים ליב באַקומען, האָט זי, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין די ביכלעך, פאַרגעסן אָן די אַלע חלומות, עס האָט זי נישט אינטערעסירט וואָס ער פאַרדינט ווייניק, זי איז גרייט געווען אַפילו אויף דעם שווערסטן לעבן, אַבי זיין פאַרייניקט מיט איר אויסדערוויילטן.

די ערשטע וואָכן נאָך דער חתונה, איז זי טאַקע געווען גליקלעך און צופרידן, זיי האָבן זיך געגרייט אויך איינצואָרדענען זיך מיט אַזאַ פּענסיאָן ווי ביי מלכה'לעס עלטערן, אָבער עס האָט זיך שנעל אַרויסגע־וויזן, אַז די צייט איז אַ ביטערע און זי ווערט כסדר ערגער, פון איין זייט דער אַנטיסעמיטיזם און פון דער אַנדערער די גרויסע שטייערן און דער־ווייל האָט די נויט אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר און אַזוי איז ביי זיי גע־בוירן געוואָרן דער געדאַנק צו טאָן ווי פילע אַנדערע, איינפּאַקן די זיבן זאַכן און עמיגרירן, לאָזן זיך אין וועג אַריין זוכן אַ נייע היים.

דאָס יונגע פּאָרל איז געקומען קיין בוענאָס איירעס, שמחה האָט זיך אויסגעלערנט זיין אַ הויזן־פּרעסער און עס קאָן זיין, אַז ווען זיי וואָלטן דאָ געווען געבליבן, וואָלטן זיי שוין געווען מער־ווייניק בעסער איינגע־אָרדנט, אָבער, שמחה האָט דעמאָלט נישט געקאָנט סובל זיין די ציניש באַמערקונגען און די אָפענע דירעקטע אַנצוהערענישן וועגן זיין יונג שיין ווייבל און זיי האָבן געדאַנקט גאָט וואָס די עלטערן האָבן צוגע־שיקט געלט אויף הוצאות און זיי זיינען ווי פון אַ פייער אַנטלאָפן פון בוענאָס איירעס צוריק קיין אַטוואַצק.

ווי שלעכט עס איז אים געווען אין אַטוואַצק, וואָלט ער אַפילו נישט געוואָלט טראַכטן וועגן נאָכאַמאָל פּרוּוון זיין גליק אין אַרגענטינע, אָבער מלכה'לע האָט אין דעם פּרט געגומען די אויבער־האַנט, זי האָט יעדן טאָג געבראַכט ידיעות וועגן דעם און וועגן יענעם וואָס פאָרט קיין אַרגענטינע און אויב אַזויפיל מענטשן פאָרן אַהין, איז אפשר געווען צו־פיל איבערגעאיילט אונדזער אַנטלויפן פון דאָרט און אַזוי האָט זיך גע־מאַכט, אַז זיי האָבן זיך צום צווייטן מאָל געלאָזן אין וועג קיין אַרגענטי־נע, דאָסמאָל נישט מער מיט אַן ענגלישער שיף צווייטע קלאַס, ווייל עס האָבן נישט געקלעקט די געלט־מיטלען, נאָר מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ" דריטע קלאַס, וואָס האָט פאַר ביידן צוזאַמען נישט געקאָסט קיין גאַנצע הונדערט דאָלאַר.

דאָס געדאַנקען־שטויבעלע וואָס איז אין זיין מוח געבוירן געוואָרן נאָך פאַר זייער אַרויספאָרן פון אַטוואַצק — וואָס ווען עס האָט זיך אָנ־געצונדן, האָט ער אין דעם ליכט דערזען, אַז זיין מלכהלע איז די הויפּט־אָנרעגערן, אַז זי איז די שטויס־קראַפט וואָס באַוועגט אים צו פאָרן —

איז אָבער נישט געווען גענוג שטאַרק, אַז עס זאָל אים קענען אָפּהאַלטן פון פאָרן און אגב, האָט ער אין אָטוואָצק נישט געפונען קיין שום אַנ-האַלט און קיין שום אויסזיכט צוליב וועלכער ער זאָל קענען וואַגן זיך אַנטקעגנצושטעלן דער צווייטער נסיעה און פאָרנדיק אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ", האָט ער זיך באַמיט מיט אַנדערע טראַכטענישן אָפּצו-שוואַכן די ווייטיקלעכע ווירקונגען פון דעם געדאַנקען-שטויבעלע.

אָבער וואָס מער די „אַטלאַנטאַ" האָט זיך דערנענטערט צו די ברעגעס פון אַרגענטינע, אַלץ מער איז זיך דאָס געדאַנקען-שטויבעלע אין שמחה'ס מוח פונאַנדערגעוואַקסן און אַלץ אָפטער האָט עס אויפגעלויכטן און וויפיל ער האָט זיך נישט באַמיט ריידנדיק מיט אַנדערע עמיגראַנטן וועגן די פילע מעגלעכקייטן אין בוענאָס איירעס צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט, כדי קעגנצואווירקן דעם צעוואַקסענעם געדאַנק וואָס האָט אים כסדר געמאַטערט, האָט ער אָבער דעם געדאַנק וואָס האָט אין אים געשאַפן אַ שלעכטן פאַרגעפיל, נישט געקאָנט אָפּשטויסן פון זיך און אַנ-קומענדיק קיין בוענאָס איירעס, איז ער אַראָפּ פון דער שיף מיט אַ זייער שווערן געמיט.

שמחה מיט מלכה'לען זיינען שוין נישט געווען קיין „גרינע". שמחה האָט שוין געוואוסט וואו צו גיין און וואו צו פאָרן, עטלעכע דאָלאַר האָבן זיי נאָך געהאַט מיט זיך, זיינען זיי טאַקע באַלד אין ערשטן טאָג גע-פאָרן אין שטאָט אַריין, זיך דורכשפּאַצירט איבער עטלעכע גאַסן און געסלעך אַרום דער יידישער געגנט, ביז זיי האָבן געזען אַ ווייסן צעטל אָנגעקלעפּט אויף אַ טויער, אויף דעם צעטל איז גאָרנישט געווען אויפ-געשריבן, אָבער שמחה האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס איז אַ צייכן, אַז אין דעם הויפל פאַרדינגט זיך אַ צימער. ,

קיין גלעקל איז נישט געווען, האָט שמחה אויפן אַרגענטינער שטיי-גער געגומען פּאַטשן מיט די הענט און באַלד האָט זיך אַ פרוי באַוויזן אין דער טיף פון דעם לאַנגן שמאָלן הויף, זי האָט געגעבן אַ צייכן אַז זיי קענען אַריינקומען און שמחה מיט מלכה'לען זיינען געגאַנגען איבער דעם לאַנגן שמאָלן הויף, וואו פון ביידע זייטן האָבן זיך געפונען צעעפנ-טע טירן פון קליינע שטיבלעך און אין דרויסן, נעבן יעדער טיר, איז גע-שטאַנען אַ קליין הילצערן ביידל, דאָס זיינען געווען די קיכלעך אין וועל-כע עס איז נאָר געווען פּלאַץ אויף אַ שמאָל בלעכן אויוועלע און פאַר איין מענטש וואָס דאַרף זיך פאָרען ביי דעם אויוועלע.

דאָס איז געווען אַ הויפל, מיט אַ פערציק שטיבלעך, וואָס אין יעדן שטיבל האָט געוואוינט אַ פאַמיליע מיט מער אָדער מיט ווייניקער קינ-דער; אַזעלכע הייזער זיינען דעמאָלט אין בוענאָס איירעס געווען אַ סך און מען האָט אַזעלכע הייזער גערופן „קאָנווענטיזשעס".

די „קאָנוועגטיזשעס״ האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט גרויסע נעסטן פון קאָנצענטרירטער אָרימקייט; די שטיבלעך אָן פענצטער, האָבן אויסגעזען ווי פינצטערע צעלן פון אַ תפיסה און אָט, ווייל עס איז געווען ביליקער דירה־געלט, האָט שמחה געדונגען אַזאַ שטיבל און שוין צונויפֿגענומען געבראַכט זיינע טשעמאָדאַנעס פון פּאָרט, געקויפט אַ בעטל, אַ טישל מיט צוויי שטרויענע בענקלעך און אַ קליין בלעכן אויוועלע פאַרן קיכל און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן „איינאָרדענען״.

זיי האָבן אויסגעפּאַקט זייערע זאַכן, שמחה האָט געקלאַפּט טשוועקעס אין די ווענט און צעהאָנגען אויף זיי די מלבושים, מלכהלע האָט צעבלאָזן די האָלץ־קוילן אין פּרעסל וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון יענער זייט ים און גענומען פּרעסן אירע קליידלעך, עטלעכע טעג זיינען זיי אַזוי געווען פאַרנומען מיט זייער ביסל באַלעבאַטישקייט, ביז ענדלעך איז שמחה אַרויס אין גאַס, זיך אומקוקן וואָס מען קאָן אָנהויבן צו טאָן, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט.

טעג זיינען אַזוי פאַרגאַנגען, ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן קאָריענטעס, כונין און לאַוואַזשע, געזוכט, געשנאַפּט, געווען אויך יעדן אָוונט אין „צענטראַל־קאָמיטעט״, אין פּויליש יידישן פאַרבאַנד, מען האָט אים צוגעזאָגט, היינט, מאָרגן, אָבער קיין אַרבעט האָט ער נישט באַקומען.

מלכה׳לע האָט אָנגעהויבן ווערן אומרואיק, זי האָט געטענה׳ט, אַז זי וויל נישט פאַרלירן אירע טעג זיצנדיק אין דעם לאָך פון דער קאָנווענטיזשע, זי איז אויך אַ מענטש, און אויב ע ר קאָן נישט באַקומען קיין אַרבעט, אפשר וועט ז י באַקומען אַן אַרבעט, מען דאַרף זיך אַן עצה געבן און נישט בלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

און עס איז געווען אויפן צוועלפטן טאָג נאָך זייער אָנקומען, ווען מלכהלע האָט באַשלאָסן נישט צו קאָכן קיין מיטיק, בעסער אַרויסגיין צוזאַמען מיט שמחה׳ן און אומקוקן זיך און זוכן עפּעס אַן אַנהאַלט.

זי האָט אין דער נעכטיקער ציימונג געזען אַן אַנאָנסל אַז עס פאָדערן זיך מיידלעך אין אַ שאָקאָלאַד־פאַבריק צו פּאַקן קאַראַמעלאַס, זי האָט אַרויסגעריסן דאָס אַנאָנסל און איצט פאָדערט זי, אַז שמחה זאָל זי פירן אויף דעם אַדרעס צו דער פאַבריק.

נישט אַזוי לייכט האָט שמחה מסכים געווען, ער ווייס, אַז מען צאָלט קוים אַ פּעזע אָדער אַנדערהאַלבן פּעזעס אַ טאָג פאַר זיצן אינדרייען געבויגן און אַרבעטן מוז מען שנעל, שנעל, ווען נישט גיט מען באַלד דעם וועג... אָבער מלכה׳לע האָט געפאָדערט און ער איז מיט איר געגאַנגען.

אין פאַבריק האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז נעכטן האָט מען זיך טאַקע געגויטיקט אין אַרבעטס־הענט, נאָר היינט איז דערווייל אַלץ באַזעצט.

שמחה איז געווען צופרידן. ער האָט געגלויבט אין זיינע כחות, ער האָט געוואוסט אַז אויב נישט היינט, וועט ער מאָרגן באַקומען אַרבעט און אין ערגסטן פאַל, וועט ער זיך אויך נעמען צו אַ „פעקל" און „קלאַפּן" פאַר יענעם אויף פּראָצענטן, מען דאַרף נאָר האָבן געדולד.

זיי האָבן זיך געלאָזן צוריק אין דער געדיכט-יידישער געגנט, שמחה האָט באַשלאָסן אַריינגיין אין טשאַרלים רעסטאָראַן אָפּעסן אַ ביליקן מיטיק און זייענדיק שוין אויף דעם ראָג גאַס טוקומאַן און כונין, האָבן זיי זיך פאַרנומען אויפן וועג דורך כונין צו קאָריענטעס וואו „„טשאַרלי" האָט געהאַט זיין רעסטאָראַן.

וואָס נענטער זיי זיינען געקומען צו קאָריענטעס, איז די באַוועגונג פון מענטשן געוואָרן געדיכטער. אויפן וועג האָט שמחה דערקענט עטלעכע פאַרבייגייער, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט; אויף דעם ראָג קאָריענטעס זיינען געשטאַנען אַ גרופּע רייך-געקליידעטע מענער מיט צעקנעפּלטע בלוזעס כדי מען זאָל אַרויסזען די שווערע גאָלדענע קייטן אויף זייערע וועסטן און דערזעענדיק ווי שמחה דערנענטערט זיך מיט זיין שיינעם ווייבל, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אַזוי, אַז דאָס פּאָרל זאָל זיך מוזן דורכשטופּן צווישן זיי, כדי זיי זאָלן האָבן אַ גוטע געלעגנהייט צו מאַכן אַ פּאָר צינישע באַמערקונגען און אָנצוהערענישן.

שמחה האָט געהאַלטן מלכה'לען אונטערן אָרעם, שנעל זיך דורכגעשטויסן מיט איר דורך דעם קינסטלעך-פּראָוואָצירטן געדרענג און זיך געמאַכט נישט הערנדיק די ווערטער וואָס זיי האָבן געזאָגט, ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף קאָריענטעס, און מיט שנעלע טריט אַריין אין דעם דעמאָלט באַרימטן יידישן רעסטאָראַן און קאַפע פון „טשאַרלי".

---

טשאַרלים קאַפע און רעסטאָראַן איז אַלעמאָל אין משך פון די גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה פון מעת-לעת געווען פול געפּאַקט מיט געסט.

עטלעכע גרינע יונגעלייט וועלכע טשאַרלי האָט געמאַכט פאַר קעלנער, האָבן אויף זייער נישט-פאַכמענישן אופן באַדינט די געסט און טשאַרלי אַליין, איז כמעט אַכצן שעה אין מעת לעת געשטאַנען אויף זיינע פיס הינטער דעם גרויסן בופעט-טיש אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען אָנגעשטעלט אין אומאָרדענונג פאַלעמישיקעס מיט פאַרשידענע מאכלים ווי פּופּיקלעך, לעבערלעך, געפילטע העלדזלעך און נאָך אַ צענדלינג פּיקאַנט-צוגעפּראַוועטע שפּייזן.

זיין ווייב, אַ ברייטע צעשמאָלצענע נאָר זייער גוטהאַרציקע יידענע, האָט זעקס שעה געאַרבעט אין קיך אַלס קעכנע און אויף די אַנדערע זעקס שעה, ווען טשאַרלי האָט באַדאַרפט אַהיימגיין כאַפּן אַ דרימל, האָט ער

איר איבערגעגעבן אַפּצוהיטן זיין „דאָברי מזל" אויף זיין פּלאַץ, הינטער דעם בופעט־טיש.

ווי אַלט טשאַרלי איז געווען, האָט קיינער נישט געקאָנט פעסט־שטעלן.

ווען ער איז נאָך זיין „דרימל" געקומען אין רעסטאָראַן אַ פריש ראַ־זירטער, האָט ער אויסגעזען אין די פופציקער יאָרן, אָבער עס האָט אויס־געזען ווי ער וואָלט פון יעדער אַרבעט־שעה זיך געעלטערט מיט אַ יאָר, דערנאָך ווייל נאָך די אַכצן שעה „שטיין אויף די פיס", ווען ער איז ענדלעך ווידער אַוועק אהיים כאַפּן זיין דרימל, האָט ער אויסגעזען ווי אַ זקן איבער די זיבעציקער.

ער איז געווען, איינגעשרומפּן, מיט אַ קליין קעפּל און שפּיציק נעזל און מיט פלינק־אַרומלויפנדיקע בלישציענדיקע אויגעלעך, וואָס האָבן דערזען יעדע קלייניקייט וואָס איז פאָרגעקומען אפילו אין דעם צווייטן חדר פון זיין רעסטאָראַן.

און אַזוי קליין און איינגעשרומפּן ווי ער איז געווען, האָט ער אין זיך פאַרמאָגט איבערמענטשלעכע כחות, וועלכע ער האָט געמוזט אַרויס־ווייזן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

די געסט אין זיין רעסטאָראַן זיינען געווען מערסטנס גרינע, ערשט־געקומענע וואָס האָבן דאָ „נאָך נישט פאַרדינט דעם ערשטן סענט" און אויך אַזעלכע וואָס האָבן אַזוי ווייניק פאַרדינט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרגינען גיין עסן אין אַ טייערערן רעסטאָראַן.

טשאַרלי וואָלט אייגנטלעך געקאָנט פאַרמאַכן דעם רעסטאָראַן אַרום האַלבע נאַכט, ווייל די שפּעטע נאַכט שעה'ן האָבן אים גאָר ווייניק אָדער אפשר גאָרנישט אַריינגעבראַכט, נאָר ווי קאָן ער פאַרמאַכן זיין געשעפט, אַז די גרינע וואָס זיצן דאָ האָבן זיך נישט וואו אַהינצוטאָן? זאָל ער זיי אַרויסוואַרפן, זיי זאָלן מוזן שלאָפן ערגיץ אויף דער גאַס? ניין, טשאַרלי האָט גאָט אין האַרצן, ער וועט דעם מידן אימיגראַנט, דעם הונגעריקן און דורכגעפרוירענעם גרינעם נישט אַרויסטרייבן פון זיין גביל, פאַרקערט, ער פילט אַז מען דאַרף זיי מקרב זיין, זאָגן זיי אַ טרייסט־וואָרט און צו זיי האָבן יאָ די פּאָר סענט, צי נישט, דאַרף מען זיי הייסן דערלאַנגען אַ היים שוואַרץ קאַווע און אַמאָל אפילו עפּעס צום פאַרבייסן, נישטקשה, ער באָרגט עס בלויז אויס, אבי גאָט וועט העלפן, מען וועט פאַרדינען, וועט מען געדענקען אַז טשאַרלי איז געווען אַ גוט ברידערל און מען וועט אים באַצאָלן דעם חוב...

און אַזוי זיינען טאַקע צענדלינגער „גרינע" איבערגעקומען זייערע

שווערע נעכט, דרימלענדיק אויפֿן בענקל נעבן טישל אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דאָס אויסגעליידיקטע טעפּעלע פֿון שוואַרצע קאַווע.

טשאַרלים פאַרגאַנגענהייט האָט קיינער נישט געוואוסט. ער האָט געזאָגט, אַז ער שטאַמט פֿון קראָקע, אָבער נאָך אַלס קינד איז ער אַנטלאָפֿן פֿונדערהיים צוליב זיין שלעכטער שטיפמאַמע. מען האָט געוואוסט אַז ער איז אויסגעוועזן אַ וועלט, ביז ער האָט זיך דאָ פּלוצלינג געיאַוועט און געעפֿנט דעם ביליקן רעסטאָראַן.

ווען איינער פֿון די „חברה-לייט" איז מיטיק-צייט אַריינגעקומען צו טשאַרלין „אַריינכאַפּן" אַזוי, שטייענדיקערהייט אַ פּופּעקל אָדער אַ לע־בערל, האָט זיך טשאַרלי מיט אים אויסגעטענהט ווי אַן אייגענער, מיט דער וואויל-יונגערישער שפּראַך פֿון דער אונטערוועלט, אָבער ווען אַזאַ „חברה-מאַן" האָט געפּרואווט צו פֿאַרטשעפּען אַ פרוי, אַ „גרינע" וואָס איז געזעסן און געגעסן אַן אָרימען מיטיק, האָט טשאַרלי געענדערט זיין שפּראַך, ער האָט דעם חברה-מאַן שטרענג געוואָרנט, אַז ביי אים אין געשעפֿט קענען נישט אָנגיין אָט-אָ די שטיקלעך.

צוליב זיין נישט דערלאָזן זיך פֿאַרטשעפּען מיט אַ „שטיקל סחורה" (ווי די חברה לייט האָבן זיך אויסגעדריקט), האָבן די פֿרויען-הענדלער טשאַרלין געהאַלטן פֿאַר אַ „וויטישן" און צוליב זיין קענען זיך דורכ־שמועסן מיט די חברה-לייט ווי אַן אייגענער, האָבן אַ סך פֿון די „גרינע" אים חושד געווען, אַז ער שטייט אין געשעפֿטלעכע באַציאונגען מיט די ווייסע שקלאַפֿן-הענדלער.

דער אמת אָבער איז געווען, אַז טשאַרלי איז אויף זיינע וואַנדער־וועגן איבער עגיפּטן, טערקיי און סטאַמבול, געווען אין קאָנטאַקט מיט די וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דעם שענדלעכן מסחר, אָבער אַ טיפֿער איבערברוך אין זיין לעבן האָט אים געגעבן דעם כח, אַז ער זאָל זיך אַרויסרייסן פֿון זייער מיט, ער איז געקומען קיין בוענאָס איירעס, גע־עפֿנט דעם ביליקן רעסטאָראַן, כדי צו מאַכן אַ לעבן פֿון כשרערער ערלע־כער פּראַצע.

לויט מען האָט דעמאָלט דערציילט ,האָט עס געהייסן, אַז דער אי־בערברוך אין זיין לעבן איז געווען זיין איינציקע טאָכטער, וואָס איינער פֿון זיינע גוטע ברידער האָט זי אַרויסגענאַרט פֿון דער היים און וויפֿיל ער האָט נישט געפֿאָדערט ביי די חברה לייט זיי זאָלן אים אָפּגעבן זיין איינציק קינד, האָבן זיי אַלץ געטענהט אַז זיי ווייסן נישט פֿון איר. ביז ער האָט זיך אַרויסגעלאָזן אויף דער וועלט זוכן זיין קינד, די שפּורן האָבן אים געבראַכט קיין בוענאָס איירעס, אָבער אויך דאָ האָט ער זיך גאָר־

נישט געקאָנט דערווּיסן וועגן איר, ער האָט זיך דערוויייל געעפנט דעם רעסטאָראַן און זיין וואוּיליונגעריש ריידן מיט די חברה-לייט, איז דאָ נאָר געווען צוליב פּאָרשן, שנאַפּן און זוכן, אפשר וועט ער צווישן די חברה-לייט געפינען עפּעס אַ שפור צו זיין טאָכטער וואָס איז פאַרשוואונדן ווי אַ שטיין אין וואַסער אריין.



## א״י

# אימיגראַנטן זוכן אַרבעט

קוים עטלעכע טעג נאָכן אָנקומען פון דער שיף „אַטלאַנטאַ" קיין בוענאָס איירעס, האָט מען שוין אויף דעם גרויסן הויף פון אימיגראַנטן־האָטעל נישט געזען קיין איינעם פון די אָנגעקומענע פילע יידישע אימי־גראַנטן.

עס זיינען שוין געהאַט אָנגעקומען אַנדערע פּאַסאַזשיר־שיפן פון האַמבורג, ברעמען, גענף און האַוור, וואָס האָבן געבראַכט היפּשע צאָלן נייע אימיגראַנטן און צווישן זיי — אויך אַ סך יידן און די נײַ־אָנ־געקומענע האָבן פּונקט אַזוי ווי די „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן אויסגעפילט דעם גרויסן גאָרטן־הויף, נאָר פון דער גרויסער אימיגראַנטן מאַסע וואָס איז אַראָפּ פון דער „אַטלאַנטאַ", האָט מען בלויז נאָך געזען קליינע גרו־פּעס פון די פּוילישע און אוקראַינישע מענער און פרויען, מאַנכע פּוילי־שע פרויען, עטלעכע פון זיי מיט זויג־קינדער אויף די הענט, האָבן נאָך אַלץ געוואַרט, אַז זייערע מענער וואָס האָבן זיי אַריבערגעבראַכט, זאָלן זיי קומען אָפּנעמען און די אַנדערע, כאָטש זיי האָבן זיך שוין אַ סך שעהן אַרומגעבלאָנקעט איבער די פאַרשידענע גאַסן און געסלעך פון שטאָט און געפּרואווט ערגיץ אָנשלאָגן אַ קאָנטאַקט, מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט זיין פאַר זיי עפּעס אַן אַרבעט, זיי האָבן אַזאַ קאָנטאַקט נישט געפונען און זיי האָבן זיך דערשלאָגענע און אַנטמוטיקטע געמוזט אומ־קערן צוריק אין אימיגראַנטן האָטעל און ווייטער לעבן אויף קעסט פון דער גאַסטפריינטלעכער אַרגענטינער רעגירונג.

אָבי אַ זוניקער פרימאָרגן, האָבן זיך גרויסע מאַסן מענער און פרויען אַרויסגעלאָזן דורך דעם ברייטן טויער פון אימיגראַנטן האָטעל און גע־נומען זיך אַרומדרייען איבער די נאָענטע גאַסן פון פּאָרט, אַ סך האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק פון דער גרויסער פּלאַסאַ רעטיראָ און גע־וואַרט אויף נסים, אַז עמיץ זאָל זיי רופן צו אַן אַרבעט, אָבער אַזעלכע נסים האָבן נאָר געטראָפן מיט יונגע פּאָרלעך, ווייל עס האָט זיך גאַנץ אָפט געמאַכט, אַז צו אַזאַ יונג פּאָרל איז צוגעקומען אַ פיין־געקליידעטער

מאַן, פון וועמענס וועסט עס האָט אַראָפּגעבלאַנקט אַ דיקע גאָלדענע קייט, ער האָט די פרוי ווי נישט באַמערקט, ער האָט בלויז גערעדט צום מאַן; ער האָט אָנגעהויבן אויף שפּאַניש, געפּרואווט אויף פּויליש און ענדלעך אויך געפּרעגט אויף אוקראַיניש, ביז דאָס פּאָרל האָט זיך דער־פרייט, זיי האָבן זיך פאַרשטענדיקט אויף זייער לשון, דער רייכער הער דאַרף האָבן אַ מענטשן אַלס הויז־דינער, נו, מילא, עס מאַכט נישט אויס וואָס ער איז מיט אַ פרוי, אַז עס איז דאָ פּלאַץ פאַר איינעם, וועט זיין פּלאַץ פאַר צוויי, דאָס פּאָרל האָט זיך געפילט גליקלעך, זיי האָבן אַפילו נישט געפרעגט אויף אַ פּרייז, ווייל וואָס ווייסן זיי דאָ פון אַ פּרייז, אַבי עס וועט זיין אַרבעט און מען וועט קענען מיט פראַצע פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט.

אַזעלכע יונגע פּאָרלעך האָבן זיך שנעל געזעגנט מיטן אימיגראַנטן האָטעל, זיי זיינען אַוועק מיט די רייך־געקליידעטע הערן מיט די גלאַנ־צנדיקע גאָלדענע קייטן אויף זייערע וועסטן, און קיינער וועט שוין קיינ־מאָל נישט וויסן די צאָל פון אַזעלכע יונגע פרויען וואָס זיינען וועלכע פריער און וועלכע שפּעטער, אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע מענער און פאַרגרעסערט די צאָל קרבנות פון דעם ווייסן שקלאַפן האַנדל...

צווישן די גרופּעס וואָס האָבן זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט אויפן גרויסן הויף פון אימיגראַנטן האָטעל, האָט זיך אויך געפונען דער אַנטי־סעמיטישער שייגעץ יענדזשעי פּרוכניאַק. ער האָט שוין ביטער באַ־דויערט וואָס ער האָט זיך אויף דער שיף פאַרטשעפּעט מיט די זשיד־קעלעך; מיט קנאה און שנאה בליקן האָט ער נאָכגעקוקט ווי דער פּשע־מישלער „זשידאָווסקי פּאַכאָלעק" אַנטעק סטעפּאַנסקי איז אַוועק פון אי־מיגראַנטן האָטעל צוזאַמען מיט אַ גרופּע זשידקעס און ער האָט פון קנאה נישט געקאָנט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, ווען ער האָט געזען אַז אַנטעק איז מער אין האָטעל נישט צוריקגעקומען.

— ער איז שוין פאַרזאָרגט, דער זשידאָווסקי שבת־גוי!... — האָט ער ליגנדיק אויפן שטיינערנעם פּאָל פון אימיגראַנטן האָטעל בייז אַרויס־געצישעט דורך די קריצנדיקע ציינער — ער פרעסט שוין זיכער דאָרט ערגיץ אַ זשידאָווסקי חלה!...

און עס איז טאַקע אַזוי געווען!

אַנטעק איז אַרויס צוזאַמען מיט בערקען, הענעכן, יאַשקען און נאָך עטלעכע, אויף די יידישע גאַסן האָבן זיי זיך צעטיילט און בלאָנקענדיק אַזוי, האָט ער צוזאַמען מיט בערקען און הענעכן אַריינגעטראָפן אין רעס־טאָראַן פון טשאַרלי און אַ שעה שפּעטער איז שוין אַנטעק געשטאַנען אַן אַרומגעבונדענער מיט אַ זאַק אַלס אַ פאַרטוך און געוואַשן דאָס געפעס פון רעסטאָראַן און בעת יענדזשעי האָט געקריצט מיט די ציין אין אי־

מיגראַנטן האָטעל, האָט אַנטעק ביי טשאַרלין געגעסן אַזאַ נאַכט־עסן, וואָס ער האָט וועגן אַזוינע מאכלים קיינמאָל אין זיין לעבן אפילו נישט געחלומט.

אָבער, דער פאַקט וואָס קיינער פון דער יידישער אימיגראַנטן־מאַסע וואָס איז געקומען מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ" איז מער נישט געבליבן אין אימיגראַנטן האָטעל, האָט נאָך נישט געמיינט, אַז זיי אַלע האָבן שוין באַקומען אַ באַשטימטע אַרבעט; דער אמת איז, אַז מיט קיין געזיכערטן מעמד, מיט אַ מער־וויניק באַשטימטן אָנהאַלט, איז נאָך קיינער פון זיי נישט געווען באַזאָרגט, אויסער די אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען צו עמיצן, ווי פרויען צו זייערע מענער, אָדער אַנדערע וואָס האָבן שוין דאָ געהאַט קרובים.

דער חילוק איז נאָר געווען, וואָס די יידישע אימיגראַנטן האָבן באַלד ביים אַראָפּגיין פון שיף, באַקומען אַדרעסן פון יידישע אינסטי־טוציעס, און אויב עס זיינען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן קיין אַדרעס נישט באַקומען, האָט דער יידישער באַאַמטער־אָפיציאַל דאַוויד הלוי, זיי באַזאָרגט מיט אַזעלכע אַדרעסן און וויפיל די אימיגראַנטן האָבן געהאַט טענות צו די אינסטיטוציעס, אַז זיי טוען נישט גענוג, האָבן אָבער די פאַקטן באַוויזן, אַז היפּשע טיילן פון אָט־אָ דער יידישער אימיגראַנטן מאַסע איז געשטיצט געוואָרן מיט די ערשטע עטלעכע פּעזעס קודם צו קענען דינגען אַ ביליקע דירה, אַ קעמערל, אַבי עס זאָל זיין וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן און אויך זיינען פאַר די וואָס האָבן עס געבעטן, געגעבן גע־וואָרן צעטלען אויף מיטיקער און נאַכט־עסנס אין הכנסת אורחים און דאָס איז דאָך געווען דאָס וויכטיקסטע פאַר די וואָס האָבן געשטעלט די ערשטע נישט זיכערע טריט אין דעם ווייטן און פרעמד־שפּראַכיקן לאַנד וואָס דאַרף ווערן זייער נייע היים.

פונדעסטוועגן, כאָטש זיי זיינען געווען באַזאָרגט מיט דעם וויכ־טיקסטן, מיט אַ זאַטן מאָלצייט און מיט אַ קעמערל וואו דעם קאָפּ אַוועק־צולייגן, האָבן די יונגע, אַרבעטס־לוסטיקע און מיט אַזויפיל ענערגיע־געשפּאַנטע אימיגראַנטן נישט געקענט קיין איין מינוט פון טאָג, זיי זאָלן נישט אַרומגיין זוכן, שנאָפּן, בלאָנדזשען איבער די ווייטסטע געגנטן פון דער גרויסער שטאָט, אפשר וועלן זיי געפינען עפּעס, וואָס מען זאָל זיך קענען דערין אָנכאַפּן; די שווערסטע אַרבעט וואָלט נישט געווען צו שווער, אַבי מען זאָל זיך קענען באַפרייען פון קהלישער קעסט און אַליין פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט.

פיר אַזייגער פאַרטאָג זיינען שוין ריזיקע אימיגראַנטן־גרופּעס גע־שטאַנען ביי די טויערן פון די צוויי יידישע רעדאַקציעס, פון „די אידי־שע צייטונג" און פון „די פּרעסע", זיי האָבן געוואַרט ביז מען האָט אויף

אַ ברעט אַרויסגעהאַנגען די נאָר-וואָס פאַרטיק-געוואָרענע צייטונג און
מיט זשעדנע בליקן האָבן די אימיגראַנטן געזוכט אין דער רובריק „עס
פאָדערט זיך", אפשר וועט מען עפּעס געפינען, און גליקלעך האָבן
זיך געפילט די, וואָס האָבן די ערשטע באַוויזן צו פאַרצייכענען די אַדרעסן
פון אַרבעטס-פלעצער וואָס פאָדערן אַרבעטס-הענט.

אָבער קיין אַרבעט האָט מען נישט אַזוי לייכט באַקומען. כמעט יעדן
צווייטן טאָג זיינען געקומען שיפן מיט נייע אימיגראַנטן, קיין צו גרויסע
אינדוסטריע איז דעמאָלט נישט געווען און עס האָט געטראָפן, אַז אויף
אַ פּלאַץ וואו מען האָט געפאָדערט דורך דער צייטונג איין אַרבעטער,
האָבן זיך געיאָוועט צענדליקער וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט אין ריי,
גרייט צו פאַרקויפן זייער אַרבעטס-קראַפט פאַר דעם ביליקסטן פּרייז,
אַבי באַקומען אַרבעט און פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ צושטאַנד האָט בלויז
געדינט פאַר די אינטערעסן פון אַרבעטס-געבער, וועלכער האָט קודם די
„גרינע" געלאָזן שטיין פאַרן פאַרמאַכטן טויער עטלעכע ווינטערדיקע
קאַלטע פאַרטאָג-שעהן ביז ער איז אַרויסגעקומען אַ פּריש-ראַזירטער,
געקוקט אויף די אומגליקלעכע אַרבעטסזוכער פון איינעם אויפן אַנדערן
אַזוי ווי אויף אַ שקלאַפן-יריד און ענדלעך אָנגעוויזן אויף איינעם אָדער
צוויי, זיי זאָלן אַריין אין טויער, און צוואוואַרפנדיק צו די איבעריקע אַ
קאַלטבלוטיקן: — „מער דאַרף איך נישט", איז ער אויך אַריין און פאַר-
מאַכט הינטער זיך די טיר.

אַנטוישטע און אַנטמוטיקטע האָט זיך די היפּשע מענטשן-גרופּע
אָנגעהויבן צעשפּרייטן איבער פאַרשידענע געסלעך, יעדער פון זיי איז
אַוועק אַ פאַראייניזאַמטער מיט זיין שווערן, געדריקטן געמיט.

די גרויסע מערהייט פון דער אימיגראַנטן-מאַסע וואָס איז דעם 14טן
יוני 1923, געקומען מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ", איז באַשטאַנען פון פאַך-
לייט און זיי האָבן געזוכט אַרבעט ביי זייער פאַך. אָבער נישט אַלע זיינען
געווען אַזוי איבערקלויבעריש און אַמביציעז ווי עס זיינען געווען בער-
נאַרד פיינהאָלץ און דוד פעלצמאַן.

פיינהאָלץ האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע, אַז ער דאַרף נאָך
אַביסל צולערנען די שפּאַנישע שפּראַך, וועט ער נאָכזוכן און נאָכפאַרשן
און זיך מוזן אַריינבאַקומען אַלס אָנגעשטעלטער אין אַן אַפּטייק אָדער
דראָגועריע און פעלצמאַן האָט נישט אויפגעהערט חלומען וועגן זיין צו-
קונפטיקער אַרבעט אַלס דענטיסט וואָס וועט אים געבן אויף ברויט, כדי
ער זאָל קענען פאָרזעצן זיינע פאָרשונגען וועגן פאַרשידענע צאָן-קראַנק-
קייטן און איבערהויפּט, וועגן זיין מיטל קעגן פּעאָרעאַ.

פיינהאָלץ האָט זיך דערוויל נאָך געקאָנט פאַרגינען צו זיצן אין
שטוב ביים שפּאַניש-פּוילישן ווערטערבוך, ער האָט שוין אויך אָנגעהויבן

לייענען אַנדערע שפּאַנישע ביכער און געלייענט האָט ער אויף אַ קול, אַזוי ווי אַמאָל זיינע לעקציעס אַלס סטודענט, כדי זיין צונג זאָל זיך צוגעוויינען אַרויסצוגעבן אָט־אָ די ערשט־ניי־אויסגעלערנטע ווערטער און ער האָט זיך געפרייט מיט זיין פאַרשריט אין דערלערנען די שפּראַך.

פעלצמאַן וואָלט שוין זיכער אַרויסגעפאָרן קיין ענטרע־ריאָס, ער האָט ביי זיך דעם אומזיסטן באַן־בילעט וואָס דער „צענטראַל־קאָמיטעט פאַר הילף" האָט פאַר אים אַרויסגענומען ביי די באַהערדן, אָבער ער קאָן נאָך נישט פאָרן, ער מוז נאָך וואַרטן אַביסל, ער דאַרף זיך נאָך זען מיט גוסטען, מיט גיטעלען, ווי ער האָט זי ליבער געהאַט צו רופן, ער מוז וויסן וואָס עס וועט זיין מיט איר, אים געפעלט נישט אַז זי זאָל בלייבן ביי איר חברטע, וואו זי וועט דאַרפן זיין אַ דינסט צום קינד און זיצן אויף דעם נידעריקן בענקעלע און נייען קנעפּלעך... ער דאַרף זיך מיט איר זען, ער האָט איר אַ סך צו זאָגן, ער האָט פּלענער, ער האָט נאָר מורא, צי וועט ער איר קענען אַלץ זאָגן וואָס ער וואָלט איר געוואָלט זאָגן און אָט גייט ער איצט צו איר, זיין האַרץ איז אָנגעפּילט מיט בענקשאַפט צו איר און זיין מוח איז פול מיט געדאַנקען, אוי, ווען גיטעלע זאָל אים וועלן פאַרשטיין און פילן!...

ניין, די אַנדערע אימיגראַנטן זיינען נישט געווען אַזוי איבערקלייבעריש ווי פיינהאָלץ און פעלצמאַן; די שניידער, נישט באַקומענדיק אַזוי שנעל קיין אַרבעט ביי שניידעריי, האָבן זיי געזוכט אַרבעט ביי וואָס עס איז, אפילו אַלס לערן־ייִנגל ביי אַ סטאָליער, אַבי עס זאָל זיין אַרבעט און ברויט.

זיכער האָבן זיך די פאַכלייט נישט אַזוי שנעל אונטערגעגעבן, זיכער האָט יעדער פון זיי געזוכט און זיך באַמיט צו באַקומען אַרבעט ביים אייגענעם פאַך און אַ סך האָבן זיך נישט געקווענקלט, נאָר אַבי מען האָט זיי אין צענטראַל־קאָמיטעט פאַרזיכערט אַז אין אַ געוויסער פּראָווינץ־שטאָט אָדער שטעטל וועלן זיי זיך קענען איינאָרדענען ביי זייער פאַך, האָבן זיי זיך געאיילט אַרויסצופאָרן וואָס שנעלער, כדי נישט צו פאַרלירן דערווייל די רעכט אויף דעם אומזיסטן באַן־בילעט; אָבער ווען טעג זיינען פאַרגאַנגען און עס איז נישט געווען קיין אויסזיכט, און די קאַרגע סענטן וואָס עמיץ האָט נאָך געהאַט פון דער אַלטער היים האָבן זיך אויסגעלאָזט, האָט מען אָנגענומען וואָס עס איז, אַבי אַרבעטן, אַבי צו קענען לעבן פון אייגענער פּראַצע און אַזוי האָבן אַ סך יונגע יידישע אימיגראַנטן זיך געמאָלדן צו דער זייער שווערער אַרבעט אין די פלייש־פריגאָריפיקאָס און אַנדערע האָבן זיך דערוואוסט אַז אין דער גרויסער ביר־ברויערײ „קילמעס" קאָן מען באַקומען אַרבעט, זיינען זיי דאָרט

אוועק און אַנגענומען די קאַטאַרזשנע ארבעט פאַר אַ נישטיקן לוין, אַבי צו קענען לעבן פון אייגענער פראַצע.

די פאַרשידענע יונגע פאַך־לייט וואָס זיינען געקומען מיט דער שיף „אטלאנטא", זיינען אין גרויסן רוב שוין געווען מער־ווייניק באוואוסט־זיניקע ארבעטער און כאָטש זיי האָבן נישט געהאַט די אַמביציע אַזוי ווי פעלצמאַן און פיינהאָלץ, דוקא צו אַרבעטן נאָר ביי זייערע פאַכן, האָבן זיי אָבער געהאַט די אַמביציע צו בלייבן אַרבעטער, זאָל זיין דערוויילי ביי וואָס עס איז, ביז מען וועט זיך מער באַקענען מיט די באַדינגונגען און עס וועלן זיין עטלעכע אָפּגעשפּאַרטע פּעזעס, וועט מען זיך פּרואוון איינ־אָרדענען אויף אַן אייגענעם אופן.

אַביסל לייכטער איז שוין געווען פאַר די אימיגראַנטן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פאַכן; אַזעלכע זיינען נישט איבערקלויבעריש, אַבי מען האָט זיי עפּעס פאַרגעלייגט, האָבן זיי אַקצעפּטירט „אויף אַ פּרואוו" און דאָס לייכטסטע איז פאַר זיי געווען זיך צו דערשלאָגן צו אַ „פּעקל" און ווערן אַ „קלאַפּער".

די יעניקע „גרינע" וואָס האָבן זיך געוואָלט נעמען צום „פּעקל", האָבן עס גאַנץ לייכט באַקומען. די תושבים פון פריער, וועלכע האָבן אין זייער גרויסער מערהייט דאָ אָנגעהויבן אַרומוואַנדערנדיק איבער די גאַסן מיט אַ פּאַק סחורה אויף דעם אַקסל און אַ סך פון זיי האָבן זיך שוין געהאַט אַרויפגעאַרבעט און זיך איינגעאָרדנט אָפענע קלייטן, זיי האָבן געוואָלט העלפן די ניי־אָנגעקומענע און מיט וואָס האָבן זיי געקאָנט בעסער העלפן, ווי מיט דעם וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן? האָבן זיי טאַקע אַרויסגעוויזן אַ סך גרויסמוטיקייט צו די גרינע וואָס זיינען געקומען מיט רעקאָמענדאַציעס און אפילו אָן רעקאָמענדאַציעס, זיי האָבן דעם גרינעם געטרויט אַ פּעקל סחורה, געגעבן אים דעם ערשטן אונטעריכט ווי אַזוי ער דאַרף האַנדלען, ער זאָל זיך נישט שרעקן וואָס ער קען נישט די שפּראַך, עס איז גענוג ער זאָל קענען אויסשרייען „קאָלטשאַס אי קאַרפּע־טאַס" און די „מאַריאַס" (מיט דעם נאָמען האָט מען באַצייכנט אַלע קונהטעס אין אַלגעמיין) וועלן שוין אַליין צוהעלפן דעם גרינעם ווי אַזוי צו מאַכן דעם מסחר, ער דאַרף נאָר זען צו נעמען אַ גוטע „סעניע" און דאַרף גוט פאַרשרייבן נאָמען און אַדרעס און באַשטימען דעם טאָג פון דער וואָך, ווען מען זאָל קומען נאָך דער ראַטע.

קוים אַ דריי וואָכן נאָך דעם אָנקומען פון די „אטלאנטא"־אימי־גראַנטן, האָט מען שוין געקאָנט זען אַ צאָל נישט־פאַכלייט, ווי זיי שלענ־דערן אַרום איבער די ווייטסטע גאַסן און געסלעך פון דער גרויסער שטאָט און מען האָט געקאָנט הערן ווי מאַנכע פון זיי זינגען אויס מיט אַ גמרא־ניגון דעם אויסגעלערנטן פּסוק: — „קאָלטשאַס, קאַרפּעטאַס באַ־

ראַטאַ ,אַ פלאַסאַ״! און ווי טירן פון נידעריק־געבויטע הייזלעך עפענען זיך, אַ „מאַריע״ בויגט אַרויס דעם קאָפּ, גיט אַ קוק וואָס אין דעם פּעקל אויף דער פּלייצע ביים „גרינגאַ״ געפינט זיך און באַלד האָט זיך אָנגע־הויבן דער מסחר כמעט אויף שטום־לשון, די פרוי האָט אַרויסגענומען דאָס רעשטל סחורה צי דאָס טישטוך צי גאָר די בעט־קאָלדרע, דער גרי־נער האָט פאַרשריבן אויף אַ רעכענונג, די „מאַריע״ האָט אונטערגע־שריבן און דערלאַנגט אַ פּעזע און דער גרינער איז אַוועק ווייטער און ווידער געלאָזן הערן זיין זינגענדיקן גמרא־ניגון: — „איי קאָלטשאס אי קאָרפּעטאָס אַ פלאַסאָ״!...

די אַלע וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אַט־אָ־דעם מסחר אויף ראַטן־אויסצאָלונג, האָט מען אָנגערופן „קווענטעניקעס״, אָבער די „קוענטע־ניקעס״ זיינען געווען די באַלעבאַטים פון די פּעקלעך סחורה און די „גרי־נע״ וואָס זיינען געגאַנגען זוכן די קונים און פאַרקויפן די סחורה, זיי זיינען נאָר געווען די שיק־יינגלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אויף פּראָצענטן פון זייער פאַרקויף און עס האָט נישט זעלטן געטראָפן, אַז אַזאַ איינער איז אַרומגעקראָכן אַ גאַנצן טאָג, אויסגעמאָסטן צענדלינקער גאַסן מיט דעם שווערן פּאַק אויף די פּלייצעס און צום סוף זיך אַהיימגעשלעפּט אַ מידער, אַ דורכגעווייקטער פון שוויים אין זיין קליינעם הילצערנעם קע־מערל ערגעץ אויף אַ דאַך און דאָרט, אַנידערוואַרפנדיק זיך אויף דעם שמאָלן אייזערנעם בעטל (אויב ער האָט עס שוין געהאַט), האָט ער גענו־מען בענקען נאָך דער אַלטער היים און געוואַשן זיין בענקשאַפט מיט הייסע שטראָמען טרערן...



# י"ב

## „עס וועט שוין זיין גוט..."

צווישן די מער-וויניק באוואוסטזיניקערע יונגע יידישע אימיגראנטן וואס זיינען געקומען מיט דער שיף „אטלאנטא", האבן אויך נישט גע-פעלט אזעלכע, וואס האבן מיט זייער גאנצן חיות געשטרעבט צו עבודת האדמה, צו ערד-ארבעט.

דאס זיינען געווען יונגע מענטשן וואס האבן זיך געהאט געגרייט צו פארן קיין פאלעסטינע און מאנכע פון זיי האבן שוין אפילו געהאט די פאספארטן, אבער די ענגלישע רעגירונג האט דערווייל ארויסגעלאזן א „ווייסן בוך" מיט אימיגראציע-באשרענקונגען און די אידעאלע חלו-מות פון אט-א-די יונגע מענטשן זיינען צעשטערט געווארן. דערווייל האבן זיך אנגעהויבן באווייזן אין די יידישע צייטונגען פון די אלטע היימען פארשידענע ארטיקלען וועגן דער יידישער קאלאניזאציע אין ארגענטינע, וועגן דעם גרויסן אויפטו פון משה באראן הירש, מאנכע ארטיקלען האבן געלויבט און מאנכע האבן קריטיקירט דעם גרויסן אויפ-טו, אבער אלע האבן פעסטגעשטעלט, אז אין ארגענטינע זיינען פאראן טויזנטער יידישע קאלאניסטן וואס האבן זיך שוין איינגעארדנט אויף די פעלדער וואס זיי האבן באקומען צום אויסצאלן אויף לאנגע טער-מינען.

נישט קענענדיק עמיגרירן קיין ארץ-ישראל, האבן זיי באשלאסן צו ווערן קאלאניסטן אין ארגענטינע, זאל זיין אין אן אנדער לאנד, אבי צו ווערן אוים לופט-מענטשן, אבי צו קענען זיך צוטוליען צו א שטיקל מא-מע ערד, וואס איז אלעמאל גרייט צו געבן ברויט בשפע פאר די אלע וואס גיבן זיך אפ מיט איר.

די שיף „אטלאנטא" האט צווישן די טויזנט יידישע אימיגראנטן געבראכט צענדלינקער אזעלכע יונגעלייט וואס האבן באלד נאך זייער אנקומען אנגעהויבן קלאפן אין די טירן פון דער „ייקא"-אדמיניסטראציע, מען האט זיי דארט כלומרשט רעגיסטרירט, אבער זעלטן איז עס געקו-מען אביסל וויטער פון דער רעגיסטראציע.

געווען קליינע אויסנאַמפאַלן, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט אַ פּאָר קיין ענטרע־ריאָס אויף אַ „טשאַקרע" וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט „אויף אַ פּרואוו"; די „טשאַקרע" וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט, איז באַשטאַנען פון אַ דריי פיר העקטאַר לאַנד מיט אַ שטיבל צונויפגעקלעפּט פון בלאָטע, האָט ביי די בעסטע באַדינגונגען און פאַר דער שווערסטער האָרעוואַניע נישט געקאָנט אַרויסגעבן כאָטש אויף אַזויפיל, אַז עס זאָל זיין גענוג אויף מפרנס צו זיין אַ פאַמיליע.

ביי מאַנכע פון די דאָזיקע יונגע אידעאַלע מענטשן האָט עס געדויערט לענגער און ביי אַנדערע ווייניקער צייט און זיי זיינען צוריקגעקומען צעבראָכענע און אַנטוישטע אין דער הויפּטשטאָט, וואו זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צושלאָגן צו עפּעס אַנדערש, ווי צום „פּעקל", וואָס אַ לאַנדסמאַן אַ תושב האָט זיי אָנגעטרויט און קעגן זייער ווילן האָבן זיי געמוזט ווערן הענדלער.

געווען אויך אַזעלכע צווישן זיי, וואָס האָבן בשום אופן נישט געקאָנט צונויפשטעלן אויף די הוצאות צו קענען פאָרן צוריק קיין בוענאָס איירעס, זיינען זיי געבליבן אַ געוויסע צייט דינען אַלס „פּעאָנעס", אַלס טאָג־לוינער ביי אַלט־איינגעזעסענע קאָלאָניסטן, נאָר זייער שווערע האָרעוואַניע האָט זיי נישט געגעבן קיין שום אויסזיכט פאַר דער צוקונפט און זייערע ליידן זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז סוף כל סוף האָבן זיי זיך אויך געמוזט אָפּזאָגן פון זייער אידעאַל, פון עבודת האדמה און זוכן אין די נאָענטע שטעטלעך דאָס שטיקל ברויט דורך האַנדל.

בעסער איז שוין געווען די אַלע, וואָס זיינען אַרויסגעפאָרן אַלס רעקאָמענדירטע פון „צענטראַל־קאָמיטעט" אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון די אַרגענטינער פּראָווינצן.

דאָס זיינען געווען רעקאָמענדירטע צו פאַרשידענע באַשטימטע אַרבעטן וואָס האָבן אויף די פּלעצער אויסגעפעלט און זיי זיינען געווען נויטיק און די סוב־קאָמיטעטן פון די אַלע אָרטשאַפטן, האָבן מער־ווייניק געזאָרגט פאַר אַזאַ אָנגעקומענעם, ער זאָל קודם האָבן אַ דירה און דאָס איבעריקע האָט שוין דער „גרינער" באַדאַרפט אַליין „פּאַקן און מאַזלען" ביז ער איז געקומען צו אַ שטיקל מעמד.

איינער פון די רעקאָמענדירטע, איז געווען זעליג מאָשקאָוויטש, דער יונגערמאַן פון סלאָנים וואָס איז הענדום־פּענדום אַראָפּגעלאָפן פון שיף און אין זיין פאַרביטערונג געענטפערט פרידמאַנען, אַז ער איז אַ שוחט.

ער האָט זיך נעבעך אין אַזאַ מינוט אַליין באַטיטלט אַלס שוחט, אַז צו וואָס ער האָט זיך געוואָלט נעמען, האָט עס זיך אים נישט איינגעגעבן, ביז עס איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז ער וואָלט טאַקע גע־

קאָנט ווערן אַ שוחט, ווייל אייגנטלעך, איז ער דאָך אַ שוחטס אַ זון און ער האָט זיך גענוג צוגעזען ווי אַזוי זיין פאָטער ר׳ אהרעלע שוחט „מאכט די קוניץ״, ווי אַזוי ער גיט אַזאַ נעם דעם האָן אונטער די פליגל און איידער דער האָן האָט נאָך צייט אַ קרעכץ צו טאָן, הענגט ער שוין אויפן טשוואָק אַ געקוילעטער...

דער צענטראַל-קאָמיטעט האָט אים אַרויסגעשיקט אין אַ העקשטעטל אין ענטרע-ריאָס, וואָס אין גאַנצן שטעטל זיינען געווען בלויז עטלעכע איינגעבויגענע הייזקעס מיט אַ גרויסער בודע, אַ שייער צי אַ מאַגאַזין צונויפגעקלאַפּט פון בלעך, וואָס דאָס איז געווען די שיל פאַר די צעשפּרייטע קאָלאָניסטן אויף די אַרומיקע פעלדער און אַט, אין דעם בלעכערנעם שייער, האָט מען פאַר זעליקן אַרומגעצוימט אַ ווינקל ביים אַריינגאַנג, אָוועקגעשטעלט דאָרט אַ בעטל און אים געזאָגט, אַז דאָ וועט ער דערווייל וואוינען.

אַביסל אַ בעסערע מערכה האָט שוין געהאַט דוד פעלצמאַן, דער דענטיסט.

דריי וואָכן נאָך זיין באַטרעטן די אַרגענטינער ערד, איז ער אָנגעקומען אַלס רעקאָמענדירטער פון צענטראַל-קאָמיטעט אין אַ שטעטעלע וואָס איז געלעגן ביי דער זייט צווישן די גרעסערע שטעטלעך דאָמינגעז און קלאַראַ.

דאָס שטעטעלע איז געווען אַזוי טיף אַריינגערוקט פון דער באַןליניע צווישן די צוויי דערמאָנטע שטעטלעך, אַז ביי אַ שיינעם וועטער, ווען די ערד איז געווען טרוקן, האָט מען געמוזט פאָרן עטלעכע שעה מיט אַ „סולקי״, ביז מען איז פון דעם שטעטעלע געקומען צו דער באַן-סטאַציע קיין דאָמינגעז אָדער קיין קלאַראַ.

דוד פעלצמאַן האָט אפילו נאָך נישט געוואָלט אַרויספאָרן פון בועַנאָס איירעס; ער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן גיטעלען, איידער זי איז מער-ווייניק פאַרזאָרגט אויף אַ באַשטימטן פלאַץ מיט אַ באַשטימטער אַרבעט, אָבער די טעג האָבן זיך געצויגן, ביז עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען גיטעלע האָט אים שוין פשוט אויפגעפאָדערט, אַז ער זאָל ווייניקער פאַרלירן צייט און בעסער וואָס פריער אַרויספאָרן, איינאָרדענען זיך און עס איז דאָך פאַראַן אַ פּאָסט, וועט מען זיך פאַרשטענדיקן און עס וועט שוין זיין גוט...

קיין פּאָזיטיווועס וואָס זי מיינט מיט איר „עס וועט שוין זיין גוט״, האָט זי אים נישט געזאָגט. דוד וואָלט גרייט געווען זיך צו וואַרפן פאַר אירע פיס און קושן אירע שיך, ווען זי זאָל עס אים יאָ זאָגן. עס איז נישט געווען דער טאָג, אַז ער זאָל זיך נישט „אַריינכאַפּן״ צו די בוקסבוימס,

כּדי כּאַטש אַ מינוט אַ שמועס צו טאָן מיט גיטעלען און זען ווי זי לעבט דאָרט אין דעם ענגן פינצטערן שטיבל, דאָרט טיף, אויף דער צווייטער זייט פון לאַנגן הויפל, פּונקט קעגנאיבער די צוויי קלאָזעטן.

די בוקסבוימס האָבן אויף אים געקוקט מיט נישט קיין גאָר פריינט־לעכע בליקן. אַנדערש וואָלטן זיי געקוקט אויף אים, ווען ער קאָן זיך אַוועקזעצן ביי אַ מאַשין און שטעפּן הויזן, דעמאָלט וואָלטן זיי געוואוסט אַז ער איז אַ מענטש פון זייערע מענטשן, אַ מענטש וואָס וועט מער־וויניק קענען מפרנס זיין אַ ווייב און אפשר אויך קומען צו עפּעס; אַזוי אָבער, האָט ער אין זייערע אויגן אויסגעזען ווי אַ נעבעכל, אַ לא יצלח, אַ פאַנטאַזיאָר וואָס רעדט כּסדר וועגן ציון און וויל דערמיט יענעם פאַריידן די ציינער...

גיטעלע האָט אים דווקא זייער וואַרים אויפגענומען. זי האָט אין איר איצטיקן מצב ביי איר חברטע אין שטוב זיך געפילט ווי אַ זינג פייגעלע אין אַ פינצטער שטייגעלע, און זי האָט געהאַט אַ סך מאָמענטן, ווען זי האָט געבענקט און געציילט די מינוטן ביז דאוויד וועט זיך ווידער באַ־וויזן.

ווען זי איז מיד געוואָרן פון כּסדרדיקן שפּילן זיך מיט איר חברטעס קינד, האָט זי נאָך עטלעכע טעג זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם נידעריקן בענקעלע און אָנגעהויבן נייען קנעפּלעך. איר חברטעס פינגערהוט איז געווען צו גרויס אויף איר דינעם צאַרטן פינגער און פּונקט ווען זי האָט געוואָלט אָנשפּאַרן די נאָדל אָן אים כּדי זי דורכצושטופּן דורכן דיקן גע־וואַנט, איז דער פינגערהוט אַראָפּגעפאַלן פון איר פינגער און דערפילנ־דיק ווי די נאָדל שטעכט זיך אַריין ביז צום ביין האָט זיך פון איר ברוסט אַרויסגעריסן אַ קוויטשענדיקער „אוי"!...

נאָך יעדן טאָג וואָס איז אַריבער, האָט גיטעלע מער איינגעזען, אַז עס איז נישט פאַר איר קיין תּכלית דאָ צו בלייבן, אָבער וואָס האָט זי גע־קאָנט טאָן? אַרויסגיין ערגיץ נאָכזוכן וועגן אַ באַשעפטיקונג, האָט זי נישט געקאָנט איינע אַליין, ווייל זי האָט דאָך נאָך נישט געוואוסט קיין שום וועג ווייטער ווי ביז צום שפּייז־קלייטל וואָס מען רופט דאָ „אַל־מאַסען", וואו זי איז שוין עטלעכע מאָל געגאַנגען צוזאַמען מיט איר חברטע פאַני איינקויפן. איר חברטע איז צוזאַמען מיט איר מאַן כּסדר געזעסן און געאַרבעט, ער ביי דער מאַשין און זי — אויף דעם נידעריקן בענקעלע מיטן שטרויענעם געזעסל ציענדיק פאַסטריגעס אָדער נייענדיק קנעפּלעך און זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט אָפּצורייסן זיך פון דער אַרבעט, כּדי צו גיין זוכן פאַר גיטעלען דעם נעכטיקן טאָג...

פאַני האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו איר מצב; זי האָט שוין

געהאַט אויסגעווײנט אירע אויגן צוליב איר עלנטקייט אין דער ווייטער מדינה, אָבער פּאַמעלעך האָט זי זיך אָנגעהויבן צופּאַסן צו די באַדינ־גונגען, זי האָט געהאַט דאָס קינד און דאָס האָט זי צוגעהאַלטן אין דער שטוב און אַבי דאָס קינד איז געווען געזונט און געגעבן איר דאָס ביסל פרייד און דאָס שטיקל ברויט האָט נישט געפעלט, איז זי איצט געווען זייער צופרידן וואָס איר חברטע גוסטע איז געקומען, און כדי נישט צו דאַרפן ליידן פון קנאה אויב גיטעלע וועט דאָ דערגרייכן אַ בעסערן מצב, האָט זי זי געוואָלט פאַרהאַלטן ביי זיך, זאָל זי טאָן דאָס זעלבע ווי זי און מן־הסתם וועט גאָט צושיקן פאַר איר אַ חתן, אַזאַ ווי עס איז איר מאַן, וועלן זיי צוזאַמען זיצן און אַרבעטן און מאַכן אַ לעבן פונקט אַזוי ווי זי מיט איר מאַן.

גיטעלע האָט אָבער געהאַט אַנדערע חלומות. זי האָט אַ סך מער גע־לערנט ווי פאַני, זי האָט שטודירט, זי האָט געקאָנט דעקלאַמירן, זי איז אויך געווען אַ סך ייִנגער פון פאַנין און זי האָט געוואוסט, אַז אַ טאָג פריער אָדער אַ טאָג שפּעטער, וועט זי זיך פאַרט אַרויסרייסן פון דער פינצטערן שטייגעלע אין וועלכן זי איז אַזוי צרהדיק אַריינגעפאַלן און האָפנדיק, אַז דאַוויד פעלצמאַן וועט אפשר פאַר איר קענען עפּעס אויפ־טאָן אָדער זי וועט זיך אַ דאַנק אים קענען אַרויסרייסן פון אָט־אָ־דער תפיסה, האָט זי געבענקט און קוים זיך דערוואַרט אויף דער מינוט, ווען דוד האָט זיך באַוויזן.

גייענדיק איבער דעם לאַנגן שמאָלן הייפל ביז צו בוקסבוימס שטיבל, האָט אין פעלצמאַנען געפּאַכט דאָס האַרץ. ער האָט געוואוסט, אַז ער איז קעגן גיטעלען נישט יוצא, אַז ער טוט גאָרנישט פאַר איר זי זאָל קענען אַרויס פון איר חברטע און ווערן זעלבסטשטענדיק, אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן פאַר איר? זוכן פאַר איר אַן אַרבעט? וואָס פאַר אַן אַרבעט? די שפּראַך קען זי דאָך נישט, מוז זי דאָך האָבן עפּעס אַן אַרבעט אָדער ביי שניידעריי, אָדער ביי אַ שטריקעריי־מאַשין ביי וועלכער, לויט ווי ער האָט זיך שוין דערוואוסט — זי קאָן העכסטנס פאַרדינען אַ פּעזע אָדער אַנדערהאַלבן פאַר אַ טאָג שווערע פּראַצע, טאָ וואָס איז אים שוין דער חילוק צי זי ווערט פאַרפינצטערט דאָ, ביי איר חברטע, צי זי וועט אפשר נאָך מער פאַרפינצטערט ווערן אַרבעטנדיק ביי פרעמדע מענטשן? פאַרקערט, דאָ איז זי דערווייל זיכערער, דאָ איז זי ביי אייגענע וואָס וועלן זי זיכער באַשיצן קעגן די פאַרשידענע האַרצלאָזע ברואים וואָס לויערן ווי שלאַנגען פון זייערע באַהעלטענישן נאָך נייע קרבנות...

יעדעס מאָל ווען דוד איז געגאַנגען צו גיטעלען מיט אַ וויזיט, האָט ער זיך פריער צוגעגרייט אַ סך רייד און טרייסט־ווערטער וואָס ער וועט איר

זאָגן, נאָר וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צו דעם אַדרעס פון די בוקס־בוימס, אַלץ מער האָט ער אַליין אָנגעהויבן צווייפלען, צי ער וועט קענען דאָס אַלעס זאָגן, ווייל אַ סך פון די ווערטער זיינען געווען אַזעלכע, אין וועלכע ער אַליין האָט נישט שטאַרק געגלויבט... ער האָט זיך געגרייט איר צו זאָגן, אַז ער אַלס דענטיסט, וועט זיכער עפּעס באַווייזן אויפצו־טאָן פאַר זיי ביידן; ער וועט זיך זיכער קענען פיין איינאָרדענען און ווי עס וועט זיין פּלאַץ פאַר איינעם, וועט זיכער זיין פּלאַץ פאַר ביידן... אַזוי האָט ער זיך געגרייט איר זאָגן, אָבער וואָס נענטער ער איז געקומען צו איר, אַלץ מער האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען אין זיינע אייגענע רייד; ער ווייסט דען וואוהין ער פאָרט? ער ווייסט דען צי ער וועט דאָרט האָבן וואָס צו טאָן, צי ער וועט דאָרט קענען בלייבן און ווי מעג ער גאָר זי וועלן טרייסטן מיט פאַלשע טרייסט־ווערטער?

ווען ער איז מיט אַ פּאָכנדיק האַרץ אַריין צו איר אין דעם פינצטערן שטיבל און געדריקט גיטעלעס הענטל מיט דעם באַנדאַזשירטן צעשטאָ־כענעם פינגער, וואָלט אים פיל לייכטער געווען זיך שטיל צו צעוויינען, איידער זאָגן איר כאָטש איין וואָרט.

ערשט גיטעלע האָט אים געמאַכט ריידעוודיק. זי האָט נאָך אפילו אין אירע לײדן קאָנסערווירט איר פּיל־זאָגנדיקן שמייכל וואָס האָט אַריינ־געדרונגען ביז צו די טיפענישן פון פעלצמאַנס אָנגעווייטיקטן האַרץ. ער האָט לאַנג געדריקט איר צאַרט הענטל און געשלונגען מיט זיינע פאַר־בענקטע בליקן די וואַרימקייט פון איר ליבלעכן שמייכל, ביז ענדלעך האָבן זיי זיך אַנטשולדיקט פאַר די בוקסבוימס, גיטעלע האָט צוגעוואָרפן דעם קינד עפּעס אַ שמאַטקע צום שפּילן זיך און זיי זיינען אַרויס אַביסל אויף דער פרייער לופט פאַרן טויער.

טאָג־איין און טאָג־אויס די זעלבע אומקלאָרע רייד. יאָ, זי ווייס און זי גלויבט אים אַז ער האָט זי ליב, אָבער וואָס קאָן דערפון ווערן? וואָס הויבט מען דאָ אָן טאָן, אַז זי זאָל קענען ווערן אַ פרייער מענטש, אַז זי זאָל קענען אַרויס פון דער עלנטער פינצטערער נעסט, וואָס איר חברטע וויל זיך דווקא איינריידן אַז דאָס איז אַ פּאַלאַץ...

וואָס האָט דוד איר געקאָנט ענטפערן אויף דעם? איז ער דאָך אַליין געווען אַזוי אומבאַהאָלפן און ער האָט אַזוי ווייניק געוואוסט וועגן דעם גורל וואָס עס דערוואַרט אים אין דעם ווייטן און אומבאַקאַנטן שטעטע־לע וואו ער דאַרף פאָרן; יאָ, ער וואָלט איר געהאַט וואָס צו זאָגן. ער וואָלט גרייט געווען איר צו זאָגן, אַז זי זאָל מיט אים מיטפאָרן און אויב מען וועט מורא האָבן זי אים אָנצוטרויען, איז ער גרייט אפילו שוין, מיט איר חתונה צו האָבן און צוזאַמען מיט איר זיך אַרויסלאָזן זוכן זייער־

געמיינזאַם גליק... אָבער דאָס זאָגן איר, האָט ער נישט געוואַגט און ווי פריידיק עס זיינען יעדעס מאָל געווען זייערע באַגעגענישן, האָט זיך די פרייד פאַמעלעך ווי אויסגעוועפּט און יעדעס מאָל איז דוד אַוועק פון איר מיט אַ שווערן געמיט.

אַזוי איז עס געגאַנגען פון טאָג צו טאָג, ביז איינמאָל האָט פאַני גע־בעטן פעלצמאַנען, צי ער קאָן נישט אַזוי גוט זיין און אַריינקומען זונטיק צו מיטיק און דערנאָך בלייבן מיט גיטעלען ביים קינד, וואָלט זי מיט איר מאַן געקאָנט גיין אין יידישן טעאַטער צו אַ מאַטינע־פאָרשטעלונג.

די עטלעכע שעה וואָס דוד האָט פאַרבראַכט צוזאַמען מיט גיטעלען אין דעם אָרימען שטיבל, האָבן זיין האַרץ אָנגעפילט מיט אַזוי פיל פרייד און מיט אַזויפיל מוט, אַז בלויז צוויי טעג שפּעטער האָט ער זיך געלאָזן אויף דער נסיעה אין דעם ווייטן אומבאַקאַנטן שטעטעלע וואָס ליגט צווישן דאָמינגעז און קלאַרא.

דורך די עטלעכע שעה האָבן זיי געהאַט גענוג צייט אָנצואַוואַרימען זייערע געמיטער מיט שיינע האָפענונגען און דעמאָלט איז עס טאַקע גע־ווען ווען גיטעלע האָט אים געעצהט, אַז ער זאָל וואָס שנעלער אַרוים־פאָרן און זיך איינאָרדענען און דאַן וועט שוין זיין גוט.

— „עס וועט שוין זיין גוט!"... דאָס איז פאַר דודן געווען אַזאַ פּאָ־זיטיווע אָנצוהערעניש, אַז ער האָט ווי באַקומען פליגל און ער האָט שוין ממש געציטערט און געפלאַטערט פון אומגעדולד און בלויז צוויי טעג שפּעטער האָט ער זיך געזעגנט מיט גיטעלען, ער וואָלט עס נישט גע־וואַגט, נאָר זי האָט אים אַרומגענומען און אים געגעבן אַזאַ דריק צו זיך, אַז די וואַרימקייט פון איר יונגען קערפּער האָט אים ווי עלעקטריזירט, זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן און ער האָט זי געקושט און שטיל געשעפּציעט: — וועסט זען, גיטעלע, עס וועט זיין גוט; עס וועט שוין זיין גוט...

פיינהאָלץ האָט אים באַגלייט צו זיין אָפּפאָרן, ער האָט אים מיט־געגעבן אַ דייטש־שפּאַנישן ווערטער־בוך און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אין דער פרייער צייט לערנען די שפּראַך און אַז ער וויל פון אים באַקו־מען אַ בריוו געשריבן אין שפּאַניש, די צוויי שיף־ברידער פון דער „אַט־לאַנטאַ" האָבן זיך גוטברודעריש אַרומגענומען און פעלצמאַן איז אַריין אין וואַגאָן צווייטע קלאַס (צווייטע, ווייל אין אַרגענטינע איז אין די באַ־נען קיין דריטע קלאַס נישטאָ פאַראַן), ער האָט געעפנט דאָס פענצטערל, אַרויסגעקוקט צו פיינהאָלצן אַזוי לאַנג, ביז דער צוג האָט זיך דערווייַ־טערט פון סטאַציע טשאַקאַריטאַ און ער האָט אים מער נישט געזען.

פעלצמאַן האָט אויסגעווישט זיינע ברילן־גלעזער, צעעפנט דאָס

דייטש-שפאַנישע ווערטער-ביכל, אָבער ער האָט נישט געקאָנט איבער־לייענען קיין וואָרט, די אותיות האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן אין איין קנויל מיט פינטעלעך און ער האָט זיך אפילו נישט באַמיט זיך צו באַ־הערשן, ער האָט זיך ווי באַפרייט פון אַלע געדאַנקען און געלאָזן זיך באַ־הערשן פון זיינע געפילן און שעהן לאַנג האָט ער זיך מיט עקשנות איינ־געהערט אין דעם קלאַפּן פון די באַן-רעדער און אים האָט הנאה געטאָן די פעסטשטעלונג, אַז די רעדער קלאַפּן אויס צום טאַקט גיטעלעס עטלע־כע טרייסט-ווערטער: — „עס וועט שוין זיין גוט... עס וועט שוין זיין גוט!..."

מיד ווי ער איז אָנגעקומען נאָך אַכצן שעה רייזע קיין דאָמינגעז, האָט ער זיך שנעל דערפרעגט צום „ייקא"-אַדמיניסטראַטאָר סעניאָר וואולקעס, וועלכער האָט אים וואָרים אויפגענומען און אַ שעה שפּעטער איז ער שוין געזעסן אויף אַ „סולקי", אַזאַ מין דראָזשקע, וואָס הוידעט זיך צווישן צוויי הויכע רעדער און עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען דער יידישער בעל-עגלה האָט אים צוגעפירט צו אַ נידעריקער הייזקע, אויפגעשלאָסן די טיר, אים אַריינגעפירט אין אַ גרויסן חדר, אָנגעצונדן דאָרט אַ קליין פאַרויכערט לעמפּל און פעלצמאַן האָט דערזען ביי דער וואַנט אַן אויפגעבעט בעטל פריש באַצויגן מיט אַ בליאַנקענדיקער וויים־קייט, דער בעל-עגלה איז אַרויס און אַריינגעבראַכט פעלצמאַנס צוויי וואַליזעס און פאַרזיכערנדיק אים אַז מאָרגן גאַנץ פרי וועט ער קומען, האָט ער דודן געווינטשן אַ גוטע נאַכט און איז אַרויס.

יאָ, פעלצמאַנען איז ביי זיין אָנקומען אין דעם פּראָווינץ-שטעטעלע געווען אַ סך בעסער ווי זעליקן דעם „שוחט"; ער איז דאָ געשטאַנען אין אַ גרויסן פריש-געווייסטן חדר, עס האָט אים אָקעגנגעלויכטן אַ ריין גע־לעגער און ער איז דאָך געווען אַזוי מיד, האָט ער פון זיך שנעל אַראָפּגע־וואָרפן די קליידער, אַריין אין בעט און איבערדעקנדיק זיך מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ, האָבן אין זיינע אויערן אויפסניי אָנגעהויבן קלינ־גען די ווערטער — „עס וועט שוין זיין גוט... עס וועט שוין זיין גוט!..."





## די „טמאים" שפּרייטן נעצן...

ווען שמחה פלעכטמאַן האָט זיך מיט מלכהלען אונטערן אָרעם דורכ־געשטויסן אויף דעם ראָג כונין און קאַריענטעס צווישן דער גרופּע רייך־געקליידעטע הערן מיט די גלאַנציקע גאָלדענע קייטן אויף זייערע וועסטן, האָט ער נישט באַמערקט, אַז איינער פון זיי האָט שאַרף אַריינגעקוקט אין מלכהלעס אויגן און אַז זי האָט פּונקט אַזוי שאַרף צו אים צוריקגע־קוקט.

שמחה מיט זיין ווייב זיינען דעמאָלט אַריין צו טשאַרלין אין רעכ־טאָראַן, אָפּגעגעסן מיטיק, און אַרויסגייענדיק צוריק, האָט ער אויך נישט באַמערקט, ווי פּונקט אַנטקעגן איז געשטאַנען דערזעלבער פּאַרשוין, וועלכער איז זיי נאָכגעגאַנגען פונוויטן איבער אַ רייע גאַסן און געסלעך, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אויף דער גאַס סאַן לואיס, אין די 25 הונדער־טער, וואו שמחה האָט שוין געהאַט געדונגען דאָס פינסטערע שטיבל אין דער גרויסער „קאָנווענטיזשע".

ווען זיי זיינען אַריין אין הויז, איז דער עלעגאַנטער חברה־מאַן צו־געקומען נענטער, אַרויסגענומען אַ נאָטיץ ביכל, פאַרצייכנט דעם הויז־נומער און איז אַוועק צוריק צו קאַריענטעס, אַריין אין אַ קאַפע וואו ס'ם זיינען געזעסן די אַנדערע, מיט וועלכע ער האָט פּראָוואָצירט די ענג־שאַפט ווען שמחה מיט מלכהלען האָבן פריער באַדאַרפט פּאַרבייגיין.

זעענדיק זיין שמייכל, האָט איינער פון די חברה־לייט אויסגעשריגן צום קעלנער: — מאַסאַ, נאָך אַ שנאַפּס! און צו אים: — איך זע, מאַריץ, אַז דו האָסט שוין היינט געמאַכט דעם טאָג!...

— מיט איר, וואָלט איך זיך אונטערגענומען שנעל פאַרטיק צו ווער'ן! זי האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט דעם אמתן קוק... אָבער מיט אים, מיט דעם יאָלד אירן, האָב איך מורא, אַז עס וועט נישט גיין אַזוי גרינג...

— מען דאַרף אים „פאַרסטראַכירן" ביי אַן אַרבעט, כדי ער זאָל נישט קענען אויף איר מחדש זיין די לבנה!...

— מע דאַרף מאַכן, אַז ער זאָל זי פאַרלירן פון אויג, זי איז אַ סחורה

וואָס מע דאַרף פאַרהיטן פון אַ „געהאַרע"... — האָט זיך אַ צווייטער אַריינגעמישט און אַ דריטער האָט געעצהט, אַז מען דאַרף דעם יאָלד „פאַרסטראַכירן" ביי „סעמקען", דאָרט וועט ער ליגן איינגעלייגט און ער וועט אפילו נישט וויסן ווי אַזוי מען האָט זי פון אים „אָפּגעקייטלט"...

— איך קאָנט זיך פאַרלאָזן אויף מיר; — האָט מאָריץ וואָוויליונגעריש אויסגערופן: — זאָל מאָ מא מאַמע אַזוי לעבן, ווי איך וועל אים אויסטרענען דעם אַרבל!...

פון דער גרופּע וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס „חברה-לייט", האָט דער יונגסטער פון זיי, מאָריץ, געהאַט דאָס מענטשלעכסטע אויסזען. בעת די פינף עלטערע זיינען זיך כמעט געווען ענלעך איינער צום צווייטן מיט זייערע קיילעכדיקע פּנימער מיט צוגעפּלאַטשטע סמנים פון האָר אויף זייערע פּליכעס, מיט די גראָבע ערטערווייז געשטיפּלטע נעזער און מיט אויגן, וואָס אפילו ווען זייערע פּנימער האָבן געשמייכלט, האָט פון די אויגן אַרויסגעקוקט קאַלט-שפּיזעדיקע רציחה, האָט מאָריץ געהאַט אַ לענגלעך בלאַס פּנים מיט צוויי הימל-בלויע אויגן וואָס האָבן געקאָנט אימיטירן פאַרחלומטקייט און סענטימענטאַלן טרויער, זיי האָבן זיך אָבער אויך געקאָנט פאַרוואַנדלען אין קוואַלן פון קאַלטער אכזריות.

ווען מאָריץ האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַרקנעפּלט דעם סאַק מען זאָל נישט אַרויסזען די גאָלדענע קייט אויף זיין וועסט, האָט ער מיט זיין שלאַנקער הויכקייט און מיט דעם פיין-אויפגעקעמטן בלאָנדן קאָפּ האָר, זיך אימפּאָנירט ווי אַ דזשענטלמאַן מיט פיינערן מאַניר און קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן אפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז אָט-אָ-דער „גאַלאַן" זאָל שוין האָבן אויף זיין געוויסן אַזאַ ריזן-באַלאַנס פון פאַרברעכערישער טעטיקייט אַלס צושטעלער פון נייע קרבנות פאַרן ווייסן שקלאַפן-מאַרק.

ווי אַנדערע „חתנים"-אַגענטן, האָט מאָריץ שוין געמאַכט אַ סך רייזעס איבער שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און גאַליציע, אָבער קיין שום אַנדערער האָט נישט באַוויזן אויפצוטאָן דאָס וואָס ער. ער האָט געשלאָגן רעקאָרד פון ברענגען כלות מיט וועלכע ער האָט ערשט דאָ באַדאַרפט חתונה האָבן און אויך אַזעלכע, מיט וועלכע ער האָט ערגיץ-וואו אין אַ קליין שטעטל חתונה געהאַט כדת משה וישראל, און דעם קרבנס עלטערן האָבן זיך געפרייט וואָס זייער קינד איז באַגליקט געוואָרן...

מאָריץ האָט אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר אַזויפיל אַרומגערייזט איבער פּוילישע און גאַליצישע שטעט און שטעטלעך, און ער האָט געבראַכט אַזויפיל נייע קרבנות פון דאָרט, אַז זיינע בוענאָס איירעסער „באַלעבאַטים-קאַפּיטאַליסטן", די אַלטע רייכע „חברה-לייט", האָבן פאַר-

שטאַנען אַז כדי אים נישט אינגאַנצן צו פאַרלירן, מוזן זיי אים דאָ פאַר־האַלטן כאַטש אויף אַ יאָר צייט, געבן אים „וואַקאַציעס" הייסט עס, ביז די עלטערן פון די קרבנות. די פרומע טאַטעס און מאַמעס אין די אַלטע היימען, וועלן שוין האָבן אויסגעוויינט זייערע אויגן און מען וועט שוין האָבן אויפגעהערט צו שיקן די „שטעק־בריוו" און די וואָרענונגען קעגן זייער עלעגאַנטן אַגענט.

אָבער מאָריץ איז אין בוענאָס איירעס אויך נישט געזעסן ליידיק. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז מען מוז נישט דווקא פאָרן און איינשטעלן דאָס לעבן אין די שטעט און שטעטלעך, נאָר מען קאָן דאָ אויפן פּלאַץ גופא אויך עפּעס אויפטאָן.

און ער האָט טאַקע אויפגעטאָן. די דורכנעמענדיקע בליקן פון זיינע בלויע אויגן, האָבן זיך זעלטן ווען טועה געווען און האָט ער זיך גענומען צו אַ שטיקל אַרבעט, האָט ער עס מיט געדולד און גוט־אויסגעפּלאַנטער „סטראַטעגיע" דורכגעפירט.

מאָריץ איז געווען אַ קינד פון דער אָדעסער אונטערוועלט. יינגל־וויַיז האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס ערשט־קלאַסיקער קעשענע גנב און זיין סביבה האָט אים דערפאַר געקרוינט מיט דעם טיטל: — „דאָס גאָל־דענע הענטל".

מלחמה־צייט איז ער געזעסן אין תפיסה, דערנאָך געווען אויפן פראָנט און אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט און ווען ער איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען קיין אָדעס אַ הונגעריקער און אָפּגעריי־סענער, האָט ער נישט מער געפונען זיין סביבה, ער האָט אַרומגעבלאָנ־קעט אַ הונגעריקער, ביז ער האָט ענדלעך געפונען עטלעכע פון זיינע אַמאָליקע באַקאַנטע, צווישן זיי איז געווען אַ גאַסט פון בוענאָס איירעס וועלכן אַלע האָבן גערופן „סעמקע" און אָט־אָ־דער סעמקע האָט געוואָרפן אַן אויג אויף מאָריצן, ער האָט אים גענומען אין אַ באָד, אים אויסגע־קליידט און געמאַכט פון אים אַן עלעגאַנטן קאַוואַליער און ענדלעך אים געזאָגט: — מאָריץ, דו וועסט פאָרן מיט מיר און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ לייט!...

שוין פאַר זיין ערשטער רייזע קיין אַרגענטינע, האָט מאָריץ באַוויזן (לויט דעם אונטעריכט פון סעמקען) צו ווערבירן עטלעכע קרבנות. סעמ־קע האָט געשפּילט די ראָל פון מאָריצנס פאָטער, ער האָט אויפגענומען די כלות מיט פאָטערלעכער וואַרימקייט און די נעץ איז געווען אַזוי אַרומגעוועבט, אַז איין כלה האָט נישט געוואוסט פון דער צווייטער און ווען מאָריץ איז געקומען צום ערשטן מאָל קיין בוענאָס איירעס, האָט ער שוין געהאַט „אַ פאַרטיקע פּרנסה"...

סעמקע, אָדער סימאָן, ווי מען האָט אים גערופן אין די קאָמערציעלע קרייזן אין אַרגענטינע, איז געווען איינער פון די רייכסטע סוחרים אין בוענאָס איירעס. אין 1923 האָט ער שוין געהאַט אַ ריזן געשעפט מיט דער פירמע „קאַסאַ כאַפּאָנעסאַ" אויף איינער פון די רייכע צענטער־גאַסן. דאָס איז געווען אַ ריזן־געשעפט אָנגעשטאָפּט מיט די טייערסטע סחו־רות פון זיידנס, אָנהייבנדיק פון זיידענע זאָקן, ביז צו די טייערסטע יאַ־פּאַנישע זיידנשטאָפן און מיט אַ ריזן־אָפּטיילונג פון יאַפּאַנישע פּאָרצע־לאַנען און פאַיאַנסן.

אַלס אייגנטימער פון אַזאַ געשעפט, האָט מען אים שוין געקאָנט האַלטן פאַר אַ מיליאָנער, און דאָך האָט סעמקע געהאַלטן דאָס געשעפט בלויז אַלס דעק־מאַנטל וואָס זאָל פאַרשטעלן זיינע אמתע מסחרים מיט פאַרשידענע פאַרבאָטענע דראָגן וואָס זיינען אים אָנגעקומען פון יאַפּאַן און פון כינע צוזאַמען מיט די טראַנספּאָרטן זיידנס און פאַיאַנסן און נאָך מער — זיין האַנדל מיט „לעבעדיקע סחורה", זיין ווייסער שקלאַפן־האַנדל, וועלכן ער האָט אָנגעפירט מיט גאָר אַ גרויסן פאַרנעם.

אין דער צייט, האָט שוין אין דער אַרגענטינער הויפּטשטאָט גע־גאָלטן דער פּאַלאַסיאָס־געזעץ („לעי פּאַלאַסיאָס") וואָס האָט פאַרבאָטן די געמיינזאַמע גרויסע שאַנדהייזער אין וועלכע עס האָבן זיך געפּייניקט אין זייער שאַנד פיל צענדליקער פרויען־קרבנות צוזאַמען, נאָר אַנשטאָט די געמיינזאַמע שאַנדהייזער האָט מען בלויז דערלויבט, אַז אויף יעדן בלאָק, אָדער ווי מען זאָגט עס דאָ — אויף יעדער קוואַדרע, האָט גע־מעגט פונקציאָנירן אַ הייזל אין וועלכן עס האָט געמעגט „אַקטואירן" בלויז איין פרוי, אונטער דער אויפזיכט פון אַ צווייטער, דער אַזוי גערו־פענער „בערענטקע", אָדער „מומע", וואָס האָט געמוזט זיין עלטער פון פערציק יאָר.

אָבער בוענאָס איירעס איז שוין געווען גענוג גרויס און האָט שוין פאַרמאָגט גענוג גאַסן און געסלעך וואָס האָבן זיך צעצויגן אויף אַ סך קוואַדרעס (בלאָקן) אויף וועלכע עס זיינען שנעל דערעפנט געוואָרן „הייזלעך" און אַגב האָבן זיך באַלד דערעפנט אַזעלכע געמיינזאַמע שאַנד־הייזער אין די נאָענטע שטעטלעך אַרום בוענאָס־איירעס, דאָס האָבן די „חברה־לייט" געזאָרגט דערפאַר, אַז די קרבנות וואָס האָבן אין הויפּט־שטאָט געמוזט פאַרלאָזן די געמיינזאַמע הייזער, זאָלן נישט דאַרפן בלייבן „אַרבעטסלאָז" צוליב דעם „לעי פּאַלאַסיאָס"...

, געהייסן האָט עס אין דעם געזעץ, אַז עס ווערט דערמיט פאַרבאָטן די עקספּלאָטאַציע פון פרויען דורך האַרצלאָזע בעסטיעס, די „רופיאַ־נעס"; עס האָט געהייסן, אַז אַ דאַנק אָט־אָ־דעם געזעץ, וועט מען אָנהויבן

אַ גרויסן קאַמף קעגן די האַרצלאָזע ברואים און אויב מען קאָן נישט אָפּ־שאַפן די פּראָסטיטוציע, מוז מען אָבער פאַרפאָלגן די אַלע מענער, וועל־כע זוכן צו עקספּלאָאַטירן די פּראָסטיטוציע און מאַכן דערפון אַ גרינג לעבן.

געוועזן איז אָבער אַנדערש. דער געזעץ האָט נאָר געענדערט די פאָרם, וואָס אנשטאט אין געמיינזאַמע הייזער, איז די שאַנד צעשפּרייט געוואָרן איבער באַזונדערע צעוואָרפענע חדרים, נאָר דער טרויעריקער אינהאַלט איז געבליבן דערזעלבער, ווייל די זעלבע חברה־לייט, די זעל־בע רופיאַנעס זיינען ווייטער געווען די באַלעבאַטים איבער די הייזלעך און איבער די פילע קרבנות וועמענס שאַנד זיי האָבן ווייטער עקספּלאָ־טירט אויף די מוראדיקסטע אופנים.

סעמקע איז ווייטער געווען דער באַלעבאָס איבער אַ סך „הייזלעך" און איבער געמיינזאַמע שאַנדהייזער אויסער בוענאָס איירעס און אויב זיין „דעק־מאַנטל", זיין ריזן געשעפט פון יאַפּאַנישע זייד און פאַיאַנס איז געפירט געוואָרן פון אַ „כערענטע", אַ טיכטיקן שעף מיט בוכהאַלטערס און פון צענדלינגער אַנגעשטעלטע, האָט ער אָבער אין דעם גהינומדיקן מסחר מיט „לעבעדיקע סחורה" אַליין געהאַלטן אויף אַלץ אַן אויג.

ער איז געווען דער קאָפּ פון דער גאַנצער, געגנוג היפשער גרופּע יידישע פּרויען־הענדלער וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אויף אַ יידיש־לעבן אופן אַלס קעגנזייטיקע הילפס־געזעלשאַפט און רעליגיעזע געמיינ־שאַפט מיט אַן אייגענער שול און בית־עולם און די געזעלשאַפט האָט אָנ־געפירט אַן אינטענסיווע הילפס־טעטיקייט צווישן אייגענע, אונטער דעם נאָמען „מיגדל".

ער איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פיל גרעסערער אָרגאַניזאַציע פון נישט־יידישע פּרויען־הענדלער פון פאַרשידענע נאַציאָ־נאַליטעטן, מיט אַ גרויסער מערהייט פון פראַנצויזן און שפּאַניער.

פראַנסואַ, דער פראַנצויזישער גאַלאַן וואָס האָט זיך באַקענט מיט גיטעלע האבער אויף דער שיף „אטלאַנטאַ", איז אויך געווען איינער פון זיינע אַגענטן און אָט האָט ער פון אים באַקומען אַ ידיעה, אַז ער וויל קומען קיין בוענאָס איירעס, ער האָט עפּעס אין אויסזיכט... אָט רופט אים דער טעלעפאָן. עס רעדט מאָריץ. — יאָ, עס מאַכט זיך, נאָר אַביסל שווער... איך וועל דיר אפשר צושיקן אַ יאַלד, זאָלסטו אים „פאַרסטראַ־כירן" אין דיין געשעפט... גיב אים נאָך וואָס ער וויל, עס וועט ווערט זיין...

מאָריץ האָט געפאָלגט די עצה וואָס איינער פון די פינף האָט אים געגעבן און אַבי ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט סעמקען, האָט ער

אויסגעטרונקען דאָס רעשט ביר פון גלאָז, געזאָגט „טשאַו!“ און אַרויס פון קאַפע, לאָזנדיק זיינע פינף גוטע ברידער באַשטעלן נייע „שאָפּן“ ביר.

מאָריץ איז געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער גאַס סאַן לואיס, דאָרט וואו ער האָט פריער געזען אַריינגיין שמחהן מיט מלכהלען. ער האָט אַ לייטיש-פּאַרקנעפּלטער שפּאַצירט אויף דעם אַנטקעגנאיבערדיקן טראָטואַר, האַלטנדיק אַן אויג אויף דעם טויער פון הויז וואו עס וואוינט דאָס פּאָרל און ער איז געווען זיכער, אַז דער מאַן וועט אַרויסקומען, ווייל ווי דען? ער וועט בלייבן זיצן אין שטוב אַז מלאכים זאָלן ברענגען גע־בראָטענע טייבעלעך?...

נאָך אַ האַלבע שעה שפּאַצירן אויף און אָפּ, האָט מאָריץ אָנגעהויבן ווערן אומגעדולדיק, ער האָט פאַרויכערט איין ציגאַרעט נאָכן צווייטן און פּונקט אין דעם מאָמענט ווען שמחה האָט זיך באַוויזן אין טויער און זיך געזעגנט מיט מלכהלען וואָס האָט אים אַרויסבאַגלייט, איז פון אַ צווייטן טויער אַרויסגעקומען אַ ייד אין אַ סאַמעט קאַפּעלושל מיט אַ שוואַרץ-גרויער באָרד. אַרויסקומענדיק פון הויז, האָט זיך דער ייד אומ־געקוקט אין אַלע זייטן און ענדלעך זיך געלאָזן מיט אומזיכערע טריט אין דער ריכטונג וואו מאָריץ האָט שפּאַצירט און געלויערט אויף זיין נייעם קרבן.

דער ייד וואָס איז דאָ אַזוי פּלוצלינג אַרויסגעקומען, איז געווען דער סופר וועלכער איז געקומען מיט דער שיף „אַטלאַנטאַ“.

ער האָט איצט אויסגעזען ווי מיט צען יאָר עלטער. די פילע טעג וואָס ער דרייט זיך דאָ אַרום ווי אַ פאַרלוירענער, האָבן אים שוין כמעט אינגאַנצן צעבראָכן. ער האָט שוין אָנגעהויבן פאַרשטיין אַז דאָ איז עפּעס מיט זיין טאָכטער נישט גלאַטיק. אַ מענטש האָט אים אַרויסגענומען פון אימיגראַנטן האָטעל. אים אַהער געפירט דאָ אין אַ גאַנץ שיין איינגע־אָרדנט שטיבל, געזאָגט אים, אַז זיין דבורהלע וואוינט מיט איר מאַן אין אַ וויטער פּראָווינץ-שטאָט און אַז זי וועט קומען צו אים און אים מיט־נעמען, אָבער קיין אַדרעס צו איר ווייס ער נישט, ער האָט דאָך די אַד־רעס אירע קיין בוענאָס איירעס און דער מענטש זאָגט, אַז דאָס איז טאַקע זיין אַדרעס און ער שיקט איר איבער די בריוו און דער מענטש פירט אים נישט צו זיך, ער פאַרבעט אים נישט און עס גייען טעג און טעג און ער וויינט אויס די אויגן: — וואו איז זיין דבורהלע?... און דער מענטש געפעלט אים אינגאַנצן נישט, זעט אויס אַזאַ גראָבער נפש... ווי ער האָט אים דאָס נעכטן גראָב אָפּגעענטפערט: — אייער טאָכטער מאַכט אַ גוט לעבן און איר קאָנט דערווייל גיין אין שיל אַריין זאָגן תהילים!...

דאָס האַרץ זיינס איז פאַרוויטיקט און אַט גייט ער איצט מיט אַן אַדרעס צו אַן „עזרת נשים“, ער איז גרייט דאָרט זיך אַנידערצוואַרפן אויף דער ערד און בעטן רחמים, מען זאָל עפּעס געוואויר ווערן און אים זאָגן וועגן זיין איינציק קינד...

און גייענדיק אַזוי מיט זיינע געבראָכענע טריט, האָט זיך מאַריץ גראָד אויסגעדרייט און דער סופר איז געבליבן שטיין קעגן אים פּנים־אל־פּנים.

— מרדכי!...

דער סופר האָט דערקענט זיין איידעם, דעם רייכן אַמעריקאַנער יונ־גערמאַן און עס האָבן זיך פּאָר זיינע פאַרטרערטע אויגן געגומען דרייען פייערדיקע רעדער וואָס זיינען שנעל געוואָרן טונקעלער און טונקעלער, ביז זיי האָבן מיט זייער שוואַרצקייט אויסגעשפּרייט אַ מוראַדיקע פינצ־טערניש און ער האָט געפילט אַז ער פאַלט, אַז ער פאַלט און אין פאַלן, האָט ער ווי דערמאָנט זיך, אַז ער טאָר נישט פאַלן, ער מוז זיך האַלטן אויף די פיס, עס גייט דאָ אין לעבן פון זיין דבורהלע, ער איז דאָך געקו־מען צו איר!... און מיט איבערמענטשלעכע כחות האָט ער זיך גע־שטרעקט און אַ ריס געטאָן צו מאַריצן — מרדכי! וואו איז דבורהלע?...

אויף אַ מאָמענט איז מאַריץ געבליבן צעטומלט, אָבער שנעל איז ער געקומען צו זיך, ער האָט אָנגעשטעלט אויף דעם עלנטן יידן אַ פּאָר רחמנותדיקע בליקן און אים געפרעגט אויף שפּאַניש וואָס ער וויל פון אים.

— מרדכהלע, דערבאַרים זיך, רעדט צו מיר יידיש, וואו איז דבורה־לע, זי האָט דאָך מיך אַריבערגעבראַכט אַהער... זאָג מיר. רעד, האָב גאָט אין האַרצן!...

עטלעכע פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און מאַריץ איז גע־וואָרן אומגעדולדיק. — „וואזשא סע, פּאָברע וויעכאָ“ (גיי דיר, אָרימער אַלטער), האָט ער ווידער געזאָגט אויף שפּאַניש און געוואָלט אַוועקגיין, אָבער דאָ האָט דער סופר אין זיך פּלוצלינג דערפילט איבערמענטשלעכע כחות, ער איז צוגעלאָפן צו אים, אָנגעכאַפּט זיך אַן מאַריצנס אַרבל און נישט מיט זיין קול אָנגעהויבן שרייען: — גזלן! גיב מיר אָפּ מיין איינצי־קע טאָכטער!...

אנשטאָט אַן ענטפער, האָט מאַריץ אים דערלאַנגט אַ שטאַרקן זעץ איבערן קאָפּ, דער סופר איז אומגעפאַלן און איידער וואָס־ווען, האָט זיך מאַריץ אַוועקגעדרייט אין דער זייטיקער גאַס, וואו ער האָט אַנגע־

הויבן לויפן ווי טויזנט רוחות וואָלטן אים געיאָגט, בעת די עטלעכע אַרומ־שטייענדיקע מענטשן האָבן זיך באַמיט אָפּצומונטערן דעם פאַרחלשטן אַלטן ייד.

צווישן די וואָס האָבן געהאָלפן אויפהייבן דעם סופר פון דער ערד, איז אויך געווען שמחה פלעכטמאַן...



## י״ד

# אין דעם הויז וואו מען לאַכט און מען וויינט...

באַהיאַ בלאַנקאַ איז אַ גרויס שטעטל וואָס ליגט אויף אַ טויזנט קילאָמעטער ווייט אין זידן פון בוענאָס איירעס.

נישט ווייט פון דאָרט, געפינען זיך די קלענערע ישובים ווי ריוועראַ, בערנאַסקאָני און די קאָלאָניע לאַפּין, וואו עס לעבן און אַרבעטן יידישע קאָלאָניסטן וואָס האָבן שוין מיטגעמאַכט אַלע מינים צרות פון טרוקענישן און היישעריקן און דורכגעליטן הונגער און נויט און פאַרשידענע קראַנקייטן, אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן אויף זייערע מיט שוויים באַאַרבעטע נחלאות און בשום אופן נישט געוואָלט בייטן די עבודת האדמה אויף אַנדערע באַשעפטיקונגען.

באַהיאַ בלאַנקאַ איז די הויפּטשטאָט אין וועלכער עס ווערן דורכגעפירט אַלע געשעפטן פון און פאַר די אַרומיקע ברייט און ווייט צעוואָרפענע קלענערע אָרטשאַפטן; סוחרים אין באהיא בלאנקא באַציען גרויסע קוואַנטיטעטן פון די פאַרשידנסטע מינים סחורות פון בוענאָס איירעס און די סחורות ווערן פאַרשפּרייט איבער די אַלע אַרומיקע נאָענטע און ווייטערע ישובים.

אין באַהיאַ בלאנקא שוויבלט און גריבלט פון פאַרשידענע מינים אַגענטן פון גרויסע תבואה־פירמעס וואָס קויפן אָפּ ביי די אַרומיקע קאָלאָניסטן די תבואות נאָך איידער זיי זיינען צייטיק, זיי צאָלן איין בלויז אַ האַנטגעלט און כדי צו באַקומען דאָס ביסל נויטיקע פּעזעס האַנטגעלט, לאָזט זיך דער קאָלאָניסט אַזוי דריקן דעם פּרייז, אַז זיין שווערע פּראַצע גייט אינגאַנצן אַוועק פאַרן טייוול...

פונדעסטוועגן, כאָטש אַ הויפּטשטאָט, זיינען די בנינים דאָרט, אַ חוץ די קלויסטערס און עטלעכע אַמט־געביידעס אין צענטער — בלויז נידעריקע. די אַרגענטינער פּראָווינץ־שטעט זיינען נאָך וויניק באַפעלקערט און דער שטח איז גרויס, איז פאַראַן גענוג פּלאַץ צו בויען אין דער לענג און אין דער ברייט און מען דאַרף נישט קלעטערן אינדערהויך.

לאַנגע שורות, אין אַ מער־וויניק סעמעטרישער פאָרם ציען זיך די

נידעריק-געבויטע שטיבער וואָס פאָרמירן אוים די גאַסן און געסלעך און די געסלעך וואָס ציען זיך ווייט אַוועק פון צענטר, זיינען שוין פאַרזייעט מיט די אַזויגערופענע „ראַנטשאָס", דאָס זיינען אַזעלכע ביידלעך צונויפ־געקלאַפּטע פון האָלץ און אַמאָל אפילו בלויז פון קאַרטאָן אָדער בלעך און די דעכלעך זיינען צונויפגעלאַטעט מיט שטיקער בלעך, אויסגעגלייכטע פון פאַרשידענע פּושקעס פון נאַפט, בוימל און אַנדערע קאָנסערוון און פון דער קאָמבינאַציע פון די פאַרשידענע קאָלירן פון די בלעכענע לאַטעס, וויינט אַראָפּ די מוראַדיקע אָרימקייט אין וועלכער עס לעבן אין ראַנטשאָ פאַמיליעס מיט אַ סך, אַ סך קינדערלעך.

אָבער, דאָרט ווייטער פון די אָרימע ראַנטשאָס, הויבט זיך פּלוצלינג אַרויס אַ הויכע צוויי־שטאָקיקע געביידע מיט אַ סך פענסטער, וואָס אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי פאַרמאַכט און זיי קוקן אַראָפּ מיט שוואַרצע בליקן אויף דער אַרומיקער אָרימקייט און אָפּגעלאָזנקייט און ערשט פאַרנאַכט, ווען די זון זעצט זיך אַראָפּ נידעריקער און נידעריקער און שאָטנס הויבן אָן איינהילן די ראַנטשאָס אין פינצטערניש, דעמאָלט ווערן די פילע פענס־טער פון דער געביידע באַלויכטן און וואָס פינסטערער עס ווערט אין דעם אַרום, אַלץ שטאַרקער און אַלץ גרעלער שטראַלט אַרוים די ליכטיקייט פון דער געביידע.

אויף די שמאָלע וועגן וואָס ציען זיך פאַרביי די ראַנטשאָס הויבן זיך אָן באַוועגן שאָטנס פון מענער וואָס קומען אָן פון אַלע זייטן, די מענער גייען יעדער באַזונדער, עס זעט אויס, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט אַזוי ווי גנבים אין דער פינסטער און די אַלע מענער באַוועגן זיך כסדר נענטער צו איין ציל, צו דער גרויסער געביידע, פון וואַנען עס רייסט זיך אַרויס נישט בלויז ליכטיקייט, נאָר אויך גרילצנדיקע טענער פון אַן עלעקטרישער שפּיל־מאַשין.

ווען מען קומט צו נענטער צו דער געביידע, דערזעט מען קאָנטורן פון פרויען־קערפּערס וואָס הוידען זיך אויף די פענצטער־שוועלן און בילדן מיט זיך די שאָטנס וואָס פאַרשטעלן די גרעלע ליכטיקייט.

ווען מען קומט צו נאָך נענטער, זעט מען שוין בולט, אַז דאָ זיצן אין יעדן פענסטער יונגע פרויען, מאַנכע פון זיי אַזעלכע יונגע, ממש מיט קינ־דערשע פּנימלעך. זיי זיצן אַזוי אַריבערגעלענטע אויף די פענצטער, כמעט, אָדער גאָר אינגאַנצן נאַקעטע; זיי באַוועגן מיט די אַקסלען כדי צו מאַכן ציטערן די אַנטבלויזטע בריסטן און זייערע פּנימער שמייכלען מיט גע־צוואונגענעם שמייכל פון שקלאַפינס.

שטייען טאַקע אונטן, קעגן דער געביידע אַ סך פון די אָנגעקומענע מענער און קוקן מיט גיריקע בליקן אויף די נאַקעטע אויבערשטע טיילן

פון די הוידנדיקע פרויען קערפער, זיי רוקן זיך פון איין פענסטער צום צווייטן, מאכן ציִנישע אויסרופן צו די מיידלעך, מאנכע פון די שוין ריי־פערע פרויען ענטפערן אַפּ מיט נאָך גרעבערע און ציניִשערע אויסרופן און זיי שמייכלען און לאדן איין און אַט איז איין רייע מענער שוין אריין אין דער געביידע און אנדערע מענער זיינען צוגעקומען און שטייען און קוקן אויף דער פאנאראמע וואָס עס שטעלן מיט זיך פאַר די מאָדנע שוי־פענצ־טער.

אין איינעם אַזא פענצטער אויפן אויבערשטן שטאָק, זיצט אַ יונג מיידל צוגעלענט מיט דער פלייצע צו דער פענצטער־ראַם.

זי באַוועגט זיך נישט. זי טראָגט אַ העמד אויפן לייב וואָס פאַרדעקט אירע בריסטן און זיצנדיק אַזוי צוגעלענט צו דער ראַם פון פענצטער, פאַלט אויף איר פּנים די שיין פון גרויסן עלעקטרישן לאָמפּ און מען זעט אַ ליכטיק קיילעכיק פּנים וואָס איז באַצירט מיט אַ וואלד אַראָפּגעלאָזטע אביסל צעשויבערטע גאָלד־בלאָנדע האָר.

זי קוקט נישט אַראָפּ צו די אונטן־שטייענדיקע מענער, זי שמייכלט נישט אַראָפּ צו זיי, אירע שיינע בלויע אויגן קוקן ערגיץ גלייך, צו די ווייט־קייטן, ווי זיי וואָלטן דאָרט געזוכט די וועלט פון וועלכע מען האָט זי אַזוי מוראדיק, אַזוי ברוטאַל אַרויסגעריסן.

צווישן דער גרויסער אויסשטעלונג פון נאַקעטקייט, ציט זי נישט צו זיך די קלענסטע אויפמערקזאַמקייט, אָבער פּלוצלינג באַווייזט זיך דאָרט אינעווייניק נעבן איר אַ מאַן, ער שלעפּט זי אַראָפּ פון פענצטער, עס דער־הערט זיך אַ שמערצלעכער אויסרוף און קוים אַ צוויי מינוט שפּעטער, באַ־ווייזט זיך דאָס זעלביקע מיידל צוריק אין פענצטער, זי זעצט זיך אין דער זעלבער פּאָזע ווי פריער, נאָר איצט איז זי שוין נאַקעט, איינער פון די אויפזעער האָט איר דאָס העמד פון לייב אַראָפּגעריסן און איר באַפוילן מיטן שאַרפן וואָרט, אַז „זי זאָל זיין אַ מענטש" און געדענקען פון וואָס זי לעבט...

זיצט זי, דאָס גאָלד־בלאָנדע מיידל אַזוי ווי פריער, אומבאַוועגלעך און קוקט מיט נאָך מער פאַרביסנקייט אין די ווייטקייטן פון וועלכע עס זיינען פול אירע טראַכטענישן.

און זי האָט דאָך אַזויפיל וועגן וואָס צו טראַכטן!

עס איז שוין געווען פאַר איר אַ צייט, ווען זי האָט געהאַט אויפגע־הערט צו טראַכטן. דער קוואַל פון טרערן איז שוין ביי איר געהאַט אויס־גערונען. איר לייב איז שוין געווען פאַרהאַרטעוועט פון קלעפּ און אויב זי האָט אויסגעשריגן פון ווייטיק ווען מען האָט איר דערלאַנגט אַ שמיץ מיט אַ בייטש, איז דער אויסגעשריי געווען מער פון גייסטיקער פּיין, ווי

פון פיזישן ווייטיק. עס איז איר שוין דעמאָלט געווען גוט, ווען זי האָט געהאַט אויפגעהערט טראַכטן; אָבער איר לאַגע האָט זיך דאָך ביי דעם נייעם באַלעבאָס, ביי דעם נייעם הערשער אירן אינגאַנצן געענדערט; ער איז דאָך געווען אַזוי גוט צו איר און ער האָט דאָך איר אַלץ נאָכגעגעבן און אפילו געשיקט אַ שיף־קאַרטע פאַר איר אַלטן טאַטן דעם סופר...

יאָ, דאָס גאָלד־בלאָנדע מיידל וואָס איז געזעסן אין פענצטער פון דעם גרויסן שאַנדהויז אין באַהיאַ בלאַנקאַ, איז געווען דבורהלע דעם סופרס, שרהלעס חברטע אין דער אַלטער היים, אין זייער קליינעם שטעטל אין גאַליציע.

ווי אין חלום געדענקט זי נאָך איר לעבן אין דעם קליינעם שטעטל און ווי אין חלום דערמאָנט זי זיך אָן די גליקלעכע טעג ווען עס האָט זיך פאַר איר באַוויזן דער „אַמעריקאַנער" קאַוואַליר און ווי גליקלעך זי איז געווען אַזוי לאַנג ווי זי האָט געגלויבט אין זיין ליבע, אין זיין ערלעכקייט און אין דער גליקלעכער צוקונפט וואָס זי וועט האָבן מיט אים.

און דאַן איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ פינצטערן קאָשמאַר פון ליידן און פיין, פון פיין און פון שאַנד און זי קאָן זיך אפילו נישט דערמאָנען ווי אַזוי דאָס איז פלוצלינג געשען, ווי אַזוי איר אויסדערוויילטער אין וועמענס הענט זי האָט זיך איבערגעגעבן מיט אַזויפיל ליבע, צוטרוי און גליקלעכער האָפענונג, ווי אַזוי ער האָט זיך דאָס געקאָנט אַזוי פלוצלינג פאַרוואַנדלען אין אַזאַ ווילדע ברוטאַלע בעסטיע...

עפּעס דערמאָנט זי זיך יאָ. דאָס איז, דוכט זיך, געווען באַלד אין ערשטן טאָג ווען זי איז צוזאַמען מיט מאָריסן אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס.

ער האָט זי אַריינגעפירט אין אַ שטוב וואו עס איז געזעסן אַ דיקע פרוי מיט אַ האַלב אויסגעקרומט פאַראַליזירט פנים אונטער וועלכן עס האָט זיך געהוידעט אַן אויפגעשוואָלענער גוידער און דריי מענער וואָס האָבן מיט זייערע פינצטערע שניידיקע בליקן אויסגעזען ווי די וואַלד־גזלנים פון די מעשהלעך וואָס זי האָט געהערט אַלס קינד.

מיט אַ טרוקן קול האָט איר מאָריס אָנגעזאָגט, אַז דאָ איז זי צווישן אייגענע מענטשן און אַז זי דאַרף זיי פאָלגן אין אַלץ וואָס זיי וועלן זי הייסן טאָן...

זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט דערמיט צו זאָגן, האָט זי געקוקט מיט פאַרוואונדערונג צוערשט אויף דער דיקער פרוי, דערנאָך אויף די דריי, פון איינעם אויפן צווייטן פון די דריי מענער מיט דעם מער־דערישן אויסזען און דערזעענדיק זייערע פינצטערע בליקן, איז זי אָרומגע־כאַפּט געוואָרן פון אַ מוראַדיקער שרעק, זי האָט זיך צוגערוקט צו מאָריסן,

ווי וועלנדיק זוכן שוץ אין זיינע אָרעמס, אָבער מאָרים האָט זי ברוטאַל אָפּגעשטויסן פון זיך.

— מאָ־אָ־ריס!...

זיין ברוטאַליטעט איז עפּעס געקומען פאַר איר אַזוי פּלוצלינג, אַז זי האָט פּשוט נישט געקאָנט גלויבן אין איר און ווידער האָט זי זיך אומגעקוקט אויף די דריי טיפּן און זעענדיק ווי איינער פון זיי שטייט אויף און נעמט זיך שפּילן מיט אַ רייט־בייטש, איז זי ווידער צוגעפאַלן צו מאָריסן, אַרומגעקלאַמערט זיך מיט די הענט אַרום זיין קאָפּ:

— מאָרים צו ווען האָסטו דו מיך דאָ אַהערגעבראַכט?

קאַלט ווי אַ וואַלד־גזלן האָט ער איר מיט כעס אַראָפּגעריסן אירע הענט פון זיך און אַריינשפּיזנדיק זיינע בליקן אין אירע אויגן, האָט ער איבערגעחזרט:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, דאָ ביסטו צווישן „אייגענע מענטשן" און דו דאַרפסט פאָלגן וואָס מען וועט דיך הייסן...

ווייטער געדענקט זי שוין גאָרנישט. זי ווייס נאָר, אַז ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי שוין מער נישט געהאַט קיין טרערן צום וויינען און אַז מען האָט זי געשלאָגן, האָט זי שוין מער נישט געפילט קיין ווייטיק.

מאָריסן האָט זי מער נישט געזען, זי איז געווען צווישן „אייגענע מענטשן" און זי האָט געמוזט פאָלגן אַלץ וואָס מען האָט פון איר געפאָדערט...

ווי לאַנג האָט זי זיך אַזוי געפונען אין איר קאָשמאַרן צושטאַנד? ווי לאַנג האָט זי זיך אַזוי אונטער דעם מוראדיק ברוטאַלן רעזשים אונטערגעוואָרפן ווי אַ ווילנלאָז באַשעפעניש צו אַלץ וואָס מען האָט איר באַפוילן? און ווי אַזוי האָט זיך אין איר ווידער אָנגעהויבן אויפוועקן דער באַוואוסטזיין און דער געפיל פון זעלבסטשטענדיקייט?

דבורהלע זיצט אין דעם פענצטער און טראַכט נאָך, אָבער זי ווייס נישט און קאָן נישט פעסטשטעלן ווי לאַנג זי האָט זיך געפונען אין דעם קאָשמאַרן צושטאַנד. עפּעס קומט עס ביי איר אויס, אַז זי האָט זיך דעמאָלט געפונען אויסער דער צייט און אויסער דערווירקלעכקייט; אַז זי האָט דעמאָלט איבערהויפּט נישט עקזיסטירט, ביז זי איז דאָ אַהערגעבראַכט געוואָרן צו דעם נייעם באַלעבאָס, צו דעם נייעם האר און געביטער, וועלכער האָט זי אָנגעהויבן בעסער באַהאַנדלען און אַרויסגעוויזן פאַר איר אַ ספּעציעלן אינטערעס.

דבורהלעס נייער האַר און געביטער, איז געווען קיווע כמאַלסקי, אַן אַלטער פרויען־הענדלער מיט הויכע ברייטע אַקסלען צווישן וועלכע עס

איז ווי געזעסן זיין מגושמדיק גרויסער קאָפּ, ווייל קיין האַלדז האָט זיך ביי אים איבערהויפּט נישט אָנגעזען. זיין געשטיפּלט פּנים איז נישט געווען ווי געוויינלעך, נאָר אויף אַריין; הינטן, דער קאָפּ קיילעכדיק און פּאַרנט, דאָס פּנים, שטערן און גאָמבע פּאַראויס און די אייביק-רויט-פּאַרשיכורטע נאָז אינעווייניק, אַזוי ווי אַריינגעזעצט אין דעם ליידיקן אָוואַל פון אַ יונגער לבנה, אַזוי אַ ( ...

מיט דעם „געשעפט" האָט זיך אָפּגעגעבן זיין ווייב, ברײַנע, די זעלבע דיקע פרוי מיט דעם אַנטזעצלעכן האַלב-פּאַראַליזירטן פּנים, וואָס איז געזעסן דעמלט מיט די דריי מענער, ווען מאָרים האָט דבורהלען געבראַכט אַלס נייעם קרבן קיין בוענאָס איירעס.

קיווע אַליין האָט אין דעם „געשעפט" בלויז אינטערווענירט אין אויסנאַמס-פאַלן, בעת אַ געשלעג צווישן די „נקבות".

געוויינלעך, האָט קיווע געקוקט אויף פרויען אַזוי ווי אויף שטיקלעך סחורה וואָס זיינען ווערט מער אָדער ווייניקער, אָבער זיין בליק האָט זיך אײַנגעצן געענדערט ווען ער האָט דערזען דבורהלען מיט איר גאָלדבלאָנדן קאָפּ האָר און ווען ער איז דורכגענומען געוואָרן פון די תחנונים-דיקע בליקן פון אירע הימל-בלויע אויגן.

וויפיל ער האָט נישט געטריבן פון זיך דעם געפיל וואָס אירע בליקן האָבן אין אים דערוועקט, דער געפיל האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן, נאָר האָט אים געוואָרימט און געבוירן אין אים דעם געדאַנק, אַז אָט אַ דאָס מיידל, איז נישט קיין „נקבה", אַז אָט אַ דאָס מיידל דאַרף זיין ז יי ן מיידל, זי דאַרף זיין דאָס גליק וואָס וועט פאַרזיסן זיינע אַלטע יאָר.

עטלעכע מאָל האָט ער זיך שוין מיט איר צעשמועסט און כאָטש קיין וואַרימע ווערטער האָט ער נישט געהאַט, האָט ער זי אָבער גענוג איבערצייגט, אַז ער מיינט עס מיט איר גוט און אַז אַבי זי וועט וועלן זיין גוט צו אים, וועט זי ביי אים האָבן פון פויגל-מילך און דאָס טעלערל פון הימל...

ער אַליין האָט זי צוגערעדט אַז זי זאָל זיך מאַכן קראַנק און ער האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז זי זאָל זיך אָפּרוען פון דער „אַרבעט" און אין די טעג פון אָפּרו, האָט זי זיך פּאַמעלעך אַרויסגעהויבן פון איר קאָשמאַרן צושטאַנד.

זי האָט אָנגעהויבן זען די זאַכן אַזוי ווי זיי זיינען, און איין געדאַנק האָט זי אַרומגעכאַפּט, איין געפיל, איין ווילן וואָס האָט זיך איבער איר געשטאַרקט, דאָס איז געווען דער ווילן צו האָבן איר פאָטער נעבן זיך.

אַלצאיינס האָט זיך דבורהלע שוין געזען אַ געשענדעטע און אַ געזונקענע; זי האָט שוין איר קערפּער אַלצאיינס מקריב געווען און גע-

מאַכט פון אים אַ הפקר, וואָס אַלע געשעעענישן מיט אים נעמט זי שוין אויף מיט גלייכגילט און כאָטש דער קיווע איז אַ מגושם וואָס ווען זי דערזעט אַזאַ אין איר אַלט היים־שטעטל בריגל, וואָלט זי זיכער נישט געקאָנט עסן עטלעכע טעג, האָט זי פונדעסטוועגן זיך באַמיט שלום צו מאַכן מיט איר גורל, אויב עס וועט זיך איר איינגעבן עפּעס אויפצו־טאָן פאַר איר אַלטן טאַטן.

און זי ווייס אַליין נישט ווי אַזוי עס איז געשען, אַז איר וואונטש זאָל דערפילט ווערן אַ סך שנעלער ווי זי האָט דערוואַרט. הערנדיק, אַז זי וויל עפּעס טאָן פאַר איר טאַטן וואָס איז געבליבן אין דעם שטעטל אויף יע־נער זייט ים עלנט ווי אַ שטיין, האָט ער זי געפרעגט ווער און וואָס ער איז און דערוויסנדיק זיך אַז דבורהלעס טאַטע איז אַ סופר וואָס האָט געשריבן אויף ווייסע פּאַרמעטן הייליקע מזוזות און אפילו אַ ספר־תורה קאָן ער שרייבן, האָבן זיך אין קיווען אויגן פלוצלינג באַוויזן מאָדנע פייערלעך, זיין פּנים איז צוערשט געוואָרן רויט און נאָך אָפּשטויסנדיקער ווי געוויינלעך, אָבער באַלד איז די רויטקייט פאַרשוואונדן מאַכנדיק פּלאַץ פאַר אַזאַ מאַטע ווייסקייט, אַז עס האָט זיך דבורהלען אויסגעוויזן ווי עס וואָלט קענען איר געזעסן גאָר אַן אַנדערער מענטש.

קיווע האָט געוואוסט וואָס עס איז אַזוינס אַ מזוזה, דאָס איז אַזאַ בלעכן שיידל מיט אַן אָפן אייגל פון וועלכן עס קוקט אַרויס אַ הייליק וואָרט, אָבער ער האָט נישט געוואוסט אַז דאָרט איז אינעווייניק פאַראַן אַזאַ בלעטל פּאַרמעט אויף וועלכן אַ סופר דאַרף עפּעס אָנשרייבן; ער האָט אָבער געוואוסט, אַז אַ ספר תורה מוז שרייבן אַ הייליקער סופר און הערנדיק אַז דבורהלעס פאָטער איז אַ סופר וואָס קאָן שרייבן אַ ספר־תורה, האָט עס אים אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַריין, אַז ער וועט אים אַרי־בערברענגען און זאָל ער פאַר אים שרייבן אַ ספר תורה און ער וועט עס שענקען מיט אַ גרויסן פּאַראַד אין דער גרויסער שול פון די חברה־לייט אין בוענאָס איירעס.

— זיי נאָר גוט צו מיר און זאָל מיר אַזוי גאָט העלפן, ווי איך וועל דיר אַריבערברענגען דיין טאַטן און ער וועט פאַר מיר שרייבן אַ ספר תורה! זיי נאָר גוט צו מיר, און איר וועט ביידע ביי מיר אַרומגיין אין גאָלד!...

ברוטאַל ווי קיווע איז אַלעמאָל געווען, האָט זיך אָבער דער געפיל צו דבורהלען אַזוי צעיוירן אין אים, אַז ער האָט זי נישט געוואָלט „נע־מען אויף כח", ער האָט צוערשט געוואָלט באַווייזן פאַר איר, אַז ער איז ווערט איר ליבע און איבערגעבנקייט און אַזוי איז עס געשען, אַז דער סופר האָט דערהאַלטן צוערשט בריוו און געלט און שפּעטער אויך די שיף־

קארטע און ווען דער סופר איז געקומען און קיווע האט דעמלט נישט גע-קאנט זיין אין בוענאס איירעס, האט ער דורך זיינס א מענטשן אים בא-זארגט מיט א דירה אין א יידישער שטוב און איצט, איז ער צוגעשטאנען צו דבורהלען, אז זי זאל פארן מיט אים קיין בוענאס-איירעס זען איר טאטן און ער באשטייט אפילו, אז זי זאל בלייבן וואוינען מיט אים, אבער, זי זאל זאגן אז זי האט זיך געמוזט גטן מיט איר מאן און אז זי האט מיט אים חתונה געהאט...

— זאלן מיר אזוי ביידע געזונט זיין, ווי איך וועל דיר זיין א גע-טרייער מאן און דיין טאטע וועט שרייבן פאר מיר א ספר תורה און מיר וועלן אלע דריי זיין גליקלעך!...

דבורהלע האט אויפגעציטערט ביים געדאנק, אז זי וועט דארפן אט א דעם א אפשטויסנדיקן טיפ פארשטעלן פאר איר פאטער אלס איר מאן. קיוועס אנדערשדיקע באציאונג צו איר, האט זי אויפגעוועקט פון איר קאשמארן צושטאנד און זי האט ווידער אנגעהויבן פילן ווי אין ערשטן טאג, ווען מארים האט פארן אוועקגיין אנגעזאגט די „אייגענע מענטשן" אז זיי זאלן האלטן אן אויג אויף דעם גאלדענעם פייגעלע וואס ער לאזט זיי איבער; דעמלט האט זי זיך געפילט ווי א גאלדן פייגעלע אין א שטייג פון ווילדע חיות און איצט, זעט זי, אז איר האר און געביטער, וויל זי האלטן נאר פאר זיך, אין א גאלדענער שטייג...

ניין. איידער צו דארפן פארשטעלן אט א דעם מגושם אלס איר מאן, וואלט זי זיך בעסער געווינטשן דעם טויט. און דאך, טעג זיינען געגאנ-גען, זי האט געוואוסט אז איר אלטער טאטע קוקט אוים די אויגן ער זאל זי שוין זען און עס גייט דאך דא נישט בלויז וועגן איר, זי אליין איז דאך שוין פאקטיש גארנישט, אבער דער אלטער פרומער טאטע... און אפשר, ער וועט קומען, אפשר וועט זיך איר גאר איינגעבן זיך צו באפרייען פון דער „גאלדענער שטייג"?...

זי האט ענדלעך מסכים געווען און עטלעכע טעג, נאכדעם ווי קיווע האט געפונען פארשידענע תירוצים פאר זיין ווייב, די דיקע האלב-פארא-ליזירטע ברוינע, די „מומע" פון זיין שאנד-הויז, איז ער צוזאמען מיט דבורהלען געפארן קיין בוענאס איירעס.

***

וואו איז דער סופר?

שוין צוויי טעג ווי ער איז געהאט אריינגעקומען אין זיין שטיבל, צונויפגעלייגט זיין ביסל וועש און עטלעכע ספרימלעך אין דער וואליזקע, אוועק מיט איר און פארשוואונדן.

קיוועס מענטשן זוכט אים ארום. ער ווייס, אז קיווע וועט אים נישט

שווייגן און דאָ האָט ער באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז קיווע קומט מיט דעם יידס טאָכטער — עס וועט דאָ זיין ערד־טרעטעניש!...

און עס איז טאַקע געווען לעבעדיק! קיווע האָט זיך צעבריקעוועט, געוואָלט זיין מענטש אויפפרעסן אַ לעבעדיקן, אָבער זעענדיק, אַז מיט זיין כעס וועט ער דאָ גאָרנישט אויפטאָן, האָט ער גענומען פאָרשן און זוכן און דורך פאַרשידענע פאַרבינדונגען האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער אַלטער איז שוין געווען אין דער חברה קדישא, אין עזרת נשים און אַז ער גייט פון איין סאָסיעדאַד אין דער צווייטער און ער בעט, מען זאָל זיך דערבאַרימען איבער אים און אים אָפּשיקן צוריק אַהיים, אין זיין קליין שטעטעלע אין גאַליציע.

נאָכדעם, ווי ער איז שוין אויסגעווען אין אַ רייע אינסטיטוציעס און אין עטלעכע האָט מען אים צוגעזאָגט, אַז מען וועט עפּעס טאָן פאַר אים, איז דער סופר אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין הכנסת אורחים און ביינאַכט איז ער אַוועק שלאָפן אין אַן אָרימער אכסניה וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן „קאָמעדאָר״ אין וועלכן עס זיינען געשטאַנען אַכט שמאָלע בעט־לעך און ער איז געשלאָפן אין איינעם פון זיי פאַר דרייסיק סענט אַ נאַכט.

זיצט ער, דער סופר אַ גאַנצן טאָג אין הכנסת אורחים ביי זיין תהי־לימל, און זוכט דערין אַ טרייסט צו זיין גרויסן ווייטיק.

עס איז אים ממש נישט צום דערקענען. דורך די עטלעכע געציילטע וואָכן איז ער געוואָרן ווי מיט צוואַנציק יאָר עלטער.

זיצט ער און וויינט אַריין אין תהילימל שוין אָן טרערן און ווען עס מאַכט זיך אַ מינוט ווען ער פאַלט אַריין אין אַ טראַכטעניש וועגן זיין טאָכטער, גיט ער זיך שנעל אַ צעטרייסל, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון זינדיקע געדאַנקען און ער טאַפּט שנעל אָן און גיט אַ קוק אויף דעם טיפן איינרים אין לאַץ פון זיין קאַפּאָטע און ער איז צופרידן וואָס ער האָט זיך קריעה געריסן, זיין טאָכטער, זיין דבורהלע, איז פאַר אים טויט...

ער פאַרשטייט שוין, אַז מען האָט דאָ זיין דבורהלען פאַרפירט; אַז שלעכטע פינצטערע רשעים האָבן זי ביי אים צוגערויבט און ער וויל זיך מאַכן גלויבן, אַז זי איז אַן אומשולדיקער קרבן, אָבער, צי מיינט דאָס טאַ־קע אומשולדיק? יאָ, ווען ער טרעפט זי דאָ אַן אָרימע, אַ הונגעריקע, אַ צעבראָכענע, וואָלט ער געזען אַז זי איז אַ קרבן און ער וואָלט אודאי נישט פאַרגעסן דעם „כרחם אב על בנים״; אָבער זי האָט דאָך אים גע־שיקט ברייוו און געלט און צום סוף אַ שיפקאַרט, איז דאָך, משמעות, פּשוט צום פאַרשטיין, אַז איר גייט עס גוט, אַז זי איז מסכים געווען צו דעם טרפהנעם לעבן פון שאַנד... יאָ, ער האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט

זיך קריעה געריסן, זיין טאַכטער איז טויט און ער טאָר מער נישט טראַכטן וועגן איר...

ווען אונטערגעשיקטע מענטשן האָבן געפּרוּווט ריידן מיט אים, אַז מען וויל אים זען, אַז אַ יונגע פרוי וויל ריידן מיט אים, אַז זי זאָגט זי איז זיין טאַכטער, האָט ער קורץ אָפּגעענטפערט: — איך האָב נישט קיין טאַכטער און איך וויל קיינעם נישט זען און ער האָט זיך מיט זיינע פאַר־טרערטע אויגן צוריק פאַרטיפט אין תהילימל.

— ווי ער וואָלט זי דאָס אויפגעהויבן און געגלעט און אויסגעווישט אירע טרערן מיט זיינע דאַרע פינגער, ווען ער געפינט זי דאָ אַזוי ביי דער שוועל פון הכנסת אורחים ליגן אַן אָפּגעריסענע און אַ צעשלאָגענע!... אָבער ניין, דבורהלע איז רייך, זי האָט געלט פון שאַנד און זי וויל נאָך אַז אויך ער, דער אַלטער טאַטע זאָל דערפון געניסן... זי וויל און זי מיינט, אַז מיט כיבוד אב קאָן מען שוין אָפּווישן יעדע זינד... ניין, זי איז נישט מער זיין טאַכטער; זיין טאַכטער איז געשטאָרבן אויף דער שיף אַט־לאַנטאַ...

און ער דערמאָנט זיך אָן שרהלעס לויה און ער איז מקנא שרהלעס טויט וואָס האָט זי געהייליקט און געמאַכט אַלס שפּייז פאַר די פיש אין ים און הלואי וואָלט ער בעסער געווען געשטאָרבן אויף דער שיף, איי־דער צו דערלעבן אַזאַ בראָך, אַזאַ וויסטע בראָך...

***

אומזיסט איז געווען דבורהלעס נאָכגיביקייט צו קיווען, זי האָט איר טאַטן נישט געקאָנט זען און זי האָט אים שוין קיינמאָל נישט געזען.

אין פּויליש־יידישן פאַרבאַנד האָט אברהם פרידמאַן צונויפגעמאַכט עטלעכע צענדליגג פּעזעס, מען האָט שוין געהאַלטן ביי איינהאַנדלען אַ שיפסקאַרט פאַר דעם באַטריבטן אַלטן סופר, אָבער דער סופר איז דער־וויייל קראַנק געוואָרן און נאָך אָפּליגן צוויי וואָכן אין יידישן שפּיטאָל, האָט ער צוגעמאַכט זיינע אויגן אויף אייביק און מיט זיין טויט, האָט אויך דבורהלע אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַלס דבורהלע; זי איז געוואָרן אַ שטיקל סחורה וואָס האָט שנעל אָפּגעבליאַקעוועט און מען האָט עס ווי אַן אומנוצלעכע שמאַטע אַרויסגעוואָרפן אין גאַס...

— :: —

# מ״ך

## גרינגע מוזן פּאַקן און מאָזלען

שווער און איבער אַ סך שטרויכל-שטיינער זיינען געווען די ערשטע טריט פון די אימיגראַנטן בכלל און פון די יידישע אימיגראַנטן בפרט.

דער צופלוס פון נייע אימיגראַנטן האָט כסדר אָנגעהאַלטן און פּונקט ווי די „אַטלאַנטאַ״ אימיגראַנטן האָבן געמאַכט פאַר אוים מיוחסים די פריער-אָנגעקומענע, אַזוי האָבן ניי אָנגעקומענע אימיגראַנטן געמאַכט די אַטלאַנטאַ-אימיגראַנטן פאַר אוים מיוחסים.

דער צענטראַל-קאָמיטעט פאַר הילף איז גאַנצע טעג געווען פול-געפּאַקט מיט מענטשן מיט פאַרחושכטע פּנימער. די באַאַמטנשאַפט האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן און ביי די צוויי יידישע צייטונגס-רע-דאַקציעס האָבן זיך אין די פריע פאַרטאָג-שעהן יעדן טאָג פאַרזאַמלט גרעסערע צאָלן אַרבעט-זוכנדיקע, וואָס האָבן זיך געשטויסן איינער דעם אַנדערן, ווייל יעדער האָט געוואָלט פריער צוקומען צום ברעט וואו עס איז אַרויסגעקלעפּט געוואָרן די צייטונג, אפשר וועלן זיי פריער אויפכאַפּן אַן אדרעס, וואו מען קאָן באַקומען אַרבעט.

יאָשקע דער שטאַרקער האָט זיך אַלעמאָל באַוויזן צוצושטופּן צום ברעט דער ערשטער, אָבער טעג און טעג זיינען שוין פאַרגאַנגען און ער האָט קיין פאָדערונג פון אַ שלאָסער אַרבעטער נישט געפונען, ביז עס איז ביי אים עפּעס אויסגעקומען, אַז די צייטונג איז שולדיק אין דעם, זי וויל נישט אָפּדרוקן קיין אַנאָנסן פון שלאָסעריי-וואַרשטאַטן און ער האָט אין איין פאַרטאָג דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער פויסט אויף דעם צייטונגס-ברעט, אַז עס איז זיך צעפאַלן אויף שטיקלעך...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער אין טשאַרלים רעסטאָראַן גע-הערט, אַז ביי דער באַן-סטאַציע קאָנסטיטוציאָן שטייט אַרוים אַ גרויסער שוואַרצער טאָוול וואו עס ווערט יעדן טאָג אַרויסגעשריבן מיט קרייד פאַרשידענע אַדרעסן פון אַרבעטס-פּלעצער, צו וועלכע עס ווערן געפאָ-דערט פיזיש געזונטע מענטשן.

איז וואָס אַז ער פאַרשטייט נישט קיין שפּאַניש? געזונט איז ער

דאָך, די הענט בריען ביי אים פון גלוסטונג עפּעס צו טאָן און אַן אַדרעס קאָן ער דאָך איבערלייענען, וועט ער גיין און זאָל זיין צו וואָס פאַר אַן אַרבעט עס איז, אַבי נישט דאַרפן עסן אין הכנסת אורחים דאָס בעטל-ברויט...

און ער איז אַוועק צו סטאַציע קאָנסטיטוציאָן, דאָרט האָט ער גע־טראָפן אַ סך פרעמדע פּנימער צווישן וועלכע ער האָט דערקענט אַ היפּש ביסל יידישע שיף-ברידער פון דער „אַטלאַנטאַ”, אַלע האָבן זיך געשטופּט צו דער גרויסער שוואַרצער טאָוול וואָס איז געווען געדיכט באַשריבן מיט ווייסן קרייד און גאַנץ אויבן איז געווען אויפגעשריבן און אונטער־געשטראָכן דאָס וואָרט „פריגאָריפיקאָ”.

פלוצלינג האָט זיך געיאָוועט אַ מענטש נעבן דער טאָוול, ער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ קעסטל און עפּעס אָנגעהויבןריידן אויף שפּאַניש. צווישן די פאַרזאַמלטע אַרבעט-זוכער איז געוואָרן אַ געמורמל און יאַשקע האָט געפרעגט ביי אַ שיף-ברודער וואָס ער דאַרשנט דאָס דאָרטן, אָבער דער שיף-ברודער האָט נישט מער פאַרשטאַנען פון אים, נאָר פון דעם געמורמל פון די ארומשטייענדיקע, האָט זיך יאַשקע דער־וואוסט, אַז דער מענטש איז אַ פאַרטרעטער פון דעם פריגאָריפיקאָ. ער זאָגט, אַז מען דאַרף האָבן געזונטע אַרבעטסזאַמע מענטשן און ווער עס וויל, זאָל זיך אויסשטעלן אין דער רייע אויף לינקס, וועט ער זיי מיט־נעמען מיט זיך אויף דער באַן אין דעם שטעטל בעריסאָ, נעבן לאַ-פּלאַ־טאַ, און דאָרט וועט מען זיי עקזאַמינירן.

די רייע אויף לינקס איז געוואקסן און געוואָרן לענגער און לענגער און יאַשקען איז שוין אויסגעקומען אַ זייער ווייטער פּלאַץ אין דער לאַנ־גער ריי און ער איז שוין געווען זיכער, אַז ביז עס וועט אָנקומען צו אים, וועט שוין לאַנג זיין גענוג און מען וועט מער נישט דאַרפן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז דער זעלבער מענטש וואָס האָט פריער געדאַרשנט און געזאָגט אַז ד אָ ר ט וועט מען די מענטשן עקזאַ־מינירן, אַז ער האָט דערווייל אָנגעהויבן עקזאַמינירן דאָ, אויפן פּלאַץ. ער האָט באַטראַכט די מענטשן אין דער ריי איינעם נאָכן אַנדערן, גע־טאַפּט די מוסקולן און כמעט יעדן צווייטן האָט ער אַרויסגעשטופּט פון דער ריי, זאָגנדיק אויף שפּאַניש אַז ער וועט זיכער נישט אָנגענומען ווערן און אַ טאַפּ-טוענדיק יאַשקעס מוסקולן, האָט דער מענטש אַ שמייכל געטאָן און אים געלאָזן אין ריי.

יאַשקע איז איבערגעקומען דעם ערשטן עקזאַמען און אויך אין בע־ריסאָ — דעם צווייטן און אַט אַרבעט ער שוין אין פריגאָריפיקאָ, דער אויבערשטער טייל קערפּער נאַקעט און דער אונטערשטער — מיט אַ

זאַק אַרומגעבונדן אויפֿן נאַקעטן לייב און אויפֿזועער, אָדער ווי מען רופֿט זיי דאָ — קאַפּאַטאַסן, קוקן און באַוואונדערן ווי לייכט דער יאַשקע גיט דאָס אַזאַ הויב אַרויף אַ פּאַס מיט פֿאַרשידענע פֿליישן וואָס וועגט אַרי־בער הונדערט קילאָ...

*
**

בערקע דער פֿאַרמאַן מיט זיין זון הענעך, האָבן אויך געזוכט אַרבעט. קיין פֿאַך האָבן זיי נישט געהאַט און וועגן דעם וואָס מען האָט געזאָגט, אַז ביי „קאָסעטעשע"־אַרבעט קאָן מען אין די ווייטע קאָלאָניעס גוט פֿאַר־דינען, האָט אָבער נאָך געפֿעלט אַ סך חדשים ביז צום נייעם שניט און שטאָלץ ווי זיי זיינען געווען מיט זייער געזונטער אַרבעט־קראַפֿט, האָט זיך זייער מוט פֿון טאָג צו טאָג גענומען מער איינברעכן.

נאָך צוויי וואָכן אַרומבלאָנקען און זוכן אַרבעט, זיינען זיי אָנגעקו־מען אין דער ביר־ברויעריי „קילמעס", וואו מען האָט זיי אַוועקגעשטעלט נעבן אַ לאַנגער באַוועגלעכער באַנק מיט טרעפּלעך, אויף וועלכע עס זיי־נען געשטאַנען פֿלעשער אָנגעפֿילטע מיט פֿרישן ביר. די „באַנק" איז געווען אַן אויטאָמאַטיש־באַוועגלעכע וואָס האָט כסדר צוגעבראַכט נייע פֿלעשער ביר, וועלכע האָבן באַדאַרפֿט פֿלינק אויפֿגעכאַפּט ווערן כדי זיי צו דערלאַנגען אונטער אַ שטאַנץ מאַשין וואָס האָט זיי פֿאַרקאָרקעוועט.

די געזונטע טרעגער, טאַטע און זון, האָבן געקאָנט הויבן שווערע קאַסטנס אָדער פּעק, עס האָט זיי אָבער געפֿעלט אָט אָ די פֿלינקייט אויפֿ־צוכאַפּן די לייכטע פֿלעשלעך ביר וועלכע זיינען כסדר צוגעקומען מע־רער און מערער און זיך אָנגעקלאַפּט איינס אָן אַנדערן און צעבראָכן; אַ קאַפּאַטאַס האָט אָנגעהויבן שרייען, האָבן זיך טאַטע און זון גענומען פֿלינקער באַוועגן, אָבער די נאַסע פֿלעשלעך פֿון אַרויסשוימענדיקן ביר האָבן זיך געגליטשט פֿון די הענט און אָט האָט זיך הענעך צעקאַלע־טשעט די רעכטע האַנט, בלוט האָט אָנגעהויבן פֿליסן און דערזעענדיק ווי עס שורקעט דאָס בלוט פֿון זונס האַנט, האָט בערקע ווידער אַ וואָרף געטאָן זיין היטל אויף דער ערד, שנעל אַרויסגעכאַפּט זיין טאַשן־טוך און פֿאַרבונדן הענעכן די האַנט און אויסרופֿנדיק: — קום! האָט ער הענעכן אַ רים געטאָן מיט זיך און אַוועק פֿון דער אַרבעט.

אַ וואָך שפּעטער, האָט מען שוין געזען דעם טאַטן מיטן זון אויף דעם ראָג פֿון די גאַסן אוריבורו און קאָריענטעס. זיי זיינען געשטאַנען אַזוי ווי אַמאָל אין וואַרשע נעבן אייזערנעם טויער, נאָר אָן זייער וואָגן, מיט שטריק אַרומגעבונדן אויף די לענדן, זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז טרע־גער רופֿט מען דאָ „טשאַנגאַדאָרן" און זיי האָבן געוואַרט אויף אַ „טשאַנ־גע".

אַט האָט זיך געיאָוועט אַ יונגער מענטש מיט אַ פאַרחשכט פּנים און געפרעגט צי זיי וואָלטן נישט געקאָנט אַריבערפירן זיין שמאָל אייזערן בעטל מיטן קאָלטשאָן פון זיין שטיבל אויף וויאַמאָנטע, ביז קאָנגאַזשאַ, נאָר מען זאָל ביי אים נישט פאַרלאַנגען צופיל, ווייל ער איז אַרבעטסלאָז...

קוקנדיק אויף דעם אָפּגעצערטן פאַרחשכטן פּנים פון דעם יונגן מענטשן, האָט עס בערקען אַ ברי געטאָן אונטער דעם האַרץ-לעפעלע און ער האָט אַ בורטשע געטאָן: — וויפיל איר קאָנט וועט איר באַצאָלן און ער האָט הענעכן באַפוילן ער זאָל מאַכן די „טשאַנגע".

אַ פופצן מינוט שפּעטער האָט ער געזען ווי זיין זון איז פאַרבייגעגאַנגען מיט דעם צונויפגעלייגטן בעטל צוזאַמען מיטן קאָלטשאָן אויף די פּלייצעס און ווייזט אויס, אַז ער האָט עס געמוזט אָוועקטראָגן גענוג ווייט, ווייל עס האָט געדויערט מער ווי אַ האַלבע שעה, ביז ער איז צוריקגעקומען אַ פאַרשוויצטער און געזאָגט דעם פאָטער, אַז ער האָט פאַר דער טשאַנגע באַקומען פופציק סענט...

שטייען פאָטער און זון און קוקן איינער אויפן אַנדערן, ביז בערקע גיט אַ רוף אויס: — ס'איז אַ בראָך צו דיין טאַטן! אויף דעם האָבן מיר אַזש באַדאַרפט קומען קיין בוינע?...

נאָר אָט קומט צו אַ פרוי, זי פרעגט, צי קענען זיי נישט אַריבערפירן אַ ברייט בראָנזן בעט צום בעטן-מאַכער אָט אָ דאָ נישט ווייט און דאָס מאָל גייט שוין בערקע אַליין, ווייל אַזוי האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז די לייכטערע טשאַנגעס מאַכט דער זון און די שווערערע — ער אַליין.

דעם ערשטן טאָג האָבן זיי צוזאַמען פאַרדינט דריי מיט אַ האַלבער פּעזע און דעם צווייטן — גאַנצע זעקס פּעזעס, אָבער אָט זיינען געקומען טעג, ווען עס האָבן זיך כסדר געיאָוועט אַנדערע מענטשן וואָס האָבן באַדאַרפט איבערפירן זאַכן און סחורות, אָבער זיי האָבן געזוכט אַ טרעגער וואָס האָט אַ וועגעלע און זיי האָבן נישט מער ווי די בלויזע שטאַרקע הענט מיט אַ גוטן ווילן צו אַרבעטן.

טעג זיינען געגאַנגען און זיי האָבן אַזוי ווייניק פאַרדינט, אַז ווי ביליק עס איז געווען ברויט און פלייש וואָס זיי האָבן אַליין געקויפט און אַליין געפּרעגלט די ביפן, האָבן די פאַרדינסטן נישט געקלעקט און זיי האָבן איינגעזען, אַז נאָר אַ האַנט וועגעלע קאָן זיי ראַטעווען.

האָבן זיי אויפסניי אָנגעהויבן גיין אין צענטראַל-קאָמיטעט, אין פּוילישן יידישן פאַרבאַנד און אין אַ גמילת-חסדים-קאַסע וואָס האָט זיך געפונען אויף לאַוואַזשע, זיי האָבן נישט געבעטן קיין נדבות, זיי האָבן בלויז

געבעטן אַ הלואה, זאָל מען זיי קויפן אַ האַנט-וועגעלע, זיי זאָלן קענען אַרבעטן, ווען זיי אָפּצאָלן מיט פּראָצענט.

זייער כלאָפּאָטשען וועגן דער הלואה האָט געדויערט עטלעכע וואָכן, אָבער זיי האָבן אַזאַ הלואה באַקומען. אַביסל דער צענטראַל-קאָמיטעט, אַביסל דער פאַרבאַנד און אויך דער גמילות-חסד הראשונה און טאַטע און זון האָבן שוין אַ האַנט-וועגעלע מיט וועלכן זיי האָבן געהאַט אַ סך אַרבעט, זיי האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן אויסצאָלן דאָס אויסגעבאָרגטע געלט און זיי זיינען שוין געווען פאַרזאָרגט מיט פּרנסה.

שווער זיינען געווען די ערשטע טריט פון די אימיגראַנטן, אָבער פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, האָט זיך יעדער צו עפּעס דערשלאָגן, דערשלאָגן זיך צו שווערער פּראַצע און צו זייער קליינע פאַרדינסטן, אָבער מען האָט שוין אָנגעהויבן פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט און מען האָט שוין גע־האַט צו באַצאָלן דאָס ביליקע דירה-געלט פאַר דעם הילצערנעם אויבער־שטיבל, אָדער פאַר דעם פינצטערן קעמערל אין דעם גרויסן הויף פון אַ „קאָנוועגטיזשע".



די גרופּע אינטעליגענטן און האַלב-אינטעליגענטן וואָס האָט זיך אי־בער דער גאַנצער רייזע אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" געהאַלטן צוזאַמען, איז דאָ שנעל ווי צעשאָטן געוואָרן.

מאַנכע האָט דער צענטראַל קאָמיטעט אַוועקגעשיקט אין ווייטע פּראָווינץ-שטעט און אין קאָלאָניעס אַלס לערער און מאַנכע האָבן זיך גענומען צו וואָס פאַר אַן אַרבעט עס האָט זיך געלאָזן און די מערסטע, נישט געפינענדיק קיין שום אַנדערן אָנהאַלט, האָבן זיך גענומען צום „פּעקל", געמאָסטן די ווייטע גאַסן און געסלעך און געקלאַפּט אין די טירן, אויסרופנדיק דעם איינגעלערנטן פּיזמון: — „איי קאַלטשאַס, קאַרפּעטאַס באַראַטאַ אַ פּלאַסאָ!"...

ווען איינער אַזאַ האָט זיך אַמאָל געטראָפן מיט אַ שיף-ברידער און יענער האָט אים געפרעגט צי ער טוט שוין עפּעס, האָט ער זיך טרויע־ריק געוויצלט, ענטפערנדיק, אַז ער איז געוואָרן אַן אינזשעניר; יאָ, אַן אינזשעניר, ער מעסט די גאַסן...

אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז דער „גרינער" מוז דאָ „פּאַקן און מאָזלען" ביז ער דערשלאָגט זיך צו עפּעס, נאָר צ ו לאַנג האָט ביי אַ סך פון די עלנטע אויסגעוואָרצלטע געדויערט דאָס פּאַקן און מאָזלען און אפילו ווען מען האָט זיך שוין צו עפּעס דערשלאָגן און זיך אָנגעהויבן אויסהיילן פון דעם פּיזישן „פּאַקן און מאָזלען", מען האָט שוין פאַרדינט אויפן טרוקענעם שטיקל ברויט מיט אַ באַנאַנע כדי צו קענען דערהאַלטן

אין זיך דאָס חיות, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן פילן דאָס גייסטיקע „פּאַקן און מאָזלען", וואָס האָט צומאָל נאָך מער געפּייניקט ווי פריער די דאָך־לאָזיקייט, הונגער און נויט.



בערנאַרד פיינהאַלץ האָט נאָך אַלץ גאָרנישט אויפגעטאָן. ער קען שוין גוט שפּאַניש, ער קען לייענען און שרייבן שפּאַניש, אָבער ער זוכט נאָר זיך אַריינצובאַקומען אין אַן אַפּטייק-געשעפט און דערוויסנדיק זיך, אַז די גרעסטע אַפּטייק אין בוענאָס-איירעס, איז די „פּראַנקאָ אינגלעז", האָט ער זיך אָנגעהויבן באַמיען דאָרט אַריינצוקומען און ערשט אויף דער זעקסטער וואָך נאָך זיין אָנקומען אין לאַנד, האָט ער דאָרט באַקומען אַ פּלאַץ אַלס פּעאָן אין די מאַגאַזינען, פאַר פערציק פּעזעס אַ חודש.

אָבער ער איז געווען צופרידן. די ריחות פון די מעדיצינען און פון די פאַרשידענע קאָסמעטישע אַרטיקלען וואָס האָבן אויסגעפילט דעם גרויסן מאַגאַזין, האָבן אָנגענעם געקיצלט זיין נאָז, ווייל ער האָט זיך געפילט, אַז ער געפינט זיך אויף דעם געביט, אויף וועלכן ער וויל זיין טעטיק און מעג דער אָנהויב זיין אַ נישטיקער, זאָל זיין אַלס פּעאָן, אַבי ער איז דאָ, וועט ער שוין זוכן זיך צו מאַכן אַזוי נוצלעך, אַז ער זאָל נישט דאַרפן בלייבן קיין פּשוטער טאָג לוינער.

ער האָט שוין באַקומען עטלעכע בריוו פון זיין שיפברודער און חבר דוד פעלצמאַן און איין בריוו איז טרויעריקער פון צווייטן. פעלצמאַן באַ־ווייזט זיין לעבן דאָרט אין דעם העק־שטעטל צווישן דאָמינגעז און קלאַ־רא, וואָס כאָטש ער פאַרדינט דאָרט גענוג אויף זיין אויסקומעניש, קאָן ער אָבער דערווייל גאָרנישט טאָן פאַר זיין גיטעלען און ער פילט, אַז זיין האַרץ וועט אין אים פּלאַצן פון ווייטיק און בענקשאַפט.

אויך גיטעלע האָט שוין פון אים באַקומען עטלעכע טרויעריקע בריוו.

זי איז נאָך אַלץ געזעסן אין דער פינצטערער דירה ביי איר חברטע פאַני בוקסבוים, וואו זי דאַרף זיך אַ גאַנצן טאָג ניאַנטשען מיט איר חבר־טעס קינד און ביינאַכט דאַרף זי זיך אויסבעטן אויפן שטיינערנעם פאָל אַ געלעגערל אויף שמאַטעס, כדי צו קענען איבערשלאָפן די נאַכט.

אויף דריי בריוו האָט זי דאָווידן באַלד געענטפערט. זי האָט אים גע־טרייסט און געמוטיקט און געוואָרנט, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן די גע־דולד, ער זאָל גובר זיין די בענקשאַפט און זיין אויסגעהאַלטן, וועט אַלעס זיין גוט. אָבער ווען זי האָט זיך געגרייט שרייבן צו אים דעם פערטן בריוו, דאָס איז געווען נאָך אַ ביטערן טאָג וואָס זי האָט געהאַט ביי איר חברטע, איז פּלוצלינג, זי ווייס אפילו נישט ווי אַזוי, אויסגעוואַקסן נעבן

איר בריוו-פּאַפּיר, די וויזיט-קאַרטע פון דעם עלעגאַנטן פראַנצויז פראַנ־
סוא און אנשטאט אַ בריוו צו פעלצמאַנען, האָט זי גאָר אָנגעשריבן אַ
לאַנגן בריוו צום פראַנצויז, שילדערנדיק פאַר אים אירע ליידן און פּיין
אין דעם פרעמדן לאַנד און דעם בריוו האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ ביטע,
אַז אויב ער האָט עפּעס אַן עצה פאַר איר, ווי אַזוי זי זאָל זיך קענען
אַרויסרייסן פון דעם יאָמער-טאָל אין וועלכן זי איז אַריינגעפאַלן, וואָלט
זי אים געווען זייער דאַנקבאַר.

דעם בריוו האָט זי אים געשריבן אין דייטש.

***

שמחה פלעכטמאַן וועלכער איז שוין אַמאָל געהאַט געווען אין בוע־
נאָס-איירעס, האָט געזוכט אַרבעט אַלס הויזן-שטעפער, אַזוי ווי ביים
ערשטן מאָל דאָ זיין; אָבער פונקט האָבן זיך אַזעלכע אַרבעטער נישט
געפאָדערט, ווייל אַ סך גרינע האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט די
אַרבעט, וואָס איז מער פיזישע אַרבעט, צי קענען הויבן דאָס שווערע
פרעס-אייזן, ווי אַ פאַך, און ווען פלעכטמאַן האָט שוין געהאַט באַקומען
אַ צוזאָג פון אַ קאָנפעקציאָניסט אַז ער וועט קענען ביי אים אַרבעטן,
האָט זיך פלוצלינג געיאַוועט אַ מענטש וואָס האָט זיך צופעליק מיט אים
באַגעגנט אין גאַס און דער מענטש איז געווען אַזוי פריינטלעך צו אים
— און אים אַוועקגעפירט אין אַ ריזן געשעפט אין צענטר שטאָט, אויף
דער גאַס סעריטאָ און אים דאָרט פאַרגעשטעלט פאַר דעם יידישן באַ־
לעבאָס, וואָס כאָטש ער האָט אַזאַ גרויס געשעפט מיט זיידנס און מיט די
טייערסטע פּאַיאַנסן, רעדט ער פשוט מאַמע-לשון און ער איז געווען
גליקלעך, ווען דער רייכער סוחר האָט אים אָן לאַנגע טענות ומענות
אַריינגענומען אַלס אָנגעשטעלטן מיטן פּרייז פון הונדערט פּעזעס אַ חודש
ביים אָנהויב, און ווען ער וועט זיך איינאַרבעטן, וועט ער דאָ קענען ביי
אים וואַקסן און וואַקסן.

עס האָט זיך די חברה-לייט, די הענדלער מיט שאַנד, איינגעגעבן
פלעכטמאַנען צו „פאַרסטראַכירן” ביי סעמקען אין געשעפט און די נעץ
אויף צו פאַנגען די שיינע מלכהלע, איז געווען אויסגעשפּרייט.

***

מיט דער עגונה חנה שטיינמאַן האָט עס געהאַלטן גוט.

זי האָט געהאַט אָפיציעל-באַשטעטיקטע חתונה-פּאַפּירן מיט ווילין.
ווילי אַליין האָט ממש אויפגעצאַפּלט פון פרייד ווען ער האָט דערזען זיין
חנהלע אַזאַ שיינע, אַזאַ אויסגעפּוצטע און ער האָט זיך אין איר נאָכאַמאָל
פאַרליבט און עס איז דעם עזרת-נשים נישט שווער אָנגעקומען צו

איבערצייגן דעם מעבל-סוחר, ווילים נייעם שווער און די צוויי וואויל-
יונגערישע שוואָגערס זיינע, אַז דאָ קאָן זיך ענדיקן מיט תפיסה און עס
איז בעסער צו לאָזן ווילן גיין צו זיין געזעצלעך ווייב און מאַכן אַ שווייג
שאַ שטיל...

זיי האָבן ווילין פּשוט ארויסגעוואָרפן פון געשעפט אין דעם ביליקן
אנצוגל, וואָס ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט און כאַטש אָן געלט און
אָן אַ מלבוש, איז ער געוועזן גליקלעך וואָס ער האָט געפּאַטערט זיין
מרשעת מיט די שוואָגערס, די באַנדיטן און ער האָט זיך באַלד גענומען
אויפסנייי האַנדלען מיט טישלעך אין גאַס און אַ קורצע צייט שפּעטער,
האָט ער שוין געוואוינט אין אַן אָרים-איינגעאָרדנטער דירה צוזאַמען
מיט זיין ווייב, מיט זיין חנהלע.

אַנדערש איז עס אָבער געווען מיט ברכה גאָלדבערג.

זייט דעמלט ווען מען האָט זי אָפּגעמונטערט און ארויסגעפירט פון
לעאָנס „קאַמבאַלאַטש", האָט זי נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. לעאָן
איז געקומען אין עזרת-נשים, ער האָט איבערגעלאָזן צוויי הונדערט פּע-
זעס אַלס „שטיצע" פאַר דער עלנטער פרוי, ער האָט אַפילו צוגעזאָגט,
אַז ער וועט ברכהן געבן אַ גט, אָבער עס איז נישט געווען מער מיט ווע-
מען צו ריידן. וויפל מען האָט זי נישט געטרייסלט, אַריינגערעדט אין
איר, געפּרואווט זי טרייסטן, די אומגליקלעכע פרוי האָט געשוויגן, גלייך
ווי זי וואָלט שוין מיט אָט אַ די אַלע מענטשן אָפּגעשלאָסן אירע חשבו-
נות און זי זעט זיי נישט מער און הערט זיך נישט צו צו זיי.

דער עזרת-נשים האָט זי איינגעדונגען ביי אַן אָרימער פאַמיליע אויף
לאַוואַזשע, אַ בעט מיט פענסיאָן פאַר זיבעציק פעזעס אַ חודש; די ער-
שטע טעג האָט זי געגעסן און געלייגט זיך אין בעט אַריין, אָבער שפּע-
טער צו, האָט זי שוין נישט געוואָלט אויפשטיין פון בעט, האָט מען איר
דערלאַנגט דעם טעלער זופּ אין בעט אַריין. אָבער נאָך צוויי וואָכן האָט
זי אויפגעהערט עסן, מען האָט זי געמוזט קאָרמען און די פרוי ביי ווע-
מען זי האָט געוואוינט, איז געקומען אין עזרת נשים און געבעטן אַז מען
זאָל די פרוי אַרויסנעמען ,זי האָט מורא, אַז די אומגליקלעכע גייסטיק-
קראַנקע פרוי זאָל נישט אויסגיין פון הונגער ביי איר אין שטוב.

גאָנאָפּאָל, דער פאַרוואַלטער פון עזרת נשים, האָט מיט ברכה גאָלד-
בערג געהאַט אַ סך אַרבעט. ער האָט זי געפירט צו אַ דאָקטאָר, דער
דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז לויט די סימפּטאָמען, זעט ער, אַז זי איז
אַריינגעפאַלן אין אַן אומהיילבאַרער מעלאַנכאָליע און נאָך אַ באַראַטונג
פון דער גאַנצער פאַרוואַלטונג פון עזרת נשים, איז געבליבן, אַז מען מוז
די עגונה אינטערנירן אין אַ הייל-אַנשטאַלט פאַר גייסטיק-קראַנקע.

גאָנאָפּאָל האָט נאָך געפּרואווט ריידן מיט לעאָנען, אפשר וועט ער זיך לאָזן קאָסטן אַז זיין קרבן זאָל קענען אינטערנירט ווערן אין אַ סאַנאַטאָריע, אָבער די רייד זיינען געווען אומזיסטע, און אויף דער זעקסטער וואָך נאָך איר אָנקומען קיין בוענאָס־איירעס, איז זי אינטערנירט געוואָרן אין דעם גרויסן שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע, אויף דער גאַס וויעיטעס, וואו קיינער האָט זי מער קיינמאָל נישט באַזוכט און קיינער האָט מער קיינמאָל נישט געפרעגט אויף איר און קיינער האָט זיך מער קיינמאָל נישט אינטערעסירט וואָס מיט דער אומגליקלעכער פרוי איז געוואָרן.

אויך ברוך שטיינבערג איז נישט לאַנג געבליבן אויף קעסט ביי אברהם פרידמאַן.

צוויי וואָכן האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי די גוטע מענטשן. די באַדינגונגען זיינען געווען שווערע. ברוך האָט גוט געזען, אַז די באַלעבאָסטע האָט אַ צוגעציילטן סענט ביים גיין איינקויפן דאָס ביסל עסן, ער האָט גוט געזען, ווי פּערל פאַרגרייט קודם אַ שטיקל עוף פאַר איר נישט זייער געזונטן איינציקן זון, פאַר איר יאַנקלען וואָס שטודירט אויף דאָקטאָר און ווי זי מוז זיך אויסרעכענען מיט שפּאָרזאַמקייט אויף צו גרייטן אַ מיטיק און אים איז געוואָרן זייער אומבאַקוועם אַזוי צו זיצן און גאָרנישט טאָן. אברהם פרידמאַן האָט אים אַפילו געפרואווט געבן אַרבעט ביי די היטלען, אָבער ער האָט דערצו בשום אופן נישט געטויגט און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אין אַ ווייטער יידישער קאָלאָניע פאָדערט זיך אַ לערער, האָט ברוך באַשלאָסן צו פאָרן.

ברוך איז נישט געווען זיכער צי ער וועט קענען זיין אַ לערער; אָבער ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט בלייבן מער צו לאַסט אויף די וואויל מענטשן און ער האָט באַשלאָסן צו פּרואוון זיין מזל ביי וואָס עס איז, אַבי צו ווערן זעלבסטשטענדיק.

אין משך פון די צוויי וואָכן, האָט פּערל פרידמאַן נישט איינמאָל אַ טראַכט געטאָן, אַז עס וואָלט כדאי געווען צו גיין אַ קוק טאָן צום קינד אין דעם קינדער־שפּיטאָל, אָבער אברהם פרידמאַן האָט זי געבעטן אַז זי זאָל בעסער נישט ריידן דערפון; אויב דער אומגליקלעכער טאַטע אַליין פאָדערט עס נישט, דאַרף מען אים נישט דערמאַנען אָן זיין אומגליק.

ברוך האָט עס נישט געפאָדערט. דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן ביי אַזעלכע שווידערלעכע באַדינגונגען און עס האָט אים באַלד מיט דער געבורט געבראַכט אַזויפיל פאַרצווייפלונג און פּיין, אַז ער האָט באַלד, ווען ער האָט עס צום ערשטן מאָל געזען פאַרוויקלט אין די וואַטן, געפילט, ווי דאָס קינד וואָלט מיט דעם קומען אויף דער וועלט רואינירט

זיין לעבן. מאָמענטנווייז האָט ער אַפילו געפּרואווט ווייך מאַכן זיין גע־פיל צו דעם קינד וואָס טראָגט דעם נאָמען פון זיין הייסגעליבטער שרה־לע און וואָס דאַרף פאַרזעצן איר יונג פאַרשניטן לעבן, אָבער באַלד האָט זיך אים עפּעס אַנגעהויבן מישן אין קאָפּ, עס האָט אין זיין מוח אויפגע־לויכטן דאָס בילד אין דעם קאַבין אויף דער שיף „אַטלאַנטאַ" וואו זיין שרהלע איז אָפּגעשטאָרבן און ער האָט אין דעם קינד געזען דעם מלאך־המות פון זיין גליק.

און אגב, וואָס וועט ער גיין זען? קאָן ער דאָס קינד אַרויסנעמען פון שפּיטאָל און האַלטן עם מיט זיך? ער איז דאָך דערווייל אַליין אָנגעוויזן אויף בעטל־ברויט ביי דער אויסגעצייכנטער, אָבער אָרימער פאַמיליע און צו וואָס גיין גלאַט אַזוי, כדי צו זען די אייגענע מאַכטלאָזיקייט און צו פאַרטיפן זיך דעם ווייטיק?...

דאָס זעלבע האָט אויך געטראַכט אברהם פרידמאַן.

יעדע וואָך קומען נייע הונדערטער יידישע אימיגראַנטן, דער צענ־טראַל־קאָמיטעט און דער פויליש־יידישער פאַרבאַנד האָבן יעדן טאָג פאַר זיך נייע פּראָבלעמען, דער אַפּאַראַט אויף צו קענען העלפן איז צו קליין פאַר די גרויסע און כסדר וואַקסנדיקע נויטווענדיקייטן, איז וואָס וועט מען גיין גלאַט קוקן אויפן קינד ווי אויף אַ קוריאָז, אַ בייז־וואונדער, אַז העלפן קאָן מען דאָ מיט גאָרנישט און אַבי דער פאָטער אַליין פאָ־דערט עם נישט, איז בעסער צו שווייגן.

און אַזוי, איז ברוך אויף דער דריטער וואָך נאָך זיין אָנקומען אין לאַנד, אַוועק פון אברהם פרידמאַנס הויז. פרידמאַנס אייניציקער זון, יאַנקל, דער צוקונפטיקער דאָקטאָר מעדיצין, האָט אים באַגלייט צו דער באַן און ברוך איז אַוועק אין דער ווייטער יידישער קאָלאָניע לערנען מיט קינדער פון קאָלאָניסטן לייענען און שרייבן יידיש.

***

אַמבעסטן פון אַלע אויסגערעכנטע „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן, איז עס דערגאַנגען מיט דער יונגסטער פון אַלע, מיט דער בירגערן פון דער שיף „אַטלאַנטאַ", שרה שטיינבערג.

אַמען און געניטע קראַנקנשוועסטער האָבן געוואַכט איבער דעם לעבן און געזונט פון דעם עופהלע; גרויסע קינדער־דאָקטוירים האָבן נישט דורכגעלאָזן קיין טאָג, נישט צו דיאַגנאָסטירן דעם צושטאַנד פון קינד און נאָך צוויי וואָכן אין דעם „האָספּיטאַל דע ניניאָס" האָט שוין די קליינע שרהלע צובאַקומען אַזויפיל וואָג, אַז מען האָט מער נישט דער־קענט אַז דאָס איז אַ פרי זיבעלע.

יאָ, פון אַלע „אַטלאַנטאַ"־אימיגראַנטן, איז דאָס קליינע ברעקעלע אימיגראַנטקע נאָך איר אָנקומען אין בוענאָס־איירעס — געוועזן די גליקלעכסטע. די געטרייעסטע מאַמעס וואָלטן זיך נישט געקאָנט ווינטשן קיין בעסערע פלעגע און אָפּהיטונג פון זייערע קינדער, ווי דאָס פּיטשענאָנטשע יתומהלע איז געפלעגט און אָפּגעהיטן געוואָרן אין דעם בוענאָס־איירעסער שטאָטישן קינדער־שפּיטאָל, ווי עס האָט כסדר צוגענרמען וואָג און געוואָרן געזונטער און שענער און גוטהאַרציקע פרויען פון דער הויכער געזעלשאַפט, וואָס האָבן גאַנץ אָפט באַזוכט דעם קינדער־שפּיטאָל, האָבן זיך אָפּגעשטעלט און לאַנג געקוקט אויף דעם פּרעכטיק שיינעם קינד, וואָס קיינער איז נישט געקומען פרעגן דערויף און קיינער ווייס נישט צי האָט דאָס קינד דאָ עמיצן אויף דער גרויסער וועלט...

איינע פון די אַריסטאָקראַטישע דאַמען האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ פיל שטאַרקערן אינטערעס צו דעם ברעקל קינד און איינמאָל, נאָכדעם ווי זי איז געהאַט אָפּגעשטאַנען אַ לאַנגע צייט נעבן דעם קינדס בעטל, האָט די דאַמע אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביים דירעקטאָר פון קינדער־שפּיטאָל און געהאַט מיט אים אַ לענגערן שמועס. עטלעכע טעג שפּעטער איז די זעלבע דאַמע געקומען צוזאַמען מיט איר מאַן, לאַנג זיינען זיי געשטאַנען נעבן דעם קינדס בעטל און די דאַמע האָט אַרויסגעוויזן אַ סך צערטלעכקייטן צום קינד, איבערגעלייגט עס און אָנגעטאָן נייע זיידענע וועש און שפּעטער האָט זי צוזאַמען מיט איר מאַן ווידער באַזוכט דעם דירעקטאָר און נאָכאַמאָל אים דערקלערט איר גרייטקייט דאָס שיינע קינד צו אַדאָפּטירן.

קענטיק, אַז די דאַמע האָט געמוזט זיין פון דער גאָר הויכער געזעלשאַפט, ווייל דער דירעקטאָר האָט איר צוגעטיילט אַ סך כבוד און אויסגעהערט זי מיט דעם גרעסטן רעספּעקט, אָבער, ער האָט איר דערקלערט, אַז דאָס קינד איז געקומען מיט אַ פאָטער, און אויב דער פאָטער וועט זיך נישט אָפּרופן, וועט מען זען וואָס צו טאָן.

דער פאָטער האָט זיך נישט אָפּגערופן. עס איז דערשינען אין עפּעס אַן אָפיציעלער אויסגאַבע אַ מעלדונג פון שפּיטאָל, קיינער האָט זיך אויף איר נישט אָפּגערופן און נאָך דעם דורכפירן פון אַ רייע פאָרמאַליטעטן, איז דאָס קינד שרהלע שטיינבערג אַדאָפּטירט געוואָרן פון דעם אַריסטאָקראַטישן פּאָרל און מען האָט דאָס פּיטשעניונטשקע יתומהלע אַריבערגעפירט פון שפּיטאָל צו די נייע טאַטע־מאַמע אין זייער רייכן פּאַלאַץ...

סוף פון צווייטן טייל

# VAPOR ATLANTA

(SCHIF ATLANTA)

*Novela*

DE LA VIDA JUDIA EN LA ARGENTINA

EN DOS TOMOS

POR

**NECHEMIAS ZUCKER**

Editado por un
Comité Amigos del Autor

BUENOS AIRES
1952